י. ל. פּרץ

# געשיכטן און סצענעס

1925

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# פון פארלאג

דער דאָזיקער 15־טער באַנד, — ווי דער פאָריקער 14־טער, — בעמט אַרום די דערציילונגען, מעשהלעך, פאָלקסטימלעכע געשיכטן, סצענעס און איינאַקטער פון י. ל. פרץ, וועלכע זיינען ניט אַריין אין אונזער 12־בענדיקער פרץ־אויסגאַבע.

אויסער די ווערק, וואָס זיינען גענומען פון דער אַמעריקאַ־נער אויסגאַבע פון אַלע פרצעס ווערק (ניו־יאָרק 1920), קומען אַריין אין דעם דאָזיקן באַנד פרץ־שאַפונגען, באַאַרבעט און אויס־געבעסערט דורך פרצן גופא און אויך זאַכן, וואָס זיינען ביז איצט אין אַ בוך־פאַרם נאָך ניט געווען:

פון „ר׳ שלמהס מעשהלעך״ זיינען אין „אַלט און ניי״ (באַנד IX פון אונזער אויסגאַבע) געדרוקט געווען די 3 מעשהלעך „דער פירפאַרביקער לאַמטערן״, „די היטערין פון היי־ליקן פייער״ און „דער בילדהויער״. די איבעריקע מעשהלעך ווערן דאָ צוגעגעבן. דער „ברילִיאַנט״ איז אַ וואַריאַנט, אַ פולע־רער, פון דעם „קאַלאָניסט״ („אַלט און ניי״ ז. 117).

„זינדיק בלוט״ און „נעילה אין גיהינום״ ווערן געדרוקט פון „יודישע וועלט״ מיט די פאַרשיידענע אויסבעסערונגען פון פרצן גופא

„אויך אַ קרבן״ איז פאַרגלייכט מיט פרצעס מאַנוסקריפט און פאַרריכט אין אייניקע ערטער.

„כבוד אב״ (אַ מעשהלע פון יוחנן מלמד) גענומען פון טאָג־בלאַט „לעבען״ (געוועז. „פריינד״).

„אַ פראַגע״ (אַ קינדער־מעשה) געווען געדרוקט אין די „גרי־נינקע בוימעלעך״.

דער פראַגמענט „חזיאל און אוריאל״ איז גענומען פון פרצעס ליטעראַרישער ירושה. ער איז געשריבן מיט בליישטיפט

מיט פּרצעס אייגענער האַנט, וואַרשיינליך אין דעם לעצטן יאָר פון זיין לעבן. דער פראַגמענט איז דורך אונז געדרוקט געוועז אין די „ליטעראַרישע בלעטער" 50—49 № אין פּרץ-נומער.

דער 16-טער באַנד „ליטעראַטור און לעבן", וואָס נעמט אַרום פּרצעס פּובליציסטישע אַרטיקלען, ליטעראַרישע אָפּהאַנד-לונגען און טעאַטער רעצענזיעס, וועט בקרוב ערשיינען.

די וואָס האָבן צו מאַכן אָנווייזונגען, באַמערקונגען און אויסבעסערונגען צו דער פּרץ-אויסגאַבע, ווערן געבעטן צושיקן עס אויפן אַדרעס פון פאַרלאַג.

---

# אינהאלט פון 15=טן באנד.

זייט

# דער פאַרשאָלטענער ברונען

אין שטעטל, אין סאַמע מיטן מאַרק שטייט אַ ברונען, און דאָך נוצן יחידי־סגולה טייך-וואַסער, וואָס מען פירט פון אַ האַלבע מייל פון הינטער דער שטאָט!

דאָס טייך-וואַסער איז פון סאַמע „וואָדאָפּאָי" — בלאָטיק, מיט אַ שלעכטן ריח, און דאָס ברונען-וואַסער איז דוקא ריין ווי גאָלד!

איך וואונדערט אודאי, פאַרוואָס מען טרינקט שלעכט טייך-וואַסער, אַז מען קאָן האָבן גוט ברונען-וואַסער? וועל איך אייך איבערדערציילן וואָרט ביי וואָרט די מעשה פון דעם ברונען, וואָס איך האָב פון ר' אליעזרס, דעם שמשס אייגן מויל געהערט.

און דערציילט די מעשה האָט ער מיט שרעק און שטאָלץ צוזאַמען. די מעשה איז טאַקע שרעקלעך, און דאָך איז ער שטאָלץ דערויף, אויף זיין שטעטל, אין וועלכן אַזוינע מעשיות טרעפן זיך!

— פאָרט אויס — זאָגט ער — אַ האַלבע וועלט, וועט איר אַזאַ מעשה נישט הערן!

---

— אָנגעהויבן האָט עס זיך אין יאָר...

נאָר דאָס יאָר האָט ער פאַרגעסן, און איר מוזט אייך באַגיין אָנ'ם יאָר.

געוועזן איז דעמאָלט סליחות-צייט.

נו, אַ שטאָט איז אַ שטאָט, ס'איז דאָ פיינע יונגעלייט,

פיינע בחורים; עס איז דאָ, ווי דער שטייגער איז, לאָבוסעס אויך.....

גייענדיק צו סליחות, פינסטער איז נאָך, דאַרף מען דאָך אַביסל שטיפן, שטיפט מען מיטן בכור, און אַ בכור האָבן מיר דעמאָלט געהאַט אַ זעלטענעם, ממש אַ גבור! מיט איין שפרונג פלעגט ער איבערקערן קינד און קייט אין גאַס.

אַז מען שטיפט מיטן בכור, הויבט מען אים אָן צו יאָגן, נאָכוואַרפן שטיינער.

דער בכור שטעלט זיך אַ קעגן; חברה איז אָבער גרויס, מאַכט דער בכור פליטה.

יאָגט מען אים נאָך: מיט שטיינער, מיט שטעקנס, און דער בכור פליט פייל פון בויגן אַהער און אַהין, אַהער און אַהין...

פונקט דאַרף זיך טרעפן, אַז דעמאָלט איז דער ברונען קאַליע געווען.

נאָך אַ צייט פריער, האָט דער וואָיט געמאַכט אַן אָנשלאָג, צונויפגעקלאַפט די מטבע, און דערווייל צענומען די צעמברינע; שטייט דער ברונען אָפן.

דער ברונען שטייט אָפן, און גאָט העלפט, דער בכור פאַלט אין דעם אָפענעם ברונען אַריין.

חברה האָט נישט געוואוסט, וואו דער בכור איז אַהינגעקומען; זענען זיי זיך צולאָפן יעדערער זיין וועגס.

מען שטייט אין בית־המדרש ביי סליחות, אונזער ר' יונהלע צעלאָזט זיך ביי אַ תפלה, און דאָ הערט זיך פלוצלונג פון אַ גאַס אַ געשריי, אַ יללה, אַז גאָט זאָל שומר ומציל זיין!

וואָס טראַכט מען?

אַ יידענע גייט, לא עליכם, שווער צו קינד. אָדער, חס ושלום, אַן אַנדער צרה...

מען כאַפט געשווינד אָפ די סליחות, מען לויפט אַרויס, מען הערט זיך איין, — אַז דער קול גייט פון דעם ברונען.

וואָלט די ווייסע חברה אויסגעזאָגט, אַז זיי האָבן געשטיפט מיטן בכור, וואָלט מען זיך אפשר געשטויסן, אַז

דאָס ליגט ער אין ברונען; האָבן זיי דאָך אָבער מורא פאַר טאַטע-מאַמע, שווייגן זיי, און אונז האָט גאָר אַנדערש נישט געקאָנט איינפאַלן, נאָר אַ שד אָדער אַ לץ...

צי זענען מיר אַזוי דערשראָקן געוועזן, צי האָט באמת דער בכור אַזאַ קול געהאַט, גענוג, מיר זענען זיכער, אַז דאָס איז אַ קול פון אַ מענטש.

און, ווייל עס האָט קיינער אין שטעטל נישט געפעלט, פון דער פרעמד איז קיינער נישט געקומען, איז עס אַ ניט-גוטער; שטייט מען, און די הויט ציטערט, און די ציין קלאַפּן ווי אין אַ קדחת, רחמנא לצלן...

פון גרויס גערודער, האָט זיך אויפגעכאַפּט דער סטאַרשי סטראַזשניק און נאָך עטלעכע גוים, און זענען אויך אַרויס-געקומען; שטייען זיי אויך און גאַפּן. אין עשון שטעקט אָבער פאָרט אַ גבורה, לויפן זיי צום וואָיט, ברענגען עמער און שטריק (מען זאָל זיי נישט אַוועקגנבענען, פלעגט מען זיי איבערנאַכט האַלטן אין גמינע)... מען ברענגט, מען לאָזט אַראָפּ און מען שלעפּט אַרויס אַ טויטן בכור!

אוי, דער בכור, נעבעך, האָט אויסגעזען!... צע-בראָכענע הערנער. צעבראָכענע פיס, אין די זייטן לעכער, אוי!

און ר׳ אליעזר פאַרשטעלט זיך דעם פנים מיט די הענט, ער זאָל דאָס שרעקלעכע בילד, וואָס שטעלט זיך אים פאַר די אויגן, נישט זען...

— און פון דעמאָלט אָן טרינקט איר נישט קיין ברונען-וואַסער? — פרעג איך.

— פאַר אַזוינע באַראָנים האַלט איר אונז? — מאַכט ער מיט אַ פאָרוואורף — הערט ווייטער!

---

אמת איז, אַז שוין דעמאָלט האָבן טייל איידעלערע מענטשן אויפגעהערט צו נוצן ברונען-וואַסער.

מענטשן האָבן עדות געזאָגט, אַז ווען זיי גייען דורך ביינאַכט, הערן זיי אַ קול פון אַ גוסס פון דעם ברונען אַרויס. אַנדערע האָבן געשוואוירן מיט כל־השבועות, אַז ווען זיי

קוקן אין ברונען אריין, זעען זיי רויטע פינטעלעך, און עס איז אוודאי בלוט...

דעם אמת זאָגנדיק, האָט דאָך דער בכור געהאַט געלעכערטע זייטן; גאַנצע שטיקער פלייש האָבן דאָך ווירקלעך געפעלט!

און דאָ, אַז מען האָט געבעטן דעם וואָיט, ער זאָל דעם ברונען אויסרייניקן, האָט ער געזאָגט, אַז אויף דעם איז קיין אָנשלאָג נישטאָ...

פונדעסטוועגן וואָלט מען זיך מיט דער צייט צוגעוואוינט, מען וואָלט פאַרגעסן, צום טייך איז פאָרט אַ האַלבע מייל וועגס, — מאַכט זיך אָבער נאָך אַ מעשה:

דער ברונען איז שוין פאַריכט, די צעמברינע פאַרטיק, דאָס ראָד אַריינגעשטעלט און דאָס וואַסער הייבט מען אָן צו נוצן!

נאָר, איינמאָל ביינאַכט, פאָרט פאַרביי אַ בעל עגלה, מיט אַ שווערער בריקע, אָנגעפּאַקט מיט סחורה. פון שווערן וועג זענען די פערד געווען פגר, באַגאָסן מיט שווייס, מיט פּינע. איין פערד אַ בולאַנער, איך געדענק נאָך עד היום די מאַשטש, האָט זיך פאַר דעם ברונען אויסגעגליטשט, געפאַלן, און אפשר נאָך פופציק בייטשן האָט ער קוים כּח געהאַט זיך אויפשטעלן!

און – הערט אַ מעשה:

קוים דערלאַנגט דער בעל עגלה פאַר די פערד דעם ערשטן עמער מיט וואַסער, דערשרעקן זיי זיך, שפּרינגען אָפּ, דרייען זיך אויס און אַנטלויפן גאַלאָפּ מיט דער בריקע.

און דער בעל עגלה זעט מיט זיינע אייגענע אויגן, — און געשוואוירן האָט ער, און מען מעג אַ מסיח לפי תומו גלויבן, אַז פון דעם עמער איז אַרויס אַ יאַשטשערקע! זי האָט אַ לאַך געטאָן ווי אַ מענטש, און איז צוריק אַריינגעשפּרונגען אין ברונען...

און איר מיינט, מען וואָלט די פערד געכאַפּט? אַז אסור! ווי די טייוואָלאָנים זענען זיי געפלויגן. דאָס גאַנצע

גליק איז געווען, וואָס זיי זענען אַריין מיטן דישל אין אַ האָלצערן הייזל, דורכגעלעכערט די ווענט (אמת, עס איז געווען אַ מפּולת) און געבליבן שטיין!

נאָר וואָס איז מער וואונדער: איז אינעווייניק, ביי דער אייגענער וואַנט, איז געזעסן אייגער, אַ שניידער־יונג, יצחקל, און האָט געלייזט אַ גוטן קלאַפּ אין די פּלייצע מיטן דישל...

און אויסגעוויזן האָט זיך, אַז ער איז טאַקע געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן יאָגן דעם בכור...

אַזוי איז זיך אַ בכור נוקם!

ער אַליין, יצחקל מיין איך, האָט מודה געווען!

און הערט ווייטער:

אַז מען איז פון זיין מויל געוואָר געוואָרן, אַז דער צווייטער, וואָס האָט אָנגעהויבן שטיפּן מיטן בכור איז ר' ירוחמלס אַ בן, — פּאַר אונז, נישט אויף זיך, אַ שיינע סחורה געווען, — פּאַלט דער בן פּאַר שרעק אין אַ משונהנע קרענק אַריין, הייבט אָן ציטערן אויפן גאַנצן לייב, און ציטערט אַוועק עטלעכע חדשים!...

— איז שוין? — פרעג איך.

— אוודאי! — מאַכט ר' אליעזר חוזק — אַ צינד גייט ערשט דאָס געדיכטע.

---

פאַרשטייט זיך, אַז דער עולם האָט מורא געקריגן צו נוצן דאָס ברונען־וואַסער... און דאָס וואַסער אַליין איז טאַקע נישט געווען צום נוצן; עס האָט עפּעס משונהדיק גרינלעך געגלאַנצט, און אַ מאוסן ריח באַקומען. איך האָב עס נישט פאַרזוכט, נאָר געזאָגט האָט מען, אַז מען פילט עס פון יאַשטשערקעס. נאָר מורא אַהין, מורא אַהער, אונזערע וואַסער־טרעגער האָבן קיין פערד און קיין פעסער נישט צום פירן פון טייך, און צו טראָגן אַ האַלבע מייל וועגס אויף דעם אייגענעם מקח, וואָס זיי באַקומען, ווילן זיי נישט.

וואָס זאָל איך לאַנג ברייען, מען האָט צוריק אָנגעהייבן צו נוצן דאָס ברונען־וואַסער.

פלוצלינג, לאָזט זיך אַרויס אַ קול, אַז יעדע נאַכט, צען דער זייגער, אַזוי ווי מען נעמט אַראָפּ דעם שטריק מיטן עמער און מען טראָגט צום וואַיט, באַווייזט זיך אַ חברה ווייסע און שוואַרצע קעץ פון שטאָט און פון פאָרשטאָט; זיי זעצן זיך אויפן ראָד, מיאַוקן און זיפצן, וויינען אויף זייער אופן, און, אונטער זיי, דרייט זיך דאָס ראָד אַליין אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, און אַזוי ביז פאַרטאָג.

און קעץ זאָלן זיך זעצן אויף אַ ראָד פון אַ ברונען, איז נאָך מעגלעך, עס איז דאָך נישט ערגער ווי אַ דאַך!

אין מערץ איז עס געווען; דאָס הייסט — אין דער צייט, ווען קעץ האַלטן זיך צוזאַמען און לאָזן קיין אויג נישט צו-טון!

נאָר קעץ זאָלן דרייען אַ ראָד, אָדער דאָס ראָד זאָל זיך אַליין דרייען אונטער קעץ, — דאָס האָט מען נאָך נישט געהערט!

און זאָל עס כאָטש אויפהערן, ווען דער האָן קרייט, וואָלט מען גערעכנט, אַז עס איז — מעשה-לץ.

הערט איר דאָך אָבער — ביז אין דערפרי! מוז דאָך עס האָבן אַ שייכות מיט דער יאַשטשערקע, צי, להבדיל, מיטן בכור...

וכך הוה! עס האָט זיך געפונען אַן אַלטע ערלית ביים וואַיט, וואָס האָט עדות געזאָגט מסיחה לפי תומה, אַז ביי זיי אין דאָרף האָט זיך אַמאָל געהאַלטן אַ יאַשטשערקע אין אַ זומפּ, פלעגן טאַקע אַלע קעץ פון דער גאַנצער געגנט קומען צו איר צו גאַסט, אַזוי, אַז אַרום זומפּ איז באַשטענדיק געווען אַ כמאַרע קעץ...

נאָר פאַרוואָס עס דרייט זיך דאָס ראָד, דאָס האָט זי שוין אויך נישט געוואוסט; כאָטש זי איז שוין גאָר, גאָר אַן אַלטע ערלית געווען, און נישט פון איין אויוון ברויט געגעסן.

— נאָר דאָ, מוז איך — זאָגט ר' אליעזרל — איבערהאַקן, און פאַרציילן, ווי אַזוי איך אַליין האָב די קעץ געזען מיט מיינע אויגן; איר שמייכלט? דעמאָלט האָב איך אויך געשמייכלט!

אַ יונגערמאַן בין איך געווען, אַביסל די קליינע אותעלעך געקוקט... געקאָנט גאַנץ שיין לשון־קודש!
הכּלל, איך האָב נישט געגלויבט!
אַרויסגערעדט האָב איך עס נישט, נאָך וואָס זאָל איך איבער אַזאַ קלייניקייט אָנהייבן מיט לייט?
נאָר געדאַכט האָט זיך מיר אַזוי:
ווינטער איז, שניי פּאַלט, ליגן קופּקעלעך שניי אויפן ראָד, זאָגט דער עולם — קעץ!
אויפהייבן זיך נאָך צען ביינאַכט פון בעט און גיין זען, גלוסט זיך נישט.
ערשטנס, איז אונטערן איבערבעט וואַרעם און אין דרויסן קאַלט!
צווייטנס, בין איך מודה, אַז איך האָב אַביסל מורא געהאַט צו גיין. וואָרום — ווער ווייסט? טאָמער יאָ? און אויב יאָ, איז עס דאָך נישט קיין פּשוטע קעץ, קאָן מען טאַקע ניזוק ווערן...
טרעפט זיך פונקט אַזאַ מעשה:
איך בין אויף אַ חתונה, צו דער וועטשערע נעם איך איין טרונק בראָנפן, דערנאָך, פאַרגעס איך, און נעם דעם צווייטן... נאָך די פיש — ווייטער אַ קאָפּ, ווי דער שטייגער איז. נאָך פלייש — אַביסל ביר!
אַ שוואַכער מענטש בין איך, הייבט זיך מיר אָן, לא עליכם, דער קאָפּ צו דרייען, און, אינעווייניק, ברענט ממש ווי אַ פייער; איך פיל, איך פאַל חלשות, און פאַרשטער, חס ושלום, די גאַנצע חתונה.
וואָס טו איך?
גנבע איך מיך בסוד-סודות אַרויס, רוף אַפילו מיין ביילע-רחל נישט מיט, און גיי מיר אַהיים... איך וועל מיך איבערשלאָפן, טראַכט איך, און פאַרטאָג וועל איך זיין צוריק אויפן אָרט! וואָרום צוגעזאָגט האָב איך דעם חתן, (מיינס אַ לייבלעך שוועסטער-קינד געווען), אַז ער וועט זיך פון מיר נישט אַזוי לייכט אויסקויפן.

און געוואָלט האָט זיך מיר האַלטן וואָרט . . .

אַז איך וועל דאַרפן גיין פאַרביי דעם ברונעם, פאַרגעס איך; ווי איינער פאַרגעסט אָן טויט!

און, אַז איך דערמאָן מיך, שטיי איך שוין פנים אל פנים צום ראָד!

— און איר זעט קעץ? — פרעג איך.

— נישט אַזוי געשווינד! נאָר פאַרקערט; — איך זע אויפן ראָד ליגן קופּקעלעך שניי, כדרך הטבע! דאָס ראָד שטייט; איך זע בחוש, אַז עס שטייט!

איך וויל שוין אָנהייבן לאַכן און ווייטער גיין, דערפיל איך אָבער, אַז עס הייבט מיר אָן צו קלאַפּן דאָס האַרץ. פאַרוואָס?

איך נעם די האַנט צום שטערן, עס גיסט אַ שווייס, גאָט זאָל שומר ומציל זיין — אַ שווייס!

און פּלוצים באַפאַלט מיך אַ מורא, און ווי הייסט אַ מורא! מיט פיס ווי די נעגל צוגעשלאָגן; נישט צו רירן פון אָרט. און די האָר הייבן מיר דעם ספּאָדיק מיט דער יאַרמולקע, אין דער הויך, אַז איך פיל דעם ווינט אויף דער געגאָלטער הויט.

אַז די שרעק קומט פון ברונעם, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען; וויל איך טאַקע אַוועק־קוקן — עס גייט נישט. איך קאָן דעם קאָפּ נישט איבערדרייען; איך מוז קוקן!

און, אין דער אייגענער רגע, אַזוי ווי איך שטיי און קוק, הויבט זיך אָן דאָס ראָד וואָלגע־וואָלגע צו רירן, און אַזוי ווי עס רירט זיך, ווערט פון יעדן קופּקעלע שניי אַ ווייסע קאַץ, און פון יעדן האָלצערנעם פלאָקן פון ראָד — אַ שוואַרצע קאַץ! און אַזוי שטייען זיי אויפן ראָד און דרייען זיך מיטן ראָד צוזאַמען . . . אַ שוואַרצע קאַץ, אַ ווייסע קאַץ, אַ שוואַרצע — אַ ווייסע . . .

דערנאָך הייבן זיי אָן מיאַוקן. און אַזוי ווי זיי מיאַוקן, קריכט אַרויס פון ברונעם די יאַשטשערקע פון איין זייט, דער

קאָפּ פון בכור פון דער צווייטער זייט... וואָס קלערט איר? איך פּאַל חלשות!

ר׳ אליעזרל רוט זיך אָפּ און דערציילט ווייטער:

ביז אַהער איז עס אַלץ געווען מיט חיות... אַ צאַפּ, אַפילו נישט קיין פּראָסטער צאַפּ — אַ בכור, פּאָרט נישט קיין מענטש; אַ יאַשטשערקע, אַ פערד; לא עליכם, שוואַרצע און ווייסע קעץ; דער ברונען הייבט אָבער אָן צו דאַרפן מענטשן!!!

ויהי היום, איינמאָל זיץ איך בײַ אַ מאָלצייט, בײַ ר׳ קלונימוס דיין... אונזער ר׳ קלונימוס האָט געהאַט אַ בת, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין — למעלה מעשרים אמה; אַ יאָר צוואָנציק אוודאי. קיין יפה־פיה, האָבן די נשים געזאָגט, איז זי נישט. אַזוי — אַ יידישע טאָכטער. קיין פעלער, חס ושלום, האָט זי אַפילו נישט געהאַט, נאָר אַ גראָשן בײַ דער נשמה אויך נישט! מען האָט געמיינט זיכער, זי וועט פאַרזיצן אין גרויען צאָפּ אַריין.

און עס איז אַ רחמנות אויפן מיידל; אויפן פאָטער דעם צדיק, האָט מען נישט וואָס צו שמועסן, אוודאי אַ רחמנות.

נאָר וואָס זאָל מען טון? קהל, לא עליכם, האָט נישט קיין דרייער... און מען זאָל אַפילו האָבן און ווען געבן! קאָן מען נישט געבן! וואָרום דער רב, זכרונו לברכה, האָט געהאַט דריי טעכטער, און טעכטער ווי די דרענגער! בכלל איז אַ שלימזלדיקע צייט געווען. גאַנץ כלי־קודש האָט קיין בנים זכרים נישט געהאַט, סאַמע טעכטער, און איינע עלטער ווי די צווייטע! פּאַר אַלע ווייטער וועט ממון קרח נישט געקלעקן! מאַכט מען זיך נישט ווויסנדיק, מען קרעכצט, נאָר מען ווייסט, אַז מען וועט נישט העלפן...

ר׳ קלונימוס האָט זיך שוין געוואָלט אַראָפּלאָזן, גאָר אַראָפּלאָזן: נעמען אַ שניידער, באָדיי אַ שוסטער פאַר אַן איידעם, האָט ערשטנס קהל געמורמלט, וואָרום באמת, עס פּאַסט נישט פאַר קהל!

צווייטנס, זענען היינט די בעלי מלאכות, נישט

אויסגערעדט זאָל עס זיין, פאַרשייט; און די בתולה, ווי געזאָגט, איז קיין בתולה יפה נישט געווען.

מיט איין וואָרט – ר' קלונימוס האָט קיין עצה און קיין ראַט נישט געהאַט, ווי אַזוי פטור צו ווערן די בתולה!

מיט איין מאָל מאַכט זיך אַ קלאַנג, אַז ר' קלונימוס האָט אַ שדוך געטאָן! מויל און אויערן האָט מען אויפגעשטעלט!

און, איר הערט? טאַקע אַ שדוך פון דער פרעמד, דוקא אַ ליטישער שדוך, אָבער גאָר אַ געהייבענער שדוך... אַ מיוחס, אַ בן־תורה, און – אַ בחור! מען זאָגט כאָטש אַן אַלמן, אָדער – אַ גרוש מיט קינדער!

פופצן הונדערט זהובים איינגעלייגט במזומנים! און עס איז שוין תנאים!

די שמחה ביים עולם איז גרויס; אַ באַשערטע זאַך, בת פלוני לפלוני, ר' קלונימוס זכות!

אַ מזל טוב אין שטעטל. אַ טשיקאַוועט מענטש בין איך, וויל איך טאַקע וויסן, וואָס דאָס קאָן זיין?

קומט גראָד צופאָרן מיינס אַ שני־בשלישי פון דאָרט, טאַקע פון דער שטאָט, פון וואַנען דער חתן איז, און פאַרציילט מיר בסוד־סודות, באשר בכן – אין דער משפחה איז דאָ אַ געהאָנגענער פעטער, דעם פאָטערס אַ ברודער...

נו, מען קאָן נישט זאָגן, אַ פגם איז עס, אָבער — פופצן הונדערט זהובים במזומנים!

ס'איז דאָ נאָך אַ פגמל פון דער מוטערס צד – דערציילט ער ווייטער, – טאַקע דער מוטערס אַ שוועסטער — ליגט ערגעץ שוין אַ יאָר צוואָנציק אין אַ שפיטאָל אויף קאָפּ-ווייטיק, רחמנא לצלן!

מילא דאָס געהער אפשר גאָרנישט צו דער זאַך! איז נישט — אָ עפּעס — פרעג איך, — אַן איבערגעקערטער, אַ משומדל...

– דאָס נישט! – זאָגט ער, – נאָר אַן אַפּיקורסל איז יאָ דאָ... עפּעס אַ ווייטער קרוב פון פאָטערס צד, איז אַ גרויסער הולטיי געווען! דאָס גאַנצע גליק איז, וואָס מען האָט'ן פון הימל

אַנידערגעלייגט, און ער ליגט שוין עטלעכע יאָר, און עס דאַרט אים דער חוט־השדרה!

— אָבער דער חתן, — פרעג איך, — דער חתן!

— דער חתן, — זאָגט ער, — איז גאָר אַן אש־להבה! אַ למדן! און אַזוי פאַרטיפט אין לערנען, אַז ער פאַרגעסט צו עסן, צו טרינקען, צו שלאָפן, נאָר געלערנט. און אַפילו ער לערנט נישט, טראַכט ער פון לערנען; שטענדיק פאַר־טראָגן, ער הערט קוים, וואָס מען רעדט צו אים...

פאָטער און מוטער גייען אים נאָך, ווי אַ פקיעהלע! מען היט אים, ווי אַן אויג אין קאָפּ, מען לאָזט אים אַליין קיין טריט נישט מאַכן... אויף גלייכע ווענט וואָלט ער געקראָכן!

איינמאָל האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט אויס דער שטאָט, געגאַנגען, ווי זיין שטייגער איז, פאַרטראַכט, געלערנט בעל־פה... געגאַנגען און געגאַנגען, ביז ער איז אַריין אין טייך! ער האָט אַפילו נישט געשריגן, — ער לערנט ווייטער!

די מערכה איז געוועזן, וואָס אַ וועשין האָט עס פון ווייטנס געזען, און געמאַכט אַ גוואַלט...

איינמאָל ווייטער, האָט ער געלערנט הלכות־שחיטה; האָט ער זיך געשאַרפט אַ חלף! געבאָרגט, פאַרשטייט זיך, ביים שוחט, — און האָט'ן אַזוי אויסגעשאַרפט, אַז דערנאָך, אַז דער שוחט האָט'ן געפרוווט, האָט ער געשוואוירן מיט כל השבועות, אַז מען דאַרף זיין הונדערט יאָר שוחט, מען זאָל אַזוי אָנשטעלן אַ חלף... פריער אָבער האָט ער אים אַליין געוואָלט פרוון... און ווי אַזוי, מיינט איר? מיט אַ פינגער? אויף דער צונג? דער פלוט נעמט זיך צום האַלז, צו זיינע אייגענע סמנים! און אפשר האָט ער נאָר געוואָלט סמנים אָנטאַפּן. —

גענוג, אַז ווען נישט די שטוב־לייט, וואָס זענען צו־געשפּרינגען, וואָלט ר' קלונימוס היינט קיין איידעם נישט געהאַט...

און נאָך, און נאָך אַזוי מעשיות...

האָב איך מיך טאַקע זייער געפרייט, אַז ר' קלונימוס

קריגט אַזאַ בן־יקיר, אַזאַ טייערע כּלי; און, זיצנדיק ביים מאָלצייט, וואָס מען האָט געמאַכט לכבוד די מחותּנים (איך בין ר׳ קלונימוס אַ לייבלעכער חמישי ברביעי), האָב איך מיך טאַקע געשמאָלצן אין פּוטער.

אַן אמת תּכשיטל, טאַקע — כּדת משה וישראל! אַ גערגעלע — דאַר און בלאַסלעך; אויגן גרויסע, — מיט איין וואָרט, די שכינה, כּביכול, ליגט אויף זיין פּנימל, אַזאַ חן האָט ער געהאַט... עס האָט ביים האַרץ אָנגעכאַפּט!

מען האָט אים געהייסן עפּעס זאָגן, האָט ער געזאָגט.

איך געדענק אַפילו נישט וואָס, נאָר געזאָגט האָט ער, און וואויל געזאָגט.

דערנאָך איז פון דער דרשה אַרויס אַ ויכּוח, אַ גערעדעריי, האָט ער זיך אין דער התחלה אַריינגעמישט, אַפילו הייס אַריינגעמישט.

ר׳ קלונימוסן, וואָס האָט אַנדערש געזאָגט, איז ער כּמעט אין דער באָרד אַריין... נאָר פּלוצלונג האָט ער זיך אינמיטן פאַרטראַכט און אָפּגעהאַקט!

איך אַליין, דעם אמת צוזאָגן, בין קיין גרויסער למדן נישט... אַז עס איז אַריין אין גדולות, האָב איך אויפגעהערט צו כאַפּן די ווערטער, נאָר אינם לשון, אין די העויות האָב איך דערקענט, אַז פריער איז געווען: ידו בכּל, ער האָט אַלע געשלאָגן, און, אויב ער האָט אינמיטן אָפּגעהאַקט, האָב איך געזען בחוש, אַז דער שאַרפער מוח איז שוין אַריבער אין אַן אַנדער ענין. וואָס אַרום טוט זיך, ווייסט ער שוין נישט; דער עולם שפּאַרט זיך ווייטער, ער הערט נישט און זיצט, קוקט אויפן בעליק...

דער עולם האָט אין אים אויך פאַרגעסן, געמאַכט אַ ראָד אַרום ר׳ קלונימוסן, דער מחותּן אויך — (ער איז שוין אויפן עולם־אמת!) כאָטש אַ סוחר — אַ גרויסער למדן געווען, און עס ווערט אַ דור־הפּלגה!

אַ געשריי, אַ געפּילדער!

פון דער צווייטער שטוב רייסן דערווייל אַריין קולות פון נשים, — אַ געפילדער, אַ געשריי!

איך לאָז פון חתן קיין אויג נישט אַראָפּ; ער זאָל עס, קיין עין הרע, הערן אַ וואָרט!

דערווייל, הייס איז געווען, דער ענין איז וואָס אַמאָל טיפער געוואָרן, בין איך אַביסל איינגעדרימלט...

פלוצלונג וועקט מיך אויף אַ געשריי; וואו איז דער חתן?

און איך עפן אויף די אויגן. שטייט די מחותנתטע אין טיר פון דער ווייבערישער שטוב, און האַלט דעם מחותן ביי אַ לאַץ, און שרייט: גזלן, פושע ישראל, האָסט גאָר פאַרגעסן!

און דער מחותן ציטערט ווי אַ פיש.

— יידן, בני רחמנים! לויפט זוכן! — שרייט די מחותנתטע נישט מיט איר קול — ער וועט זיך אַ מעשה טון...

זי לויפט דורך די מענער פון שטוב אַרויס, דער מחותן — נאָך, און מיר אַלע — נאָכן מחותן...

און דאָ אין מאַרק איז אַ פינסטערניש, כאָטש נעם דיר די אויגן אַרויס! אַ כמאַרע, אַ שוואַרצע ווי סמאָלע... עס רעגנט נישט, נאָר עס שמייסט אין פנים אַריין מיט נאָדלען!

דער עולם רופט, דער עולם זוכט און איך שטיי אַזוי אינמיטן מאַרק און קלער: ווי זוכט מען?

פון איין עק צו דער אַנדערער שרייט מען זיך צו: נישטאָ! נישטאָ!

אינמיטן הער איך, ווי די מוטער גיט אַ געשריי: יידן בני רחמנים, צו דעם ברונען, צו דעם ברונען!

צו דעם ברונען? שטוין איך, וואָס הייסט: צו דעם ברונען? מען זאָגט — אַ טייך, אַ מענטש וויל זיך באָדן; אַ מקוה, טובל זיין, אָבער אַ ברונען?

נאָר, אַז אַ מאַמע שרייט, לויפט דער עולם צו דעם ברונען. איך וואָלט אויך געלאָפן — זע איך דאָך אָבער נישט ביינאַכט, וואו צו לויפן!

פלוצלונג — אַ בליץ! —

און איך דערזע אים! די מוטער האָט געטראָפן!

שטעלט אייך פאָר ; ער שטייט אויפן ראָד, און, אַז מען לויפט צו, רופט ער :

— קוקעריקו ! ! !

עס נעמט דורך די ביינער !

נו ... משוגע געוואָרן. —

פון דעמאָלט אָן, כאָטש מען האָט שפּעטער דעם ברונען אויסגערייניקט ... וואָרום — ווי פּאַסט עס פאַר די אומות-העולם, עס זאָל בלייבן אַ זכר פון אַ יידישן בכור אין שטאָט ? — האָט מען מורא פאַר דעם ברונען !

— איך, און נאָך יחידי־סגולה נוצן נישט קיין ברונען־וואַסער !

# וועבער-ליבע

(ערציילונג אין בריף)

## ערשטער בריוו

### טייערער, קינפּטיקער שוואָגער!

דו פרעגסט, ווי מיר גייט? מן הסתם, ווי אַרשע אויף יענער וועלט. פּאַר שוסטער — שרייבסטו — זענען שלעכטע צייטן געקומען? מיר, וועבער, האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט אויף גוטע צו האָפן. מענטשן זאָגן, אַז עס איז אַ „הינטישע" צייט. שטעל דיר פאָר, אַז אַלטע, גוטע וועבער פאַרדינען פיר-פינף רובל אַ וואָך, געוויינלעכע און יונגע, ווי איך, מעגן זיך באַנוגענען מיט דריי-פיר, און אויף די דריי-פיר רובל מוז מען שווער אַרבעטן, מוז מען זיצן ביי דעם שטול פון זיבן אין דער פריה ביז צען ביי נאַכט, אַרבעטען 15 — 16 שעה אין טאָג; און צו דעם מוז מען שוין גליק האָבן, ווייל נאָר גליקלעכע וועבער האָבן באַשטענדיקע אַרבעט; מאַסן גייען אַרום מיט פאַרחלשטע פנימער און ליידיקע הענט!

אַזוי ברודער! אַלטע לייט דערציילן, אַז אַמאָל פלעגן זיין פיל יחסנים, וואָס האָבן ניט געוואָלט אַרבעטן; היינט ווערט די שווערסטע אַרבעט געזוכט, געשפּירט, געבעטלט, און קוים אויסגעבעטלט! און אַז מען האָט זי שוין, ציטערט מען

ערשט, מען זאָל זי, גאָט באַהיט, ניט פאַרלירן: צופריער גאָט און דערנאָך דער ברויט-געבער זאָלן, חלילה, ניט אָפּשטיין; זיי זאָלן שיטן מיט אַרבעט, מיט אַרבעט ביז צום טויט! ביז צום דערשטיקן! וואָרום טאָמער פאַרפעלט אַרבעט? טאָמער ווערט מען קראַנק און די שיצן פאַלן פון די ציטערדיקע הענט אַרויס?

און וואָס וועט זיין אויף דער עלטער? אויף דער גרויער, שוואַכער עלטער וואָס וועט זיין?

און אַז מען זעט אַרום זיך אַזוי פיל קראַנקע, אַזוי פיל אויסגעמאַטערטע, אַלטע וועבער, איז קיין וואונדער ניט, אַז מען קאָן אָן קרענק און שוואַכע עלטער קיין רגע ניט פאַרגעסן; און ווירקליך — ביי 15 — 16 שעה אַרבייט אַ טאָג, ביים אַריינאָטעמען קליי און פאַרביקן שטויב פון גאַרן, ביים איבערקומען מיט אַ ברויט מיט אַ הערינג אַ טאָג און אַ מאָגערע געקעכטס ביינאַכט, מוז אַ קרענק זיין אַן אָפטער גאַסט, קען מען אויף קיין געזונטע עלטער ניט רעכענען! דערצו האָבן נאָך אַ טייל ווייבער און קינדער. פאַרשטייסט? ניט אַליין טרינקט מען זיך — מיט אַ בינטל אויפן האַלז!

דו זאָלסט זען, ווי אַ באַווייבטער און אַ באַקינדעלטער וועבער קומט אַהיים פון דער אַרבייט, ווי ער וואַרפט אַ קורצן, דערשראָקענעם בליק אויפן אויסגעמוטשעטן ווייב, אויף די קינדערלעך, „הויט און ביין", וואָס וואַקסן-אויף ערגער ווי אין אַ וואַלד; דו זאָלסט זען, ווי געשווינד ער שלינגט איין דאָס קאַרגע מאָגערע געקעכטס, ווי האַסטיק ער וואַרפט זיך אין בעט אַריין!

שלאָפן וויל ער, איינשלאָפן, ווייניקסטענס די אויגן פאַרמאַכן, ער זאָל די צרות, דעם יאָמער ניט צוזען!

נאָר וואָס העלפט עס? פון בייזן לעבן ווערן בייזע חלומות... עס חלומט זיך, אַז דאָס ווייב איז קראַנק, און עס איז איר ניטאָ מיט וואָס צו העלפן... אַז איין קינד האָט דעם צווייטן אַ פינגער אָפּגעביסן ביים געשלעג איבער אַ ביסן ברויט, און אַז אין מיטן איז אַריין דער ווירט פון הויז און טופּעט מיט

די פּיס: דירה-געלט! אַז ניט, וואַרפֿט ער דאָס גאַנצע געזינדל אַרויס אין מיטן ווינטער אויפֿן שניי.

און אַז מען כאַפּט זיך אויף אין דער פֿרי, פֿאַלט גאָר אַזוי געשווינד ניט איין די אויגן צו עפֿענען: אַזוי גוט און פֿיין גיסט זיך דאָס לעבן מיט די חלומות צוזאַמען.

אַז עס קומען זיך אַלטע וועבער צוזאַמען, רעדט מען פֿון גוטע צייטן; נאָר ניט פֿון די, וואָס וועלן אָדער זאָלן קומען: אין דעם גלויבט שוין קיינער ניט! נאָר פֿון אַמאָליקע גוטע צייטן, ווען דער וועבער האָט געאַרבעט אויף זיך אַליין, מיט זיין אייגענעם גאַרן, אויף זיין אייגענעם שטול און האָט זיך אַליין זיין אַרבעט פֿאַרקויפֿט... אַ וועבער פֿלעגט פֿאַרדינען 15 — 16 רובל אַ וואָך, ער איז געווען אַ בעל-הבית פֿאַר זיך, אַ מענטש אַ פֿרייער מיט אַ דעה אַפֿילו אין שטאָט-זאַכן. מען זאָגט, אַז עס איז אַמאָל אַ וועבער דאָזאָרצע געווען! היינט איז אַ וועבער אַ פּראָסטער אַרבייטער, דער גאַרן איז ניט זיין, די אויסגעאַרבעטע סחורה גיט ער אַוועק! ער ווייסט נישט וויפֿיל עס קאָסט די גאַרן און וויפֿיל ער באַקומט פֿאַר זיין אַרבעט, נישט זיין דאגה, ער נעמט פֿאַרן „שטערן"; און 7 — 8 קאָפּיקעס אַ „שטערן" — הייסט שוין אַ ראַיעלער פּרייז!

יאָ! איך פֿאַרגעס גאָר, אַז איך רעד מיט אַ שוסטער, וואָס ווייס ניט, וואָס שטערן איז; שטעל דיר פֿאָר, אַז דו וואוינסט אין אַ גרויסער שטאָט, אַרבעטסט ניט אויף דיינע בעלי-בתים, דו אַליין קויפֿסט קיין לעדער ניט, נעמסט קיינעם קיין מאָס ניט און טראָגסט קיינעם די שטיוול ניט! דו קענסט נאָר איין סוחר, וואָס גיט דיר די סחורה אויסצואַרבעטן, און נעמט ביי דיר צו די אַרבעט, צאָלט דיר פֿאַר אַזויפֿיל פּאָר שטיוול אַזויפֿיל און אַזויפֿיל.

אָט דאָס פֿאַרשטייסטו איז אַ „שטערן", אַרבעטסט אַהולנע פֿאַרן סוחר. דעם פֿאַרדינסט נעמט דער סוחר צו און דיר גיט ער וואַסער אויף קאַשע, וואָרום אַנדערע האָבן דאָס אויך ניט, און דערווייל רעדט מען נאָך פֿון אַ מאַשין, וואָס וועט אַרבעטן שטיוול אָן שוסטערישע הענט... גוט? אַזוי אַ שטייגער

לעבט זיך ביי אונז! 7 — 8 קאָפּ. פּאַר אַ שטערן איז אַ פּרייז משוגע צו ווערן. נאָר וואָס מאַכט מרים לעב? צי האָט זי נאָך אַזוי ליב צו שטריקן, נאָזטיכלעך פּאַר פרעמדע נעז? צי אַרבעט זי נאָך זינגענדיק? צי הילכט נאָך די שטוב מיט איר זילבערנעם קול? צי זיינען נאָך אירע אויגן אַזוי פריש, אַזוי קינדעריש ריין, אַזוי הימל בלוי? זיי רויטלען זיך נאָך ניט? און דו וואָס ביסט? צי רעכענסטו נישט, אַז בשעת דער מלחמה צווישן גריכענלאַנד מיטן טערק לוינט זיך אַריינצוגנבענען קיין פּאַלעסטינע אויף קבר אבות? און אפשר האָסטו האַרץ צו גיין קיין אַרגענטינע און מלחמה האַלטן מיטן היישעריק? ווארום דאָ, ברודער, איז ביטער ווי גאַל!

און אפשר האַלסטו זיך נאָך אינם אַלטן, גוטן, פרומען אַלשיך און זעסט טויזנט און איין נאַכט אויפן יידישן אופן? שרייב! איך רעכן, אַז מרים לעב מעג צושרייבן... הער, אַז מרים לעב חלומט זיך מיר אַמאָל מיט רויטע אויגן, גיי איך אין פאַבריק אַריין מיט געבאַלטע פויסטן... נאָר דאָס פאַרשטעסטו ניט.

דיין געטרייער קינפּטיקער שוואָגער...

---

## צווייטער בריוו

אַז דו האָסט מיך עטליכע מאָל אין איין בריף געפרעגט, ווי עס גייט מיר, האָב איך דיין מיין געלעזן צווישן די שורות, צווישן די ווערטער, און האָב פאַרשטאַנען, אַז מיין געטרייער, קינפּטיקער שוואָגער פרעגט: הכלל, ווען שטעלט מען אַ חופּה? און אַז איך האָב דיר געשיקט אַ בינטל ווייבערישע צרות, האָסטו דיך אַפילו אָנגעהויבן צו שטויסן, אַז דאָס הייסט: דערווייל נישט!

אַן אייזערנעם מח האָסטו, קינפּטיקער שוואָגער מיינער;

אין דיין אייזערנעם קוגל-טאָפּ מוז מען אַריינשלאָגן מיט אַ האַמער, אַניט, פֿאַרשטעסטו ניט!

נאָר, אַז דו האָסט שוין אַרויסגעלייגט אַלץ, ווי אַ הערינג אויפֿן טעלער, מוז איך דיר שוין געבן אַ קלאָרע, אויס-געטייטשטע תּשובֿה.

איך קען ניט, איך טאָר ניט חתונה האָבן!

דו פֿרעגסט, צי האָב איך נישט אין דערפֿרעמד פֿאַרגעסן, וואָס איך האָב אין דערהיים געזאָגט, צי האָט מען מיך ניט פֿאַרטוישט אויף אַן אַנדערן, על כּל פּנים דאָס האַרץ פֿאַרבּיטן? אָדער צי איז עס ניט ווי מען זאָגט: אויס די אויגן – אויסן האַרץ?... איך האָף, ניין, איך גלויב, אַז מרים לעבּ האָט דעם בּריף ניט געזען, זי וואָלט אַזוינע שאלות ניט געפֿרעגט, זי ווייס, אַז אונזערע הערצער זענען צוזאַמענגעבּונדן אויף אייבּיק, אויף לעבּן און טויט!

אַי, בּרודער, בּרודער! חתונה האָבן וויל איך, ווי אַ מענטש וויל גליקליך זיין. ווי אַ מענטש וויל בּאַפֿרייט ווערן פֿון בּענקשאַפֿט, פֿון האַרצווייטאָג, קאָפּבּרעכעניש. איך וויל, נאָר מאַלע וואָס אַ ווערבּער וויל?

אונזערע בּרויט-געבּערס אַ זון מיט אַ טאָכטער האָבן גע-וואָלט, האָבן זיי חתונה געהאַט, און עס איז אַ פֿריילעכע חתונה געוועזן; מען האָט אַפֿילו אונז, ווערבּער, ניט פֿאַרגעסן; מען האָט אונז בּראָנפֿן געשטעלט, און אַז איך האָב געזאָגט, אַז איך טרינק ניט, האָט אויף מיר דער מייסטער געקוקט פֿון אַ זייט, און האָט זיך אוודאי אַ קניפּל אין נאָז-טיכל געמאַכט!...

און דער וועג פֿון דער היים אין שול אַריין איז געווען אויסגעלייגט מיט דיוואַנען, אַ קאַפּעליע האָט געשפּילט, האָט מען אין הימל געהערט, די לבֿנה מיט די שטערן האָבן געטאַנצט! די העכסטע פֿאַבּריקן זיינען שטום געוואָרן, פֿאַר-הילכט, פֿאַרשעמט! פֿון טאַנץ-זאַלן האָט זיך ליכט געגאָסן, די גאַנצע גאַס האָט זיך אין ליכט געבּאָדן! ליכט האָט זיך געגאָסן, ווי ווין, און ווין, ווי וואַסער; נעכטן איז געווען די האָכצייט,

היינט איז דאָס יונגע פּאָר פּאָלק געפּאָרן מאַכן אַ לוסט-רייזע...

זיי האָבן געוואָלט, האָבן זיי חתונה געהאַט, מיינסט אפשר, זיי האָבן זיך נויטיק געברויכט? עס האָט איינס אָן צווייטן לעבן ניט געקענט? גאָט באַהיט! ער האָט עטלעכע באַקאַנטע מיידלעך אין זיין פאַבריק, און אַ טאָג פאַר דער חתונה האָט ער זיי אַ מאָלצייט געמאַכט, און האָט יעדערער אַ מתנה געלאָזט, זי זאָל אָן אים ניט פאַרגעסן, ביז ער וועט צוריק קומען... און עס איז אַ לוסטיקע מאָלצייט געווען, לוסטיקער, ווי די האָכצייט אַליין, מען האָט נאָך בעסערן ויין געטרונקען!

צווישן די מיידלעך איז אויך אַ ווייבל געווען, אַ וועבערס אַ ווייב... איך קען אים — אַ שכּור איז ער! נאָר גיי ווייס, צי שכּורט ער, ווייל זי פירט זיך אַזוי, צי פירט זי זיך אַזוי, ווייל ער שכּורט, צי פירן זיי זיך ביידע אַזוי, ווייל דאָ איז דער אלשיך אויס דער מאָדע אַרויס און שבת גייט עולם שפּאַצירן... נאָר לוסטיק איז געווען!

די כּלה ווייטער איז אויך קיין צנועה ניט! אַמאָל פלעגט זיין אַ מיידל, ווי אַ שפּיגל, אין ברודיק ווערן פון אַ הויך, היינט זענען די מאַמזעלן, ווי די זיפּן, ווער ווייס, וואָס עס איז שוין אַדורכגערונען!... איך ווייס נאָר, אַז אַ חודש פלעגט זי זיך קושן מיטן בוכהאַלטער און אַ חודש מיטן פּראָקורענט; שפּאַצירן פלעגט זי גיין און פאָרן מיט ביידע צוזאַמען...

און דאָך האָבן זיי געהייראַט, און אַצינד מאַכן זיי אַ לוסטרייזע; און איך מיט מרים לעב קענען צוזאַמען קיין לעבן ניט פירן, כאָטש מיר דאַרפן איינס דאָס צווייטע ווי ברויט, ווי וואַסער, ווי לופט... כאָטש אונזערע געדאַנקען זענען דורכגעפלאָכטן, כאָטש זי איז מיר איינם פלייש און אין די אָדערן אַריינגעוואָקסן, מוז זי דאָך זיצן ביי דיר און בלענדן זיך די אויגן איבער שטיקעריי, און איך, איך מוז דאָ זיצן איינער אַליין און וועבן, און וועבן, בשעת אין מוח ברענט,

און די גאַל גיסט זיך אויס אין אַלע גלידער! און צוזאַמענ־קומען קענען מיר זיך נישט!

דו וואָלסט זען, ווי אַ באַווייבטער, באַקינדעלטער וועבער זעט אויס. איך רעד שוין ניט פון דער היים, נאָר אין פאַבריק ווי ער זעט אויס, ווי ער בויגט זיך און נויגט זיך פאַרן ברויט־געבער מיט זיינע „מענטשן“, ווי ער קריכט זיי אונטער די פיס, ווי ער ציטערט פאַר זייער הויך, ווי ער בעטלט קוים אויס אַ גינסטיקן בליק... בררר! אַ קעלט גייט מיר דורך די ביינער, אַז איך זע עס! ניין! אויף דעם וועל איך קיינמאָל ניט באַשטיין! זאָל מיך איינשלינגען אייביקע פינסטערניש אָן אַ שטראַל פון גליק, אָן טרייסט, אָן האָפנונג; הונגער וועל איך ליידן, ווי אַ נאַקעטער וואָרים אויף נאַסער ערד, אונטער אַ וויינענדיקן הימל זאָל איך ליגן, און דאָס ניט! — און וועט ניט בעסער זיין, איז פאַרפאַלן! זאָל מיך מרים לעב פאַרגעסן, אויב זי קען, פאַרלייקענען, אייב זי וויל, אַניט זאָל זי ליידן גלייך מיט מיר כאָטש יעדער באַזונדער! אויף דער ערד מוז אַמאָל גליק וואַקסן, די ערד דאַרף אפשר אונזערע טרערן, אונזער בלוט דערצו, מיר וועלן עס געבן — זאָל אַמאָל און פאַר אַנדערע וואַקסן!

איך ענדיק ניט דעם בריף. פלוצלונג איז ליכטיג געוואָרן אין מיין האַלב פינסטערן ווינקל. איך קוק מיך אום — דאָס פענסטער פלאַמט — עס ברענט ערגץ — אפשר אין פאַבריק?

דיין...

---

## דריטער בריוו

דו פרעגסט, פאַר וואָס עס איז אַזוי שלעכט? פאַר וואָס עס ווערט אַלע מאָל ערגער? עס איז אַן איינפאַכע זאַך: לייג צו דיינע לאַנגע אויערן: ווער שטעלט דעם פרייז פון

דעם וועבערס אַרבעט ? דער וועבער מיט זיין ברויט-געבער ! דער וועבער וויל ווי ס'איז מענטשלעך לעבן, און דעריבער ווי מעגלעך טייערער פאַרקויפן זיין אַרבייט ; זיין ברויט-געבער, ווידער, וויל וואָס מער פאַרדינען און דעריבער וואָס ווייניקער צו צאָלן פאַר דער אַרבעט. איז דאָ אַ סך אַרבעט און ווייניק וועבער, מוז דער פאַבריקאַנט צאָלן וויפיל דער וועבער וויל ; איז אָבער דאָ אַ סך וועבער און ווייניק אַרבעט, איז פאַרקערט, מוז דער וועבער נעמען וויפיל דער ברויט-געבער גיט אים ; און וועבער ווערט טאָג-טעגלעך מער, די צאָל וואַקסט ווי אויף הייוון... די חכמה ווייסן שוין דאָ קינדער אין דער וויג, נאָר דו ביסט דאָך אַ שוסטער, און אַן אַלשיך-שוסטער, קען זיין דו ווייסט עס ניט.

די קאָנקורענץ צווישן די וועבער וואַקסט פון טאָג צו טאָג. עס קאָנקורירן איינער מיטן צווייטן, יונגע, וואָס קענען מער און לענגער אַרבייטן, שפּאַרן אַרויס די אַלטע, וואָס האָבן שוין צו דער קאַטאָרגע קיין קרעפטן ניט ; קאַוואַליערן, וואָס קענען זיך באַגנוגן מיט אַ קלענעם פאַר-דינסט, יאָגן אַוועק די באַווייבטע און באַקינדעלטע, וואָס דאַרפן מער ; דערנאָך קומען לער-יונגלעך און פאַרטרייבן די וועבער ! און דער לוין ווערט געוואָרפן און פאַלט פון טאָג אויף טאָג... היינט הערט זיך נאָך, אַז נייע יונגע בעלי-צדקות וועלן עפענען וועבער שולן, וואָס וועלן אַרויסוואַרפן יאָר-יערלעך נייע וועבער !

עס איז ווייניק וואָס עס איז שלעכט, דאָס שלעכטע מוז נאָך זיין אַזוי איינפאַך, אַזוי ריכטיק, אַזוי גלאַט, פעסט און קיילעכדיק, ווי אַ רינג אַרום האַלז !...

און עס וועט קומען אַ צייט, ווען זיבן וועבער וועלן אָנכאַפּן איין ברויט-געבער און בעטן זיך : גיב אַרבעט, גיב, האַלב אומזיסט, זאָל זיין אומזיסט, נאָר פאַרנומען זאָלן מיר זיין און פאַרגעסן, אַז אונזערע ווייבער בעטן און די קינדער העלפן צו...

דו גלויבסט ניט ? דו מיינסט, אַז אַלץ האָט אַ גרענעץ

און קען ווייטער ניט גיין ? איך גלויב , אַרבעט איז אויך אַ מין שכרות , זי פאַרהילכט , פאַרטויבט ! זי פאַרשלאָגט דעם קאָפּ מיט די געהירן און מען פאַרגעסט אָן זיך , אָן דער וועלט ! עס איז אויך אַ מין בראָנפן !

דערפאַר איז אָבער היינט אַ פרייע וועלט ! קיינער טאָר מיך ניט נויטן , איך זאָל אַרבעטן ; איך בין קיינעמס פּאָדאַנע נישט ! איך אַרבעט ווען איך וויל , וואָס איך וויל , — אַ פרייער פויגל בין איך ; נאָר ווער עס וויל שיסט מיך , פליקט מיך אָפּ און לייגט מיך אין טאָפּ אַריין . איך וואָלט געוועזן אַ פרייער מענטש , איך זאָל קיין מאָגן ניט האָבן , ער זאָל ניט מאָנען : עסן און עסן ! איך זאָל נישט דאַרפן טרינקען , וואוינען , איך זאָל אַרבעטן אויף איבעריקע אַנגענעמע זאַכן ! אָ , דעמאָלט וואָלט איך אַנדערש געשאַצט מיין אַרבעט ! אָבער היינט ?

איך וויל נעמען אַ סך , דער ברויט-געבער וויל געבן ווייניק ; מיר ביידע זענען פריי , און דאָך , קען ער זיך אָן מיר באַגיין און איך אָן אים ניט .

היינט הער איך אויף צו אַרבעטן , מאָרגן וואַרפט מען מיך אויף צוויי שפּענער פון דירה אַרויס ; איבערמאָרגן קריג איך מאָגן-קראַמפּן פאַר הונגער ; נאָך אַ טאָג און איך שטיי שוין פון דער ווייטן און קוק מיט ברענענדיקע אויגן אויף דער זיצערינס ברויט , און קען מיך באין אופן נישט אַוועק-רייסן פון אָרט ; דאָס ברויט איז אַ מאַגנעט ; מיט נעגל בין איך צוגשלאָגען צום אָרט . . .

איך האָב עס נאָך אַליין נישט געפּרובט נאָר אַזוי קוקן אויף אַ ברויט , אַזוינע אויגן האָב איך שוין געזען ! אַזוינע אויגן האָבן נאָר וועלף אין די וועלדער !

נו , דערפון וועל איך דיר אַן אַנדערש מאָל דערציילן עס איז שפּעט , — און מיר ברעכט דער קאָפּ, ווי אַ שאַרבן .

ד י י ן . . .

---

# פּערטער בריוו

אַ שיינעם דאַנק פאַר דיין טרייסט ; בעסער געזאָגט : פאַר דיין גוטן ווילן מיך צו טרייסטן , וואָרום וואָס ביסטו שולדיק , אַז אַפילו אין קאָפּ פון אָרעמסטן שוסטער שלאָגט זיך אָפּ די וועלט אַ סך בעסער ווי זי איז ?

אַז איך וועל איבערזעצן דיין שוסטער-געדאַנק אויף מיין וועבער-שפּראַך , וועט עס הייסן , אַז גוטע און שלעכטע צייטן בייטן זיך , ווי זומער און ווינטער ; אַז אייב היינט איז דאָ ווייניק אַרבעט און אַ סך ליידיקע הענט , וועט אַמאָל דער זאַפּאַס אויספאַרקויפט ווערן און עס וועט זיין פאַרקערט : אַרבעט אין די מאַסן און ווייניק וועבער ! און דעמאָלט וועט זיין אַ גן-עדן אויף דער וועלט ! מען וועט אונז זוכן מיט ליכט אין די גאַסן , און אַז מען וועט אונז וועבער געפינען , וועט מען זאָגן : שנייד אונדז אָפּ די קעשענע , נאָר אַרבעטן קום ! בעט דיר אויס דאָס טעלערל פון הימל , נאָר נעם די שיצן אין דער האַנט אַריין ! מען וועט צאָלן פאַרן „שטערן" מי יודע וויפיל , און וועבער וועלן אומגיין אין גאָלד . . .

און דעמאָלט וועל איך דיר נאָר אַ פּיפּס געבן , וועסטו קומען מיט מרים לעב צולויפן , פאָרעגדיק , אָדער רייטענדיק , און מען וועט שטעלן אַ חופה צו מזל , צו ברכה , צו גליק . . .

אוי , אַלטער , אַלטער נאַר ! אַ שיינעם זייפנבלאָז האָסטו עס אויפגעבלאָזן ! הער אַ מעשה , וואָס מען דערציילט : עס האָט זיך אַמאָל אַ מכשף אויף אַ שטעטל פאַרלעגט און געוואָלט עס יאָגן און פּלאָגן , עס איז אָבער אַ פרום שטעטל געווען , פול מיט הייליקייט , און ער האָט דערויף קיין גרויס שליטה ניט געהאַט ; האָט ער זיך מישב געווען און האָט זיך פאַר אַ פאַקנטרעגער פאַרשטעלט , און אָנגעהייבן אַלע הייליקייטן אויסצוקויפן און ער איז אַ רייכער סוחר געווען ; מיט גאָלד געצאָלט האָט ער ! עס איז געקומען צו אַ רענדל פאַר אַ בינטל ציצית , אַ רענדל פאַר אַ תהלימל , פאַר אַ שמירהלע , נאָר ברענגט ! די סחורה מכלומרשט שיקט ער

קיין אַמעריקע, עס האָט זיך אַ נייער פּלאַץ געעפנט אויף יידישקייט...

און דער עולם האָט געגלויבט און אָנגעהויבן טראָגן פון די שטיבער אַרויס; פריער האָבן זיך געלאַקעמעט געמיינע לייט, לאַסט-און וואַסער-טרעגער, דערנאָך בעלי-מלאכות, דערנאָך בעלי-בתים, עס איז געקומען די צייט אויף שמשים, חזנים, דיינים און שוחטים... קיין איינציקער האָט נישט אויסגעהאַלטן... דער רב אפילו נישט, ער האָט אויך אויס-געליידיקט די שטוב; פּאָר געלט וועט מען אַנדערע סחורה באַקומען...

און אַז מען האָט אַלץ אויספאַרקויפט, האָט דער מכשף שליטה באַקומען און אָנגעהייבן פּלאָגן דאָס שטעטל מיט שלאַפקייטן און אַלערליי קרענק...

און עס איז זיך ניטאָ מיט וואָס צו ראַטעווען, קיין מזוזה ביי דער טיר, קיין שמירהלע אין פענסטער; קיין יידיש וואָרט אין שטוב!

עס איז נישט געווען פון וואָס קיין עין-הרע אָפּצושפּרעכן, פון וואָס אַ פּרק משניות צו לערנען, אַ יהי רצון צו זאָגן... און אַז מען האָט געוואָלט נאָך אַנדערע ספרים שיקן און מען האָט געעפנט די קאַסטנס מיט גאָלד, זענען אויפן אָרט פון רענדלעך, ניט פּאַר אונז געדאַכט, שאַרבנס געלעגן...

און אַזוי איז מיט אונז אויך אַמאָל געשען!

געשען איז עס פאַר אַ פּאָר יאָר, נאָך איידער איך בין אַהער געקומען, פּלוצלונג איז אַ גליקליכע, אַ ברילויאַנטענע צייט אויף וועבער געקומען, עס האָט סחורה פאַרפעלט!

מען האָט אַרבעט געברויכט, אַרבעט, וואָס מער אַרבעט; וואָס מער וועבער, וואָס מער הענט! דער פאַבריקאַנט, דער כשוף-מאַכער האָט גאָלד געצאָלט, די אַרבעט איז אין גאָלד געגאַנגען... און עס האָט אַ גייענדיק יאָר געדויערט! נאָר אַז דאָס יאָר איז אַריבער, איז געבליבן קרענק מיט שאַרבנס!

אונזערע לייט האָבן קיין שכל נישט געהאַט מיט דער

גוטער צייט זיך צו באַנוצן און הויבן דעם פרייז ; אַלע צו־זאַמען וואָלטן עס אפשר געטאָן , נאָר צעוואָרפענערהייט האָט יעדערער באַזונדער געוואָלט נאָר אויסרייסן וואָס מער אַרבעט פאַר זיך , וואָס מער איינצושלינגען פאַרדינסט ! און דער וועבער האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער אַרבעט ווי צו אַ הייסן פלאָדן ; און עס איז געוואָרן אַ כאַפּעריי , אַ געשלעגעריי איבער דער אַרבעט ; מען האָט אַרבעט גענומען מיט געוואַלט , מיט געוויין , מיט געשריי און מיט קללות ! דער פאַבריקאַנט האָט זיך פאַר פרייד די הענט געריבן , מיט די פעטע אויגן געכליפּעט , קוקנדיק , ווי דער עולם האָט געאַרבעט , צום טויט געאַרבעט , ניט 15 — 16, נאָר 20 און 22 שעה אַ טאָג האָט מען געוועבט ! קראַנקע זענען פון די בעטן אַרויס , די שוואַכסטע האָבן גבורות באַוויזן ! מען האָט געאַרבעט און געלט גענומען , מען האָט אַלע קרעפטן , מען האָט די לעצטע כחות פאַרקויפט ! פאַר געלט וועט מען נייע כחות באַקומען ! און אומגעגעסן , אומגעשלאָפן , האָט מען געשווינד געמאַכט סחורות און אויסגעאַרבעט !

און אַז מען האָט שוין אויסגעאַרבעט דעם זאַפּאַס , האָט מען זיך שוין אויסגעאַרבעט די כחות , דאָס געזונט מיטן לעבן . . .

און אַז מען איז קראַנק געוואָרן , איז אויך דאָס געלט פאַרשוואונדן געוואָרן , און קיין נייע אַרבעט איז שוין נישט געוועזן און מען האָט שוין נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו ראַטעווען פון דער נויט . . .

אַזוי איז געשען . און זאָל מאָרגן נאָך אַמאָל קומען די צייט , וועט דאָס זעלבע געשען ! כל זמן די וועבער קאָנקורירן איינער מיט דעם צווייטן , קען אַנדערש ניט זיין ; מוז יעדערער כאַפּן וואָס מער אַרבעט , מוז יעדערער וואָס מער שטונדן זיצן ביי דעם שטול , און וואָס מער מיר כאַפּן , און וואָס לענגער מיר אַרבעטן , ווייניקער ווערט אַרבייט , ווייניקער ברויכט מען וועבער , גרעסער ווערט די קאָנקורענץ , פאַלט אַלץ נידריקער דער פרייז ! ווייטער אַ פּוסטע זאַך — אַ רינג ארום האַלז ;

דערצו קומען נאָך די לוינקעטניקעס : נאר וועגן דעם אין מיינע ווייטערדיקע בריוו.

דיין...

---

## פינפטער בריוו

דו ווייסט נישט, וואָס דער „לוינקעטניק" איז? איך וועל עס דיר קורץ און שאַרף פאַרטייטשן; איך האָב פאַרגעסן, אַז איך רעד מיט אַ שוסטער, נישט מיט אַ וועבער.

דער לוינקעטניק, ברודער, איז נישט קיין פאַבריקאַנט, נישט קיין וועבער; ניט ער אַרבעט אַליין, ניט ער האָט קיין אייגענע צו פאַרגעבן; ער איז נאָר אַ מיטלמענטש – ער נעמט נאָר אָן אַרבעט ביים פאַבריקאַנט און גיט עס אַוועק אַרבעטער; דאָס הייסט: ער שטייט אין דער מיט צווישן פאַבריקאַנט און וועבער, און ווי עס פליט אַ קאַרגער ביסן פון פאַבריקאַנטס האַנט צום וועבערס מויל – כאַפּט ער עס אין דער לופט, בייסט אָפּ אַ האַלבן חלק... טיילמאָל שלינגט ער אים איין אינגאַנצן, און ווערט נישט דערשטיקט...

און דער לוינקעטניק נעמט אָן אַרבעט ניט פאַר פאַרטיקע וועבער, נאָר פאַר לערן-יונגען, וואָס אַרבעטן אונטער זיין אויפזען... זיי לערנען זיך ביי אים און אַרבעטן אומזיסט; טיילמאָל צאָלן זיי נאָך צו; ערשט נאָך אַ געוויסער, גענוג לאַנגער צייט הויבט ער אָן צאָלן, נאָר ביסלעכווייז און ביליק.

דער לוינקעטניק האָט דעריבער צוויי גוטע מעלות: ערשטנס שיקט ער יאָר יערלעך אַרויס אַ נייע פאַרטיע וועבער-קבצנים, וואָס וואַרפן דעם פרייז, אַבי אַרבעט צו באַקומען; און צווייטנס – וואַרפט ער אַליין דעם פרייז, ווייל ער אַרבעט מיט פרעמדע, אומזיסטע אָדער וויניקסטענס מיט ביליקע הענט און קען באַשטיין גאַנץ ביליק צו אַרבעטן. נאַטירלעך, מוז דער וועבער נאָכגיין, און דער פרייז פאַלט וואָס אַמאָל נידריקער.

אפשר שלעכטע מעלות? קומט זיי נישט דערפאַר די וועלט און יענע וועלט?

וועגן יענער וועלט ווייס איך, נאַטירלעך, ווייניק וואָס צו זאָגן. איך האָב שוין לאַנג פון דאָרט דורך גוטע און פרומע לייט קיין ידיעה נישט געהאַט; נאָר די וועלט האָבן זיי נאַטירלעך, לעבט דער פאַבריקאַנט שענער און בעסער, נאָר דעם לוינקעטניקס ווייב טראָגט אויך פערל אויפן האַלז און בענשט שבת-ליכט אין אַ פּאָר גרויסע זילבערנע לייכטער.

נאָר מרים לעב וועט ווייטער זאָגן, אַז איך בין אַלע מאָל געווען אַ גוטער און היינט בין איך אַ שלעכטער געוואָרן; אַז אַמאָל פלעג איך נישט קוקן יענעם אין טאָפּ אַריין, און היינט שטעכט מיך דער האָבער, און האָב אויף אַלץ גרויסע אויגן...

מרים לעב, עס איז אַזוי, און עס איז ניט אַזוי.

אמת, אַז איך בין אַמאָל בעסער געוועזן... עס איז געווען דעמאָלט, ווען מיין פאָטער, עליו-השלום, האָט געלעבט און איך בין אין דערהיים געוועזן... אמת, איך האָב קיין מוטער נישט געהאַט, און דער פאָטער האָט אַ גאַנצן טאָג מיט שיצן געוואָרפן... נאָר צו עסן און טרינקען האָב איך געהאַט און אויך וואו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן... אויב איך האָב קינדוויז צופיל צייט געהאַט, און צו ווייניק חברים, און האָב געגנוג צייט געהאַט זיצנדיק אַליין, זיך אַרומצוקוקן און אַלץ באַטראַכטן, האָט עס מיר דאָך ווייניק געשאַדט... דער געדאַנק האָט זיך פריער אויפגעוועקט, נאָר גאָר אינגאַנצן אויספלאָנטערן פון קרענצל איז נישט פאַר מיינע כחות! איך האָב אַ סך געקלערט און ווייניק וואָס פאַרשטאַנען... שפּעטער האָב איך מיך, שפּילנדיק, ביים טאַטן וועבעריי געלערנט און די מלאכה איז מיר געפעלן... זי האָט מיר אויסגעוויזן ווי אַ קונץ, אַ פיין מייסטערשטיק; אַנדערש איז מיר נישט איינגעפאַלן.

אַ טאַטן האָב איך געהאַט, ווי איר ווייסט, אַ בלאַסן, אַ דאַרן, מיט טריבע אַרומגעלאַמעוועטע אויגן און שאַרפבייניקע

באַקן. נו, וואָס איז? גאָט ברוך הוא האָט די וועלט באַשאַפֿן און אויף איר פֿאַרשידענע מענטשן געמאַכט, טייל פֿעטע, טייל מאָגערע, טייל לאַנגע, טייל קורצע, און יעדן אַן אַנדער פּנים און אַנדערע אויגן געגעבן ... אַבי איך האָב ליב דעם טאַטן און דער טאַטע האָט מיך ליב! איך האָב צו גאָט קיין טענה נישט געהאַט. וואָרום זינט איך האָב דעם טאַטן געדענקט, האָט ער אַזוי אויסגעזען, און עס איז מיר גאָר ניט איינגעפֿאַלן, אַז ער איז אַמאָל אַ געזונטער, פֿרישער יונגערמאַן געווען, מיט ליכטיקע, ברענענדיקע אויגן, וואָס זענען מיין מאַמען מיידלוויַיז אַזוי געפֿעלן. געוווּסט האָב איך, אַז איך האָב אַ מוטער געהאַט און עס האָט מיר ווי געחלומט, אַז איך שטוב פֿלעגט זיך אַמאָל אַרומדרייען אַן אַלבאַסטער-וויַיס וויַיבל, מיט שוואַרצע ברעמען און בלויע טיפֿע נאָר ברענענדיקע אויגן. נאָר געזאָגט האָט מען מיר, אַז גאָט ברוך הוא האָט זי צו זיך גענומען, זי איז אים מן הסתּם געפֿעלן געוואָרן ... ווער האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז אַוועקגעגאַנגען פֿון דער וועלט, וויַיל זי האָט געברויכט וויין און פֿלייש צום געזונט און די ביידע זאַכן זענען נישט פֿאַר אָרימע לייט? מען האָט עס מיר פֿאַרשוויגן, פּונקט ווי מען האָט פֿאַר מיר געהאַלטן בסוד, אַז די וועבעריי זויגט אויס דעם מאַרך פֿון די ביינער און האָט מיר דעם פֿאָטער בלאַס, דאַר און בלינד געמאַכט.

מיין פֿאָטער האָט נאָך אויף אַסטמאַ געליטן ... צי האָב איך געוווּסט, אַז דאָס קומט פֿון שטויב פֿון גאַרן? דער אייגענער גאָט, וואָס האָט מיר אַ דאַרן פֿאָטער געגעבן, האָט אים טריבע אויגן געמאַכט און נאָך אַסטמאַ געשיקט. — פֿאַר וואָס? אַ פֿראַגע עס איז! איך האָב אַ מלמד געהאַט, תּורה געלערנט און געוווּסט, אַז אַפֿילו מלאכים זינדיקן, בפֿרט אַ בשר ודם, בפֿרט אַ וועבער ... און גאָט שטראָפֿט, מען זאָל אָפּקומען אויף דער וועלט!

אַז איך פֿלעג מיך אויפֿכאַפּן ביינאַכט און זען, ווי דער פֿאָטער דרעמלט כמעט זיצנדיק אויפֿן קישן און האָט

אַ שרעקלעך שווערן אָטעם, פֿלעג איך מיך באַגיסן מיט פֿרומע קינדיש הייסע טרערן, און בעטן גאָט, אַז אייב מיין פּאָטער האָט קעגן אים געזינדיקט, זאָל ער בעסער מיך שטראָפֿן! און אַז איך האָב נישט געפֿועלט, האָט עס מיך ווייניק געוואונדערט, וואָרום וואָס פֿאַר אַ זכות האָט אַזאַ וועבער-קינד געקאָנט האָבן ביי אַזאַ גרויסן שרעקלעכן גאָט, ער זאָל הערן מיין געבעט?

נאָר אָפֿט פֿלעג איך מיך אויפֿכאַפּן, און דער פּאָטער איז נאָך געזעסן ביי דעם שטול... טיילמאָל האָט שוין דער מאָרגן געגרויט און מיט דינע שטראַלן זיך אַריינגעגנבֿעט דורכן לאָך פֿון לאָדען. „טאַטע“, פֿלעג איך זיך בעטן, „לייג שוין אַוועק די אַרבעט, קום שוין שלאָפֿן“, — קוים וואָס ער דערהערט און ענטפֿערט מיר: „באַלד, באַלד, קינד מיינס!“ און רירט זיך נישט פֿון אָרט. „איך וועל נאָך ענדיקן — זאָגט ער — דעם שטערן“. און איך בין איינגעשלאָפֿן מיט דעם געדאַנק, אַז דער טאַטע איז אַמאָל אַן איינגעשפּאַרטער און וויל דווקא אַרבעטן, כאָטש עס טוען אים די אויגן וויי! ווינטער-צייט פֿלעגט מיר טיילמאָל קאַלט זיין אַליין אין בעט און עס פֿלעגט מיר ביטער ווערן אויפֿן האַרצן, טראַכטנדיק, אַז דער פּאָטער האָט ליבער זיין שטערן ווי מיך, כאָטש דער שטערן וואָלט איבער נאַכט נישט געפֿרוירן געוואָרן, און איך ציטער פֿון קעלט!

אַלץ האָט מיר מיין מלמד געזאָגט און פֿאַרטייטשט, נאָר נישט דאָס, אַז מיין טאַטע האָט זיין שטערן פֿיינט שנאת-מות, אַז נישט ער וויל דעם שטערן ענדיקן, נאָר איך זאָל מאָרגן צו פֿרישטיק אַ בייגל האָבן; אַז נישט ער וויל דווקא אַרבעטן ביינאַכט, כאָטש ער האָט שוואַכע אויגן, נאָר ווייל ער מוז אַרבעטן ביינאַכט! פּונקט אַזוי ווי עס האָט מיר קיינמאָל קיינער נישט געזאָגט, אַז פֿון גאַרן-שטויב קריגט מען אַסטמאַ...

היינט ווייס איך עס, און דעריבער קאָן איך אַזוי גוט נישט זיין! היינט ווייס איך, אַז די שלעכטע אומבאַרמהאַרציקע וועלט האָט צו מיין פּאָטער געזאָגט: דו אַרבעט אַ סך, אַ סך,

צאָלן וועט מען דיר ווייניק, און פּרנסה בעט ביי גאָט! דו אַרבעט אַ סך, מאַך אַ מאַסע שטערן אי ביינאַכט, אי בייטאָג, און ביי גאָט בעט אַ רפואה אויף די אויגן! אַכצען שעה אין טאָג זיץ אין שטוב איבער דעם שטול געבויגן, שלינג-איין פּאַרביקן, פּאַרסמטן שטויב, און וועסטו אַסטמאַ באַקומען, האָסטו אַ ריינע פּרעטענזיע צו גאָט! וואָס שאַדט עס דיר, אַז מיר וועלן דערווייל דיין אַרבייט טראָגן און פון אַ טייל פון איר רייך ווערן? און אַצינד רעדט זי אַזוי צו מיר!

דער פּאָטער מיינער האָט געגלויבט און שטיל און פרום געליטן; און אפשר האָט ער שטילערהייט געוואוסט און נאָך טויזנט מאָל געליטן מער פאַר מיר? ווער ווייס? מיט קינדער רעדט מען נישט פון אַזעלכע זאַכן!

צי האָט מיין מלמד געוואוסט, וועמען ער האָט געדינט? צי איז אים גאָר איינגעפאַלן, אַז ער בינדט מיין נשמה מיט פרומען, נאָר פעסטן שפּינוועבס און וואַרפט זי אַרויס פאַר די הינט? פון וואַנען האָט ער געזאָלט וויסן? ער אַליין איז אויך אַ וועבער געוועזן, ער אַליין האָט אויך בעלי-בתים געדינט? מיין פּאָטער איז געשטאָרבן אויף אַסטמאַ, און ער אויף אַ לונגען-פעלער!

נו, איז אַ וואונדער, אַז גענאַרט פון אַלע זייטן, האָב איך געלעבט אַ גוטן טאָג און בין אַ גוטער געוועזן?

ווער שמועסט שפּעטער, אַז איך האָב אַ געוויס פריילעך מיידל דערקענט און פלעג מיט איר יעדן אָוונט זיך טרעפן אין הויז אונטערן טויער? עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי וואונדערלעך לעבן, זיסע לבנה-נעכט און נאָך זיסערע חלומות... גאָט מיין איינציקער! ווי גליקלעך בין איך געוועזן! און ווי גליקלעך האָב איך מיך געפילט ביים ראש-חדש בענטשן, ווען דער חזן האָט געזונגען „עם כל ישראל אחיהם" — אַלע יידן זענען ברידער! אַ קאַטאָוועס אַ מענטש האָט אַ זיבן-אַכט מיליאָן ברידער און שוועסטער, און מרימל איז איינע פון זיי! איך האָב מיך געפילט אַזוי גרויס, אַזוי שטאַרק, אַזוי שטאָלץ! ערשט שפּעטער בין איך געוואָרן, אַז

דאָס מזל קען מיך אויסרייסן פון דער היים און מיך פאַר־
וואַרפן ווי אַ פוילן עפל, ערגיץ אַריין אין דער פרעמד, וואו
דאָס האַרץ וועט פאַרגיין פאַר בענקשאַפט, און זי וועט בלייבן
דאָרט און שטריקן און וויינען באַזונדער; ערשט שפּעטער
בין איך געוואָר געוואָרן, אַז מאָריץ פיינבאַך, מיין ברויט־
געבער איז מיר גאָר קיין ברודער נישט, אַז ער האָט מער
רחמנות אויף זיין פערד, ווי אויף מיר! נאָר דעמאָלט, האָב
איך נאָך דאָס אויך נישט געוואוסט, און בין אַזוי פריי מיט
אַ שמייכל אויפן יונגן פנים, מיט פאַרחלומטע אויגן און
אויסגעשפּרייטע הענט, אַנטקעגן געגאַנגען דער וועלט...

היינט ווייס איך עס, היינט ווייס איך צופיל... נאָר
צי בין איך אימיצן מקנא? צי וויל איך דען דעם לווינקעטניקס
זילבערנע לייכטער? אָדער מיין ברויט־געבערס בייטל מיט
געלט? ניין! כ׳וויל עס נישט, מיר חלומט זיך אַ ריינע
אויפגעראָמטע שטוב; צוויי בעטן הילצערנע, זאָל זיין צו
איינציקע קישן, נאָר ווייסע, שניי־ווייסע ציכן! אַ ברויט אין
ווייסן הילצערנעם אַלמער; אַ האַלב פונט פלייש צו מיטאָג
אויף אַ פּערזאָן, און וועט גאָט אַ קינד געבן, זאָל דערפאַר
אין דער מוטערס בריסט זיין מילך, פרישע מילך, נישט גאַל,
נישט סם! אָנטאָן וויל איך מיך אָרים, נאָר ריין, זאָל זיין
געלאַטעט, נאָר נישט צעריסן! און וואָס נאָך וויל איך? אַז מיין
ווייב און מיין קינדס מוטער זאָל זיין די, וואָס איך ווייס,
צו וועלכער ס׳ציט מיך מיטן גאַנצן לעבן, מיט דער גאַנצער
נשמה! אָט אַזוי ווייניק וויל איך, נאָר דאָס ווייניקע קאָן אויך
נישט געשען, ווייל איך מוז אַנדערע שפּייזן און אַליין הונגעריק
זיין! איך בין קיינעם נישט מקנא, דאָך פאַרדריסט מיך, פאַר
וואָס בין נאָר אַ רינע, וואָס לאָזט דורך דאָס וואַסער, און
אַליין טרינקט זי נישט.

דיין...

# וועקסטער בריוו

דו שרייבסט, אַז איך זינדיק, אַז איך פאַרלאַנג צופיל, כאָטש עס האָט מיר קיינער דערויף קיין קאָנטראַקט נישט געגעבן, מרים לעב זאָגט, אַז מען קען לעבן מיט גאָרנישט, אָדער כמעט מיט גאָרנישט. אַז אייב מען האָט זיך ליב, עסט מען „וואָס עס איז" אָדער „באָדיי וואָס"... איך אַליין האָב אויך אַמאָל אַזוי געמיינט; איך האָב מיך אָבער צוגעקוקט צום לעבן פון מיינע חברים; איך האָב עפּעס אַנדערש געזען! איך האָב שרעקלעכע זאַכן געזען!

אַז איך האָב די ערשטע צוויי רובל אַ וואָך באַקומען, האָב איך אַ געשריי געטון און דעמאָלט אונטערגעשפּרונגען פאַר פרייד! מיין ערשטער געדאַנק איז געווען אייך אַ דעפּעשע צו געבן, גרייט זאָלט איר זיין! טעלעגראַפירט דאָך האָב איך נישט, עס איז מיר פּלוצלינג אַ שאָד געוואָרן דאָס געלט! נישט מיינס! נאָר מרים לעבס געלט איז מיר אַ שאָד געווען! עס איז שוין איר געלט געווען! איך וועל בעסער שרייבן, און איך האָב ביינאַכט געשריבן, נאָר צומאָרגנס דעם בריוו נישט אַוועקגעשיקט.

אין אָוונט בין איך צו מיינעם אַ באַקאַנטן וועבער געגאַנגען; איך האָב געוואוסט, אַז ער איז ערשט דריי יאָר נאָך דער חתונה, און איך האָב געוואוסט, אַז עס איז אַ ליבע געווען און מיר האָט זיך געגלוסט, עס האָט מיך געצויגן צו זען כאָטש איין אָוונט, כאָטש איין סצענע פון אַ גליקלעך, היימיש לעבן, אויף וועלכן איך האָב אַזוי געהאָפט! דערווייל דורך אַ שפּאַרע אַריינקוקן און זען, ווי עס פירט זיך אין גן-עדן. און איך האָב געזען!...

איך האָב געזען צוויי קראַנקע קינדער, איינס האָט דיפטעריט באַקומען און דאָס צווייטע האָט זיך זאַראַזשעט... זי איז געזעסן ביים טיש געבויגן איבער אַ ניי-מאַשין, און ער, דער פאַרליבטער מאַן, איז אַרומגעגאַנגען אויף און אָפּ, בייז און וואַרפנדיק מיט די הענט! אַז ער איז נענטער צו

מיר צוגעגאַנגען, האָב איך בײַ אים געזען טרערן אין די אויגן; נאָר די טרערן זענען מיר עפּעס נישט געפעלן, און פון מויל האָב איך אַ ריח פון בראָנפן דערפילט... איך האָב מיך געשווינט צוריקגעצויגן, נאָר געשלאָפן יענע נאַכט בין איך שוין נישט...

איך בין געלעגן מיט אַ פערענע אויבן און האָב באַשײַנ־פערלעך און אָן אויפהער געזען דאָס בילד, ווי זי זיצט איבערגעבויגן אויף דער מאַשין; איך האָב איר פּנים נישט געזען, נאָר זיכער געפילט, אַז ער איז דערשראָקן, פאַר־ציטערט און בלאַס, און פון די אויגן פאַלן גרויסע טרערן, ווי די אַרבעס... און די פּלייצע פלאַטערט און ציטערט... און עס האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז אָט גייט ער צו און דערלאַנגט איר מיטן פויסט אין פּלייצע אַרײַן... איבער נישט היינט, וועט ער עס מאָרגן טון... ער וועט שוין קיין איינציק מאָל נישט אַהיים קומען ניכטער...

איך האָב געזען דערנאָך נאָך אַנדערע זאַכן. מען טייט מיט פינגער אויף עלטערן, וואָס האַנדלען מיט פלייש — פון זייגענע טעכטער... איך האָב געזען קינדער, וואָס וואַרפן אַרויס די עלטערן, ווען זיי הערן אויף שוין פאַרדינען...

אָ, איר קענט עס גאָרנישט פאַרשטיין! נישט נאָר לײַוונט און וואָלן־צייג וועבן מיר, מיר וועבן אויס גאָר פונקט נײַע מנהגים, נײַע מדות פון דער נאָדל! אויך וועבן מיר אויס תּכריכים פאַר דער אַלטער, גוטער און פרומער וועלט, און מען וועט זי אין זיי באַגראָבן... און עס וועט אויפשטיין אַ נײַע, פולע, דורך און דורך פאַרפולטע וועלט. און ווער עס וועט נאָך האָבן אַ ריינערע נשמה וועט פון איר אַנטלויפן, וואו עס וואַקסט אַפילו קיין פעפער נישט!...

דײַן...

# אכטער בריוו *)

מזל טוב! ענדלעך האָסטו דיך געריהרט פון אָרט! הונגער און נויט האָבן אויף דיר נישט געווירקט, נאָר די וועלט, האָסטו מורא זאָל נישט אונטערגיין, די ריינקייט און פרומקייט זאָל נישט פאַרלוירן ווערן!

און אויף אַן המצאה ביסטו געפאַלן: קודם-כל שרייבסטו דאַרף מען די לוינקעטניקעס אונטערברענגען!

דו האָסט אַפילו קיין אַמעריקע נישט ענדעקט, אַפילו קיין פולווער נישט געפונען, ווייל דאָס האָט מען שוין פאַר דיר געטאָן. דיין לידל זינגען שוין די פויגל אויף די דעכער! נאָר אַ נאַגראַדע ביסטו ווערט, און איך וועל דיר דערפאַר דערציילן די מעשה פון די פאָר אויגן, וואָס האָבן אַזוי פייערדיק אויף אַ פרעמד ברויט געקוקט!...

אַמאָל און דווקא ערשט נישט לאַנג איז געווען אַ וועבער, גראָד אַ גוטער וועבער, נאָר, ווי מען פלעגט זאָגן, נישט מער קיין קלוגער, אָדער דער קאָפּ זיינער איז נישט אויף זיין אָרט געשטאַנען, אָדער עס האָט דאָרט אינווייניק עפּעס געפעלט. נאָר דערפאַר האָט ער געהאַט אַ ברייט אויסגעוואַקסן האַרץ, וואו, אויסער זיין אייגענעם פאָרטרעט, איז נאָך געהאָנגען דאָס בילד פון אַלע ווייבערישע צרות, און ווייל עס איז זייער גרויס געווען, האָט עס כמעט זיין אייגענעם פאָרטרעט פאַרשטעלט, און דעריבער האָט ער אָפט זיך אַליין נישט געזען! ער אַליין האָט גענוג פאַרדינט, — די צייטן זענען נאָך עטוואָס בעסער געווען, ער האָט זאָגאַר אַ געליבט מיידל געהאַט און נאָר וואָס געוואָלט חתונה האָבן, נאָר אַ געדאַנק האָט זיך אים אַריינגעשלאָגן אין מוח און דער געדאַנק האָט אים צורעכט געמאַכט. ער האָט זיך איינגערעדט, אַז אייב יעדער איינציקער וועבער איז, באַזונדער גענומען, אַ שוואַך,

*) דער זיבעטער בריוו איז ערגעץ פארלוירן געגאַנגען.

ווייך ריטל, וואָס דער ערגסטער לוינקעטניק דרייט זיך אַרום, אייב ער וויל, אַרום פינגער, וואָלטן אַלע צוזאַמען געקאָנט זיין אַ שרעקלעך שטאַרקער בעזים אויסצוקערן און ארויס צו־וואַרפן מיטן מיסט נאָך עפּעס בעסערס ווי אַ לוינקעטניק איז, נאָר מיט וואָס בינדט מען דעם בעזים?

און אַ שלעכטע נאַטור האָט ער געהאַט, שטענדיק אָפן צו האַלטן דאָס מויל, און וואָס פאַר אַ גרינער פויגל עס איז אים געבוירן געוואָרן אין דער קליינער נעסט פון קאָפּ, פלעגט ער באַלד אַרויספליען פראַנק און פריי אויף דער פרישער וועלט... עלטערע מענטשן האָבן אים געוואָרנט, ער זאָל נישט זיין קהלס פאַרזאָרגער, ווייל קהל צאָלט מיט שטיינער פאַר ברויט; דאָס געליבטע מיידל האָט אים געהאַלזט, געקושט און געוויינט, ער זאָל זיך נישט מיאוס מאַכן דאָס מויל מיט אַ בעזים, נאָר ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינעם, אַז מען דאַרף בינדן אַ בעזים!

און גערעדט דערפון האָט ער וואַרים, מיט האַרץ, מיט בלוט, די וועבער האָבן ווייניק פאַרשטאַנען, נאָר גוט געפילט, און פלעגן מאַכן אַרום אים רעדלעך, און אַז ער האָט גערעדט האָבן טייל געזיפצט און טייל געשאָלטן. נאָר פון דעם איז ער נישט צופרידן געוועזן. ער פלעגט זאָגן, אַז פאַר טויזנט זיפצן וועט דער בעקער קיין איינציק ברויט נישט געבן, און פון אַ מיליאָן קללות וועט זיך ביים לוינקעטניק אין מויל קיין איינציקער צאָן נישט קריצן... נאָר וואָס דען ווילסטו, לעבן מיינס? אַ בעזים וויל ער מאַכן, נאָר אַ בעזים...

און עס האָט זיך אָנגעהויבן צו בינדן אַ בעזים! דער עולם האָט זיך צוזאַמענגענומען און געשוואוירן, מער ביי קיין לוינקעטניק קיין אַרבעט נישט אָנצונעמען! די וואָס אַרבעטן שוין, זאָלן אַוועק גיין... און באַלד איז געפאַלן געלט, מען זאָל אויפהאַלטן די, וואָס גייען אַוועק, ביז זיי וועלן דירעקט פון פאַבריק קיין אַרבעט נישט באַקומען! איז עס געוואָרן אַ רעש אין די גרויסע וועלטן; דערשראָקן און פאַרציטערט זענען אַרומגעלאָפן לוינקעטניקעס, שטיל און ווי ווייט מעגלעך

עדעל האָבן אַפילו פאַבריקאַנטן גערעדט! און די וועבער האָבן זיך געפרייט, האַ! עס שטעקט דאָך אַ קראַפט אין אָרימע לייט, מען דאַרף זיי נאָר וועקן, וועלן זיי וועלטן איבערקערן! אַ גדולה, אַ פרייד! . . .

עס איז אַ פיינער פאַרביקער זייפנבלאָז געווען, נאָר ער האָט צו געשווינט געפּלאַצט! ערשטנס זענען געווען עטלעכע שלעכטע וועבער, וואָס האָבן קיינמאָל קיין אַרבעט נישט געהאַט, האָבן זיי זיך באַלד אַריינגעשלייכט צו די לווינקעטניקעס און אָנגעהויבן צו אַרבעטן . . . אַנדערע האָבן זיך דערשראָקן און געשווינט צוריק זייערע ערטער פאַרכאַפּט; די רעשט האָט עס דערזען און אַליין געמוזט זיך מתּיר־נדר זיין און נאָך איבערבעטן דעם לווינקעטניק: „זיי אונז מוחל, עס איז גאָר נישט אונזער הויט, כאָטש זי ליגט אויף אונזער לייב. שינד, וויפיל דו ווילסט!" און דאָס לעבעדיקע וואַסער איז צוריק אין די קאָריטע אַריין, צוריק דאָס אַלטע לעבן!

נאָר איין נייעס איז געשען: דעם מענטש מיטן האַרץ האָט מען פון פאַבריק אַרויסגעוואָרפן, און ער האָט שוין אין ערגעץ קיין אַרבעט נישט באַקומען. די געליבטע כּלה האָט נאַטירלעך צוריסן די תּנאים . . . די וועבער האָבן געשוויגן; מען וועט דאָך פאַר איין מענטש וועגן נישט אַוועקוואַרפן די פּרנסה!

געשען איז עס נאָך איידער איך בין געקומען, נאָר איך האָב נאָך די זכיה געהאַט צו זען, ווי דער מענטש מיטן ברייטן האַרץ האָט געקוקט אויף אַ לעבעל ברויט ביי דער זיצעריין אויפן טיש.

דיין . . .

---

## נייגטער בריוו

איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אַז מיין מרים לעב האָט אַזאַ דעה ביי גאָט! — קוים האָט זי אין לעצטן בריוו געוואונטשן

מיך כאָטש נאָך אַמאָל צו זען, פאָר איך שוין אַהיים!

עס פעלט נאָך אַפילו אויף הוצאות, נאָר איך האָב נאָך עטלעכע איבעריקע זאַכן צו פאַרקויפן... דאָס בעט מיטן קישן און קאָלדרע, מיטן שעניק אַפילו האָב איך שון פאַרהאַנדלט; איך האָב אָבער נאָך אַן איבריקן ראָק און צוויי דריי איבריקע העמדער.

אויף הוצאות וועט געננוג זיין, אַ נישט וועל איך צושפּרייזן צו פוס.

און פאָרן אַהיים פאָר איך דורך גאָר אַ פשוטע זאַך; איך האָב אַ נאַרישן פעלער געמאַכט און מוז אַהיים פאָרן.

די מעשה איז אַזוי געוועזן: צייט איך האָב די וועלפּישע אויגן געזען, האָב איך מיר געטראַכט: בעסער אַ לויט שכל איידער אַ פונט האַרץ: בעסער ביינאַכט אָפן צו לאָזן די טיר איידער ביי טאָג דאָס מויל. ציין נוצן צום עסן, נאָר נאָך מער די צונג איינצובייסן, אייב זי וויל זיך אַן איבריק מאָל איבערדרייען. דער מענש איז טאַקע געקרוינט און געהויבט איבער אַלע חיות מיט די רייד, נאָר „גוט מאָרגען — גוט יאָר" איז געננוג גערעדט און וואָס איבריק איז שאַדט! און נאָך אַזוינע גוטע און קלוגע זאַכן האָב איך מיר געטראַכט און איינגעקאַרבט, אַבי איך זאָל קיינמאָל, אַזוי ווי יענער מיטן ברייטן האַרץ און אָפענעם מויל אויף אַ זיצערינס ברויט נישט ברויכן צו קוקן...

פון אַזאַ קוקן — האָב איך געטראַכט — קומט קיין גוטס נישט אַרויס. אויפן בעסטן פאַל קומט מען דערצו, אַז מען כאַפּט אַ ברויטל.

און וואָס וואָלט מיין פרומער מלמד געזאָגט? ער וואָלט זיך באַלד געשטעלט פאַרן בית-דין של מעלה און עדות געזאָגט, אַז ער אַליין האָט מיך געלערנט: „לא תגנוב! ריר נישט קיין פרעמדס!"

וואָרום, ווי די ווייסט, איז מיין פרומער מלמד אַ קורצזיכטיקער געוועזן, און קוים וואָס ווייטער פאַר זיין אייגענע נאָז נישט געזען... אַז דאָס ווייב טלעגט אים

אַנידערלייגן אַ ברויטל אויפֿן טיש, האָט ער געזען ברויט מער נישט ווי ברויט! ווער ברויט, וואָס ברויט? ווי קומט עס צו אים? פֿון וואַנען נעמט זיך ברויט? ווער האָט געזייט, ווער געשניטן, ווער געמאָלן, ווער געבאַקן? וועמעס שווייס שטעקט דערינען, וועמעס בלוט? דאָס האָט ער קיינמאָל נישט געזען... פֿון הימל אַראָפּ, צי פֿון הינטער דער ערד אַרויס וואָלט ער געשריען: גנב! און אויף מיר וואָלט דאָם היטל געברענט!

נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז דער מענטש דענקט און די צרות (אייגענע צי פרעמדע) לענקען! אַז, ווי ענג עס איז נישט ביי איינעם אין האַרצן, פֿאַלט דאָך אַמאָל אַריין אַ נאַרישקייט; איידער דו קוקסט זיך אום, האָסטו עס אָפּגעטאָן און פֿאַרפֿאַלן, — כאָטש קנייפּ דיר אויס די באַקן. מיין געוועזענער ברויט-געבער זאָגט, אַז ער האָט זיך אויף מיר נים געריכט; איך אַליין וואָלט עס אויך נים געגלויבט! און דאָך מוז עס אמת זיין, והא ראיה: איך פֿאָר אַ היים!

נאָר צו דער זאַך! עס איז דאָ אַמאָל געווען אַ גרויסע וועבערישע חברה מיטן נאָמען „פּועלי-צדק”. אָט אַ יידישע חברה, אויף וועלכע אַלע האָבן דורך די פֿינגער געקוקט, ווייל מען האָט דאָרט נים מער ווי געדאַוונט און שבת אַלשיך געלערנט... צי האָבן שוין די אַלטע וועבער געפֿילט, אַז זיי מוזן דאַווענען באַזונדער, בעטן אויף עפּעס אַנדערש איידער זייערע ברויט-געבער? ווער ווייסט?! נאָר מיט דער צייט איז דאָס דאַווענען כמעט פֿון דער מאָדע אַרויס, און אויפֿן אָרט פֿון אַלשיך הערן שפּאַצירט דער עולם הינטער דער שטאָט און באַמיט זיך אויסצעאָטמען דעם שטויב פֿון גאַרן, וואָס מען האָט אָנגענומען אַ גאַנצע וואָך... מיט דער צייט האָבן אויסער עטלעכע, גאַנץ אַלטע וועבער, מיט די אַלטע טליתים און זילבערנע עטרות — אַ זכר פֿון די אַמאָליקע גוטע צייטן, — אַלע אָן דער חברה פֿאַרגעסן... נאָר לעצטנס, אַז מען האָט מיט אַמאָל געוואָרפֿן דעם פּרייז, האָט עס דעם עולם אונטערגעטראָגן; עס איז געוואָרן אַ רעש, אַ מהומה.

וואָס טוט מען, וואָס נעמט מען פאַר? און פּלוצלונג האָט מען
זיך דערמאָנט, אַז עס איז אַ חברה פאַראַנען, אַז עס איז
דאָ אַן אָרט, וואו זיך צוזאַמענצוגיין און אַ וואָרט צו רעדן!
און דער עולם האָט זיך געלאָזט אין „פּועלי-צדק״ אַריין,
און האָט מיך געשלעפּט... די מאַסע איז ווי אַ פּעך, זיך
נישט אָפּצערייסן!

צי האָסטו אַמאָל געזען, ווי פונקען פליען איבער
אַ שמידערײַ? מיליאָנען פונקען, און זיי וועלן נישט אָנצינדן
קיין איינציקע שטרוי אויפן דאַך! נעם זיי אָבער צוזאַמען,
וועלן זיי אַ וועלט פאַרברענען! דאָס אייגענע איז אַ חברה!
קוים איז זיך דער עולם צוזאַמענגעקומען, האָט געברענט! עס
האָבן טויבע געהערט, שטומע גערעדט, לאָמע זענען אויפ-
און-אָפּ געלאָפן, פאַראַליזירטע האָבן נאָר פּאַטשן געוואָלט,
נאָר פּאַטשן... אַנדערע האָבן געשריען, אַז כל-זמן מען וועט
נישט געפינען 2 — 3 ברויט-געבערישע בייכער צעשניטן אין
מיטן מאַרק, וועלן די צרות קיין ענדע נישט נעמען!

איך האָב פיינט פּאַטשן, פון צעשניטענע בייכער קאָן
איך בטבע נישט הערן, און איך וויל זיך אַרויסגנבענען פון
עולם מיט די שאַרפע צונגען, נאָר שטומפּיקע קעפּ; לײדער,
האָט מען מיך באַמערקט און עס איז פּלוצלונג אַ געשריי
געוואָרן: ער אַנטלויפט. מסרן גייט ער! מסרן! און די
ווערטער זענען גענוג געווען, איך וויל צוריק גיין, אַרויפ-
שפּרינגען אויפן ערשטן טיש און אָנהייבן רעדן, גלייך מיר
וואָלט אויך עפּעס געפעלט אין קאָפּ און דאָס האַרץ וואָלט זיך
מיר אויך צעוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט.

זאָל איך אייך איבערגעבן מיינע נאַרישע רייד? נאָך
וואָס? איך האָב נאָר געוואָלט די וועבער זאָלן זייער אייגן
געשעפט פאַרשטיין, זיי זאָלן איינזען, אַז ערשטנס מוז מען
זיך פעסט צוזאַמענהאַלטן, אַז די „פּועלי-צדק״ דאַרפן
אויפגעפרישט און געשטאַרקט ווערן, אַז מען מוז זאַמלען געלט,
געלט פאַר קראַנקע, געלט פאַר אַלטע אָן כח, געלט פאַר
וועבער אָן אַרבייט געלט פאַר אַלע אויף דער שלעכטער

צייט, ווען עס לוינט זיך נישט צו אַרבעטן... און דער עיקר איז, אַז קיין מאָל דאַרפן וועבער צווישן זיך נישט קאָנקורירן, נישט מיטן פּרייז, נישט מיט פאַרלענגערן די צייט פון דער אַרבעט... איך האָב זיי דערציילט, אַז ערגעץ אַנדערש אַרבעט מען נאָר 12, אין אויסלאַנד נאָר 10 שעה, אויף אַ טייל ערטער באָר 8. איך האָב זיי געזאָגט, אַז אַ מענטש איז קיין פערד נישט און, אַז פערד אַרבעטן דאָך וויניקער פאַרן פוילסטן וועבער... און נאָך אַזוינע זאַכן, וואָס אַ מענטש מיט שכל האַלט ביי זיך און רעדט נישט אַרויס. דו וועסט אפשר אַנדערש זאָגן מרים-לעב? דו האָסט דאָך שטענדיק ליב געהאַט מיך אָפּצושפּאַרן, צו זאָגן פאַרקערט, נאָר דער-פון וועלן מיר שוין רעדן אין דערהיים! דערווייל האָט מיר געשאַדט.

די גאַנצע צייט, וואָס דו האָסט פון מיר קיין בריף נישט דערהאַלטן, בין איך געזעסן, און גאָט ווייסט פאַר וואָס? ערשט ווען מען איז אויף זיכער געוואָרן, דערנאָך, אַז איך האָב אָפּגעהאַלטן פון פּאַטשן און בייכער-שניידן, האָט מען מיך אָפּגעלאָזט, נאָר געהייסן אַרויספאָרן אויף אַ פּאָר יאָר פון שטאָט... אַ וועבער, זאָגן זיי, דאַרף זיצן און אַרבעטן, נישט שפּרינגען אויף טישן און רעדן...

שלעכט, נאָר צוויי זאַכן טרייסטן מיך! ערשטנס, איך האָב אַ זאָמען געוואָרפן און איך בין זיכער, אַז ער וועט וואַקסן; פון דערווייטנס זע איך שוין, ווי ער וואַקסט! און ער וואַקסט, ווי עס באַדאַרף צו זיין: אין דער טונקל, שטיל און באַשיידן, עס דאַרף קיין האָן נישט קרייען! און צווייטנס, וואָס מרים-לעבס וואונש וועט דערפילט ווערן און מיר וועלן זיך זען... גיך און באַלד זען... גרייט נאָר אָן אַביסל זאַלץ, איינצורייבן מיר די פּלייצעס, מען האָט זיי מיר אַביסל צעהאַקט...

דיין...

## איין איינציקער בריוו פון שוסטער צום וועבער

איך שרייב געשווינט און אין איין ציטערניש, האָב גאָט אין האַרץ, פאָר וואו דו ווילסט, נאָר קום נישט אַהער, איך האָב קוים, קוים געפועלט ביי דער שוועסטער, זי זאָל לאָזן איינעם אַריינגיין, אַ פיינעם בעל-מלאכה, אַן אַלמן... די אָרעמע מרים האָט זיך געגנוג די הענט געבראָכן, און די אויגן אויסגעוויינט, איידער זי איז באַשטאַנען, אַציגד ווען ווערסטו קומען און די גאַנצע זאַך וועט צערודערט ווערן! און זאָג אַליין, חתונה האָבן ווילסטו נישט און, ווי דער אמת איז, אַציגד קאָנסטו נישט, נאָך וואָס זאָלסטו איר שטערן אין וועג? דו אַליין פאַרדינסט וויניק, — איך אסור אויב איך בין בכּח זי אויסצוהאַלטן, איך האָב מיינע אייגענע געגנוג. אויב דו ביסט אַן ערליכער מאַן, פאָר ערגעץ אַנדערש אַוועק... געדענק אָן גאָט! —

---

# מאָטל פּרינץ

געווען אַ ייד מיטן נאָמען מאָטל; גערופן האָט מען אים מאָטל פּרינץ.

אַ וואַלד און תּבֿואה-סוחר, אַ יוצא ונכנס ביי פּריצים, פירט ער זיך אַביסל מעשׂה פּריץ. טראָגט ער זיידענע זאָקן, פאַרבט ער זיך אָפּ די בענקלעך אין שטוב אויף רויט — קיין אַנדער פאַרב אין שטעטל נישט באַקומען — פון קעשענע שטאַרצט אים אַרויס אַ רויט פולאַרן טיכל. און אַפילו מעשׂה צדקה איז אויך ביי אים מעשׂה שׂררה.

אַ ייד, למשל, ווייסט מען, האָט ליב געגנזנס. ערשטנס, טאַקע אַ מאכל, צווייטנס — בעל-הביתיש: אַ פלייש, אַ שמאַלץ אויף פּסח, אַ גריוון צו אַ ציבעלע, און אַביסל פעדערן צו אַ קישן קומט אויך צוניץ. אַפילו היינט, אַ ייד קומט אין רעסטאָראַציע אַריין, הייסט זיך אויסרעכענען אַלע מאכלים און סוף־כּל־סוף הייסט ער זיך געבן אַ שטיקל געגנזנס...

האָט פּונקט דער רבֿ אין שטעטל ליב געהאַט ענטע-פלייש. אַ גרויס פּויליש שטעטל געווען, און אין גרויס פּוילן הייסט קאַטשקע — ענטע. אַ ייד, אַ למדן, אַ ירא שמים און האָט אַ שוואַכקייט צו ענטע-פלייש. רעדט מען דערפון, קומט עס צו מאָטל פּרינץ אין הויז אַריין.

פאַר פּורים איז עס געווען. הייסט מאָטל פּרינץ קויפן און אָנפּאַשן אַן „ענטע” פון רבֿס וועגן אויף שלח-מנות, און זאָגט אָן, אַז נאָכן כּשר-מאַכן, אַז עס וועט קומען צום פּילן, זאָל מען אים מודיע זיין.

ערבֿ פּורים גייט מען אין שטוב אַריין אָנזאָגן: עס איז אָנגעקומען די צייט אָנצופּילן די ענטע.

נעמט מאָטל פרינץ פון שראַנק אַרויס ח"י זהובים פוילישע.
און הייסט זיי אָפּכשרן, שווענקען זיי אין זיבן וואַסערן, און אָנפילן דערמיט די ענטע!

וואָס איז?

מאָטל פרינץ וויל וויסן, וואָס דער **רב** האָט ליבער: ענטע-פלייש, צי פוילישע זהובים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ערב שבת גייט אַמאָל מאָטל שפּאַצירן איבער דעם שול-געסל, א זומער-טאָג, נעמט וואָס אַמאָל אַרויס דאָס רויטע פולאַרענע טיכל און ווישט זיך, כלומרשט, דעם שווייס פון דעם שטערן, און יעדעס מאָל ביים אַרויסנעמען דאָס טיכל, פאַרלירט ער אַ רולאָן פון קעשענע.

וואָס אַ רולאָן איז?

אין יענע יאָרן זענען קיין פּאַפּירן-געלט, קיין באַנק-צעטל נישט געווען, עובר לסוחר פלעגן זיין — אדומים — גאָלדענע רענדלעך; פלעגן זיי די סוחרים פּאַקן אין פּאַפּירענע טיטן, פאַרחתמענען מיט זייער חותם און אויפשרייבן די סומע. אַזוי פלעגן די טיטן — רולאָנען האָט מען זיי גערופן — גיין פון האַנט צו האַנט אומגעציילט, אַביסל מער אמונה און מער בטחון געווען.

גייט ער און פאַרלירט רולאָנען!

וואָס איז?

ער האָט גענומען אַלטע פוילישע גראָשן און געפּאַקט ווי רענדלעך.

אָרעמע לייט גייען אין גאַס און געפינען. איז ער אַן ערליכער מאַן, לויפט נאָך און גיט אָפּ, קריגט ער פון מאָטל פרינץ אַ שיינעם דאַנק און אַ רענדל פאַר השבת אבדה. איז אָבער ווער נישט קיין ערלעכער מאַן, פאַלט אויף דער מציאה, באַהאַלט און לויפט אַהיים מיט אַ שמחה — האָט ער געכאַפּט עטלעכע גראָשן.

פאַר פסח מאַכט ער אַמאָל אַזאַ קונץ:

פרנס איז ער; זיצט ער אין קהל-שטוב און טיילט

מעות-חטין. קומען יידען – אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, מאַכט ער צו איינעם און צום אַנדערן: – קמצן, וועסט דיר כאָטש פאַרגינען צו מאַכן אַ מלבוש אויף יום-טוב?

לאַכן די אָרעמע לייט.

ערב שבת הגדול, אָרעמע לייט גייען שפּעט אַרויס פון מרחץ – געמוזט אָפּוואַרטן די בעלי-בתים — זיי קומען אין קיל-שטיבל אַריין צום אָרט, וואו זיי האָבן געלייגט די מלבושים, אויסגעטריקנט!... אַ געשריי, אַ ליאַרם, ווער האָט געגנבט? ווי אַזוי גייט מען אַהיים? מען באַפאַלט דעם בעדער! מאָטל פרינץ האָט זיך מכלומרשט פאַרשפּעטיקט, זאָגט ער, די אָרעמע לייט זענען גערעכט, דער בעדער איז אַ שומר שכר און מוז באַצאָלן.

מילא, אַז מאָטל פרינץ פּסקעט, גייט דער בעדער אין דער צווייטער שטוב אַריין, און קומט צוריק מיט אַ פּאַק מלבושים, בייע פון דער נאָדל, פון ספּאָדיקל ביז שיך און זאָקן, קיין ארבע כנפות נישט פאַרגעסן און איז מלביש ומנעיל די נאַקעטע!

אינמיטן ווינטער, נאָך אַן אָנגעפאַלענעם שניי, מאַכט ער אַזאַ קונץ.

אויף דעם זעלבן שול-געסל, אָרעמע לייט אין די קליינע הייזלעך כאַפּן זיך אויף אין דערפרי, גראַבלען זיך קוים אַרויס פון די שמאַטעס, אין וועלכע זיי האָבן זיך איינגעוויקלט, גיסן אָפּ נעגל וואַסער, טוען זיך אָן, ווילן גיין צו ותיקין און דערנאָך – אין מאַרק אַריין פאַרדינען, וואָס דער ליבער נאָמען וועט באַשערן, — די טיר עפנט זיך נישט. מוז זיין פון דרויסן פאַרשפּאַרט, פאַרשמירט, אַ פראָסט אַ שאַרפער, מען פרובט נאָך אַמאָל די טיר, זי לאָזט נישט נאָך, באַפאַלט אַן אימה. שרייט מען, שרייען די מענער, שרייען די ווייבער, קינדער מאַכן אַ יללה, דאָס גאַנצע שול-געסל שרייט, דערהערט מען אין אַלע געסלעך, שפּרינגט מען פון די בעטן אַרויס, לויפט מען פון די שטיבער, קומט מען אין שול-געסל אַריין. —

ביי יעדער טיר שטייט אַ קלאַפּטער האָלץ!

דאָס האָט מאָטל פרינץ געהייסן אָנפירן פון וואַלד איבער נאַכט, אַ שניי איז אָנגעפאַלן אַ גרויסער, האָט קיין בן־אָדם נישט געהערט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איינמאָל, מאָטל פרינץ קומט מיד פון וואַלד, לייגט זיך פאַרן עסן אָפּרוען, און שלאָפט איין מיטן קלער, וואָס פאַר אַ ניי צדקה־שפּיצל ער זאָל אָפּטון — עפנט זיך די טיר, קומען אַריין צוויי שמשים פון חברה־קדישא און חברה־נושאים און זאָגן:

— זיי ווייסן, מאָטל פרינץ, אַז דו ביסט נפטר געוואָרן.

ענטפערט ער געלאַסן:

— ברוך דין אמת!

זאָל מען פרעגן: ווער איז מוכן ומזומן לחיי עולם הבא? וועט קינד און קייט ענטפערן:

— מאָטל פרינץ!

וואָס האָט אַזאַ ייד מורא צו האָבן?

גייען זיי בענטער צו, שיטן אויס אַביסל שטרוי פון די קעשענעס, הויבן אים אָפּ, צינדן ליכט צוקאָפּנס און גייען אַרויס.

איינער זאָגט: ער גייט קויפן תּכריכים.

דער צווייטער: ער גייט שוין באַשטעלן אַ מצבה.

אויפשרייבן וועט מען, נישט מער, ווי „מאָטל פרינץ".

טראַכט ער ביי זיך: גענוג!

ער וויל אַ קלער טון, פאַרוואָס ער זעט נישט קיינעם פון די בני־בית...

וויל זיך דערמאָנען, צי האָט ער זיך מיט זיי געזעגנט, געזאָגט צי נישט געזאָגט וידוי, — קומען אַריין צוויי משונהנע געשטאַלטן, נישט קיין מלאכים, נישט קיין מענטשן, נישט קיין חיות, און מיט פליגעלעך דינע, ווי ביי פלעדער־מייז. פרעגן זיי אים:

צי ער וויל שוין אין גן־עדן אַריין?

פאַרגעסט ער אָן אַלעם און שמייכלט:

— מהיכא תיתי...

הייבן זיי אים אויף און ציען אים דורך דורכן קוימען אויפן דאַך אַרויף.

ווייסט ער, אַז דער קוימען איז שוין לאַנג נישט געריייניקט, קומט ער אַרויס — אַ שוואַרצער.

פרעגט ער:

— פאַרוואָס קומט דאָס מיר?

זאָגן זיי:

— מען קומט נישט אין גן-עדן אַריין, ביז מען ווערט נישט פאַרשוואַרצט!...

מילא, אַז אַזאַ דין!

— צינד, זאָגן זיי, וועלן מיר פליען אַרויף, מיר — אויף די פליגל און דו — אויף וואָס?

פליט צו אים אויפן דאַך אַרויף דער בעזעם, וואָס שטייט ביי אים אין פאָדער-הויז, אָרעמע לייט, וואָס קומען, זאָלן זיך אָפּווישן די שטיוול, און זיי זאָגן:

— זעץ דיך רייטנדיק!

דער בעזעם איז נישט קיין ריינער, מילא, מען מוז איבערקומען.

— אַזוי איז דער מנהג, — זאָגן זיי, — כל-זמן די נשמה האָט נישט אירע אייגענע פליגל, רייט זי אַרויף אויף אַ בעזעם.

און זיי נעמען אים אין דער מיט אַריין, און מען פליט...

— מען וועט נאָך אַזוי לאַנג פליען?

זאָגן זיי:

— צום הימל איז נאָך ווייט!

דאָס ווייסט ער, עס מוז געדויערן, פליט מען ווייטער.

פרעגט ער:

— וואו האַלטן מיר אין לוח?

זאָגן זיי:

— ערב סכות!

און פרעגן: צי ער וויל זיצן אין סוכה.

אַ מת איז אַפילו פּטור מן המצוות, אָבער פאַרוואָס נישט?
— מהיכא תיתי! — זאָגט ער.
און ווי ער זאָגט עס, שווימט זיי אַנטקעגן אַ סוכּה מיט ווענט, מיט סכך.
— דור המלכּס סוכּה! — זאָגן זיי.
גייט ער אַריין מיט פרייד און זעצט זיך.
— ווען קומען — פרעגט ער — אושפּיזין?
און איידער מען ענטפערט אים, פאַלט אויף אים איין די סוכּה, די ווענט מיטן סכך און מען שלעפּט אים קוים אַרויס אַ צעשלאָגענעם, אַ צעקיילטן און אַ פאַרשיטן מיט ווייסן שטויב אויפן שוואַרצן רוס פונם קוימען.
פרעגט ער: פאַרוואָס קומט עס מיר?
ענטפערט מען אים:
— מען קאָן אַנדערש נישט קומען אין גן־עדן אַריין, ביז מען ווערט נישט צעקיילט און צעביילט.
גייט ער זיך אונטער מיט הכנעה, פליט מען ווייטער.
שטעלן זיי זיך אָפּ.
— שוין?
זעט ער גאָרנישט.
זאָגן זיי, אַז כאָטש ער זעט גאָרנישט, איז דאָך שוין נישט ווייט פון גן־עדן, און דעריבער מוזן זיי אים צובינדן די אויגן.
— נאָך וואָס?
יעדער צדיק, גיבן זיי אים צו פאַרשטיין, האָט פּראָוו צו זען נאָר זיין חדר, ערשט שפּעטער, אַז צדיקים קומען צו גאַסט און פאַרבעטן צו זיך, קאָן מען זען דעם גאַנצן גן־עדן, און אַזוי, ווי זיי וועלן מוזן אַדורך דורך חדרים פון אַנדערע צדיקים, מוז מען אים די אויגן פאַרשטעלן.
לאָזט ער זיך. נעמען זיי אים אַרויס דאָס רויטע פולאַרענע טיכל, בינדן אים די אויגן צו, און מען פליט ווייטער. און מען שטעלט זיך ווידער אָפּ:
— ביסט שוין אין דיין חדר.

– בינדט מיר – בעט ער זיך – די אויגן אויף!
זאָגן זיי:
– באַלד!
פריער מוז מען אַלץ מכין זיין.
קודם איבערטון.
רייסט מען אים פון לייב אַראָפּ די אַלטע מלבושים און מען טוט אים אָן אַנדערע, זאָגנדיק:
– דאָס זענען דיינע בגדי מלכות.
זיי רייסן אַפילו, די בגדי מלכות... מן-הסתם דאַרף אַזוי זיין!
זעצט מען אים און מען זאָגט:
– דאָס איז דיין גאָלדענער שטול!
מען רוקט אים עפּעס אַרונטער אונטער די פיס.
– דאָס איז דיין פוס-בענקעלע.
מען טוט אים עפּעס אָן אויפן קאָפּ.
– דאָס איז דיין גאָלדענע קרוין!
מען רוקט עפּעס פאַר אים צו.
– דאָס איז דיין טיש מיט לויתן און יין המשומר!
און פּלוצים דערהערט זיך פון אַלע זייטן אַ געלעכטער, אָבער אַ געלעכטער, מען האַלט זיך אַרום, זעט אויס, פאַר די זייטן, מען פּלאַצט פאַר געלעכטער.
גיט ער אַ ריס אָפּ דאָס טוך פון די אויגן: שטייט פאַר אים אַ הילצערנער קיך-טיש, און אויף צינערנע הקדש-טעלער ליגן אין אַ סמאָלע שוואַרצע שקצים ורמשים...
אויפן לייב האָט ער מלבושים פון חזיר-האָר, דאָס בייסט; אויפן קאָפּ – אַן אַלטע שלאָף-מיץ, אונטער די פיס – אַן אויסגעלאָשענעם פייער-טאָפּ, און זיצן זיצט ער אויף אַ שטול מיט – אַ לאָך אין דער מיט...

– – – – – – – – – – – – – – – – – –

כאַפּט ער זיך אויף פון חלום, זיצט אים צוקאָפּנס דער מרא דאתרא, נאָך אַ נדבה געקומען און דאָ געוואַרט, ער זאָל זיך אויפכאַפּן.

דערציילט פֿר אים כהויה, וואָס עס האָט זיך אים געחלומט:

— רבי — קרעכצט ער, — פֿאַרוואָס?

לאָזט דער רב אַראָפּ די לאַנגע ברעמען, קלערט אַ ווײַלע און ענטפֿערט מיט אַ שמייכל:

— וואָס דען מיינסטו, מאָטל? אַז מען גיט צדקה מיט אַ געלעכטערל, איז דער גן-עדן — חוזק!

פֿון דאַמאָלט אָן האָט מאָטל געגעבן נאָר מתּן בסתר.

מיט דער צײַט האָט מען אים גערופֿן נישט מער ווי מאָטל.

דער נאָמען „פּרינץ" איז פֿאַרגעסן געוואָרן.

# פּרינצעסין קוניגונדאַ און פּרינץ פּראָש

(אַן אמתע מעשה)

געשען איז די מעשה אין אַלערלייבורג.

וואו אַלערלייבורג ליגט, פרעגט אַ געאָגראַף; ווען די מעשה איז געשען, ווייס געוויס אַ היסטאָריקער...

איך ווייס נאָר די מעשה אַליין, נאָר פאַר דאָס פון דער ערשטער האַנט.

און די מעשה הייבט זיך אָן זייער אינטערעסאַנט: די קעניגין פון אַלערלייבורג ריכט זיך אין בעט אַריין.

גיין צו קינד איז נישט קיין קלייניגקייט; ביי אַן ערשטלינג הייגנט דאָס לעבן אויף אַ האָר; בפרט, אַז עס גייט דאָס ערשטע מאָל צו קינד אַן אײדעלע, פּאָעטישע קעניגין! — גאַנץ אַלערלייבורג איז פאַרנומען דערמיט, ווייבער זיפצן, מענער שאָקלען מיט די קעפּ און דער קעניג —

אויפן קעניג, מוז איך זאָגן, פלעגט מען אַביסל רעדן; שטילערהייט זאָגט מען, אַז ער האָט אַ האַרץ אַזוי גרויס, אַזוי ברייט, ווי דער קעניגלעכער פּאַלאַץ און אַז אַלע הויף-דאַמען וואוינען גאַנץ באַקוועם איןביידע.

אַלע איז אייגנטלעך איבערטריבן; נישט אַלע הויף-דאַמען זענען יונג און שיין: נאָר די הויפּטזאַך איז, אַז דער קעניג איז נאָר אַ שיינגייסט געווען; אַ בעלן אויף אַ חן-גריבעלע, אַ פּעפּערל, אויף עפּעס גאַנץ פּיקאַנטעס, אָבער ווייטער נישט. אַ הויפדאַמע, צ. ב., האָט אים געקאָנט געפעלן מיט גאָר אַ קלייניגקייט: מיט אַ קליין, שקאָצעריש-אויפגעריסן נעזל; נו, פלעגט ער ליב האָבן אין דעם נעזל אַרייצושנעלן,

און צו צאָלן אין געלעכטער אַ טאָלער פאַר אַ שנעל, נאַטירלעך אויף אַ האָר-נאָדל! אַ צווייטע האָט געהאַט אַ וואונדערלעך דין-דורכזיכטיק-רויזיק אויערל, פלעגט דער קעניג ליב האָבן עפעס דערינען איינצורוימען; וואָס? ווייס איין גאָט, זיי האָבן שוין ביידע פאַרגעסן; נאָר בשעת מעשה פלעגט די דאַמע רויט, און די קעניגין בלאַס ווערן. ביי אַ דריטער, צ. ב., האָט ער באַמערקט אויגן, ווי בלויע בלימעלעך און ער איז געווען אַ ליבהאָבער פון בלומען, פלעגט ער שטונדן-לאַנג אין זיי אַריינקוקן און דערווייל פאַרהערן, וואָס דער מיניסטער ראַפּאָרטירט. ער פלעגט מעכאַניש נאָכזאָגן דאָס לעצטע וואָרט: הענגען — הענגען, קעפן — קעפן! און דערנאָך זיך וואונדערן: איך האָב געהייסן? אַזוי אויך פלעגט ער אַמאָל אונטערן טיש דערטאַפּן אַ דין פיסל, און קיין איינציקע הויף-דאַמע האָט נישט געטאָרט האָבן קיין הינער-אויגן, זי זאָל נישט אויפשרייען און באַאומרויקן דעם גאַנצן טיש... סיי ווי סיי, זעט איר, אַז אין די הויף-דאַמען זענען אים געפעלן נאָר קלייניגקייטן; ווען מען לייגט זיי צוזאַמען, פאַרנעמען זיי אַ גאָרנישט; בשעת, ווען אין דער קעניגין האָט ער געהאַט און פאַרגעטערט — גאַנצע צענדליקער מיילן גיטער און שלעסער מיט לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר!

עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט, אַז דער קעניג אַליין האָט זיך אויך באַאומרויקט און באַשעפטיקט מיטן וויכטיקן צופאַל. און ווייל עס האָט זיך דאַמאָלט אין הויף קיין ביי פעפערל נישט באַוויזן, קיין רעוואָלוציע איז אין דער לופט נישט געהאָנגען, נאָר אייניקע סטודענטן — פון קריג-פירן איז אויך קיין רעדע נישט געוועזן, האָט דער קעניג זיך גענומען גאַנץ ענערגיש צו דער זאַך. ערשטנס, האָט ער גערופן דעם הויף-שניידער און געהייסן זיך פאָרבארייטן:
1) אַ גאַלאַ-מונדיר, אייב די קעניגין וועט בשלום איבערקומען;
2) אַ טרויער-מונדיר אינגאַנצן מיט טרופּע באַדעקט — אייב נישט; און דערנאָך באַפוילן, מען זאָל צוזאַמענרופן אַלע מיניסטאָרן, סענאַטאָרן און געהיים-ראַטן, צו קלערן, וואָס צו טון.

עס זענען געפֿאַלן פֿאַרשיידענע דעות, נאָר דער קעניג האָט געהייסן יוצא זיין לכל הדעות. מען האָט דעריבער באַשטעלט אַלע באַרימטע אַקושערן און באַפֿוילן, יעדער פֿון זיי זאָל גרייט האָבן אַ גאָלדענע צוואַנג, טאָמער וויל דער פּרינץ נישט געגנווילליק אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין. אויך האָט מען באַשטעלט צום אויספּרובן אַלע היימישע מיטל. אויסער דעם האָט מען געוואַלטיק געקלונגען אין אַלע קלויסטערס, בשעת ווען אין מעטשעטן האָט מען געשריען: אַללאַה! אַללאַה! אין אַלערלייבורג איז אַ קליין מנין געצנדינער געוועזן, האָבן זיי אַרום פּאַלאַץ הקפות געמאַכט מיט די שטיינער און ביינער אין די הענט. אין יידן אַפּילו האָט מען נישט פֿאַרגעסן, אַלע מוזן גאָט בעטן, און ווער עס איז נישט געלאָפֿן אין שול אַריין, דעם האָט מען מיט בלייערנע רעמעטלעך אונטערגעשמיסן... אַ ציגיינער האָט מען אויך באַשטעלט, אפשר וויל גאָט נישט העלפֿן, זאָל ער ביים טייוול פּועלן!

דער הויף־נאַר (אָן וועלכן דער קעניג מאַכט נישט קיין שריט, ער זאָל נישט אַריינפֿאַלן אין מרה־שחורה) איז אויך דערביי געוועזן, הינטער דעם קעניגס טראָן געשטאַנען. ער האָט אַפּילו אַן אַנדער עצה געגעבן. בשעת מעשה, — האָט ער געראָטן, — זאָל עמעץ איינרוימען דער קעניגין אין אויער אַ וואָרט אמת; דער פּרינץ וועט דערהערן און אַרויסשפּרינגען פֿון דער הויט! ליידער אָבער האָט מען געזוכט אין אַלע הייזער און לאַדן אַ וואָר וואָרט פֿאַרן קעניג און נישט געפֿונען. טייל האָבן קיינמאָל די סחורה נישט געהאַלטן, אַנדערע האָבן שוין לאַנג אַרויסגעוואָרפֿן דעם הבל אויפֿן מיסט. מאַנכע האָבן אפשר געהאַט, נאָר געלייקנט שטיין־און־ביין, טראַכטנדיק: אָדער מען מאַכט חוזק, אָדער מען וויל עפּעס געוואָר ווערן!

פֿאַר דאָס האָט מען באַקומען שטרוי אין די מאַסן, אין אַלע גאַסן אויסגעלייגט, די קעניגין זאָל רויק שלאָפֿן און נישט הערן, וואָס אין דרויסן טוט זיך.

ענדלעך איז די קעניגין איבערגעקומען!
ווער אייגנטלעך עס האָט געהאָלפן, ווייס מען נישט ביזן היינטיקן טאָג; אפשר די מעדיצין, אפשר אימיצער אַ גאָט און אפשר דער ימח־שמוניק...
געשווינדער דער ימח־שמוניק — ווייל ווי אויף להכעיס איז געבוירן געוואָרן נישט קיין פרינץ נאָר אַ פרינצעסין! אַזאַ שפּאַס פּאַסט פּאַר אַזאַ פּאַרשוין!
מען האָט זיך אין הויף געוואונטשן, געזונגען, געשפּילט, געטרונקען און געטאַנצט, אַפילו גאָט געלויבט; מען האָט דער פּרינצעסין אַ נאָמען געגעבן — קוניגונדא. נאָר צופרידן איז קיינער נישט געווען! די מעדיצינער, די גייסטליכע מיטן ציגיינער האָבן זיך געקריגט, געשאָלטן און די האָר אויסגעריסן — יעדערער האָט זיך צוגעשריבן דעם גאַנצן פּאַרדינסט אין דער זאַך. דער קעניג האָט, נאַטירלעך, געוואָלט אַ פּרינץ און גערעכנט, אַז די קעניגין האָט עס אים צו להכעיס געטאָן! ווי אַזוי? אַ קשיא אויף ווייבער! נאָר דער עיקר אומצופרידן איז געווען גאַנץ אַלערלייבורג. עס האָט אַזויפיל געקאָסט — דער גאַנץ־יאָריקער שטייער פון זאַלץ — און צום סוף אַ פּרינצעסין! דער קעניג איז נאָך אַפילו יונג, האָט אַפּעטיט, אויפן פּנים — אַ מאַנספּאַרשוין, נאָר ווער ווייס! ער צעוואַרפט זיך אויף פעפערלעך און אַלערליי קלייניגקייטן און וועט נישט צוזאַמענגעמען די כּחות אויף אַ פּרינץ! און מאַכט ער חלילה צו אַן אויג, וועט רעגירן אַ נקבה — אַ שאַנד פּאַר פּאַר אַזאַ לאַנד! — אָדער די זעקס און דרייסיק קעניגלעכע פעטער וועלן צעררייסן אַלערלייבורג, ווי די וועלף!
מיט דער צייט איז דאָך שטיל געוואָרן. די נויט־העלפער זענען זיך צעפאָרן, דער קעניג האָט זיך געטרייסט מיטן הויף־נאַר און אַ ניי פעפערל ביי אַ נייער הויף־דאַמע. אַלערלייבורג האָט באַקומען אַ וויכטיקער געשעפט צום זאָרגן: עס איז געוואָרן אַ פּגירה אויף שאָף, און אַלע האָבן אָן דער פּרינצעסין קוניגונדא פאַרגעסן!
געדענקט אָן איר האָט די קעניגין אַליין.

ערשטנס: אַ מוטער בלייבט מוטער, און צווייטנס — די קעניגין אַליין איז אויך פֿאַרגעסן געוואָרן, און די פּרינצעסין איז געוואָרן איר איינציקע טרייסט.

און זי האָט זיך מיט איר גאַנץ ערנסט פֿאַרנומען, מיטן גאַנצן האַרץ!

און דער קעניגין איז איינמאָל איינגעפֿאַלן, אַז מען דאַרף זען די פּרינצעסין קוניגונדא זאָל גליקלעך זיין.

פֿון זיך אַליין האָט זי געוואוסט, אַז אַ קרוין אויפֿן קאָפּ איז נאָך גאָר קיין גליק נישט פֿאַרן האַרץ. גאַנץ אָפֿט האָט ביי איר אייגענעם מאַן דאָס איינפֿאַכסטע הויף-פֿריילין מער גליק געהאַט פֿאַר איר. אויך טרעפֿט זיך, אַז אין גאַס לאַכט מען און מען פֿרייט זיך פֿיל מער, ווי אין פּאַלאַץ. זי האָט, דורכפֿאָרנדיק, געזען נאַקעטע און באָרוועסע לאַכן, הונגערי־דאַרע שמייכלען, בשעת ווען זי האָט געשנירט די ליפּן מיט כּח, זיי זאָלן נישט ציטערן און אין די אויגן האָבן איינגעהאַלטענע טרערן, ווי פֿייער געברענט!

— גליק, — טראַכט די קעניגין, — מוז זיין ביי גאָט אין די הענט; פּיליכט דאָס איינציקע, וואָס ער האָט זיין שטעלפֿאַרטרעטער אויף דער ערד — דעם קעניג — נישט איבערגעגעבן! ווייל דער קעניג אַליין איז אויך נישט גליקלעך, טיילמאָל שלאָפֿט ער נישט! און זי האָט ער קוים אַכט צייצען טאָג געקאָנט גליקלעך מאַכן.

„גליק איז ביי גאָט אין דער האַנט!“ און אויף דער קעניגינס באַפֿעל האָבן זיך נאָך אַמאָל פֿאַרזאַמלט די אַלע, וואָס האָבן, לויט זיי אַליין אָדער אַנדערע זאָגן, אַ דעה ביי גאָט!

בענטשן די פּרינצעסין זענען געקומען דערווישן, גלחים און רבנים...

און זיי האָבן איינער נאָכן צווייטן זיך ביי דער וויג געשטעלט; אַראָפּגעלאָזט די פֿרומע אויגן צום פֿרישן פּאָמידאָרן קעפּל אין וויג, אויפֿגעהויבן זיי צום בלאַנקן גאָלד-קריסטאַלן הענגלייכטער

אין דער הויך; געבלאָנקעט זיך מיטן בליק אויף אַלע פּאַר-
ציטערטע אין דער הויך; געבלאָנקעט זיך מיטן בליק אויף אַלע
פּאַרציטערטע פיר ווענט, אָדער אַרויסגעשיקט דעם בליק דורכן
פענסטער און נאָכגעיאָגט אַ לייכטן נעבל אין בלויען הימל.
דערביי האָט מען געמורמלט דעם שפּרוך...

דערפאַר האָט זיי די קעניגין טייערע גאַרטלען געשענקט;
געשטיקטע, — פאַר די גלחים — מיט בריליאַנטן, פאַר די דער-
ווישן — מיט פּערל און פאַר די רבנים — מיט גאָלדענע פעדעם.

נאָר די קעניגין איז נישט צופרידן געווען! זיי האָבן
גריכיש, לאַטיין, טירקיש און העברעיש געמורמלט; אַלץ
אויף פרעמדע, אויף טויטע שפּראַכן. צי האָבן זיי געבענטשט
צי געשאָלטן? ווער ווייס?

זי האָט קיין איינציק וואָרט נישט פאַרשטאַנען.

און די אַם, — די שענסטע און געזונטסטע פויערטע פון
גאַנצן לאַנד, — איז אויך נישט צופרידן פון גייסטליכן שפּרוך.
זי רעדט אויס איר האַרץ פאַר דער קעניגין:

זי גלויבט אין גאָט, זי גלויבט שטאַרק אין גאָט!
אַז גאָט וויל, — זאָגט זי, — קאָן ער אַלעס. נאָר צי קאָן ער
אַזוי פיל וועלן? ער איז צו אַ גרויסער פריץ אין זיינע
הויכע הימלען און האָט צופיל צו טאָן. ווען ער מוז אַלץ
שפּייזן! פון שוואַכסטן גרעזל, וואָס ציט זיך קוים לעבעדיק
פון אַ טראָפּן בלאָטע אַרויס, ביז דעם העכסטן בוים, וואָס
שפּאַרט זיך מיט געוואַלט אין הימל אַריין! ער מוז שפּייזן די
לייכטע פייגל אין דער לופט, די פרעסיקע פיש אין וואַסער,
די חיות אין וואַלד און אויסער דעם אַלע, אַלע מענטשן! טייל
דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, אַנדערע כאָטש אַ שטיקל דאַר
ברויט אויף אַ מעת-לעת! וויפיל פויערן און פויערטעס, וויפיל
יידן און פריצים, וויפיל גלחים און גרויסע לייט! ווען רוט
ער? ווען האָט ער צייט צו באַטראַכטן?

זי ווייס! טיילמאָל איז ער זיך טועה פאַר איילעניש,
און שפּריצט מיט רעגן, ווען מען דאַרף עס זאָל טריקענען

דאָס היי, און דאָס פּי נעבעך פגרט און פגרט! אַן אַנדערש מאָל כאַפּט ער און שיט פייער פאַר וואַסער און פאַרברענט די תבואה אויפן פעלד און מענטשן עסן קלייען, קאַרטאָפל־שאָלן און ליים, און פלאַנצן, אָדער שטאַרבן פאַר הונגער! זי אַליין האָט זיך פריער געהאַלטן אָן גאָט! שטענדיק פאַר אים גע־וויינט און געבעטן זיך, נאָר זעלטן האָט עס איר געהאָלפן...

גאָר עפּעס אַנדערש איז זיין קעגנער, דער טייוול, ימח שמו. (דער „ימח שמו” איז אונזער, די פויערטע קריגט דאָס פיבער ביי זיין נאָמען.) ער איז שוין, זאָגט זי, אַ זיכערער פּאַטראָן! ער איז אויך גרויס, ער האָט אויך אַ פּאַלאַץ פון פייער אונטער דער ערד, נאָר ער פירט קיין וועלט נישט; ער האָט צייט! און דערצו איז ער אַ לעב־קינד, אַ פריילעכע זאַך און קיינמאָל נישט שטאָלץ ביי זיך. טיילמאָל כאַפּט ער זיך אַפילו אַריין אין קרעטשמע און טאַנצט מיטן ערשטן בעסטן פויערן־מיידל, אַז עס פליען פונקען! גאַנץ אָפט פאַר־שטעלט ער זיך אין אַלערליי מענטשן, חיות און עופות און באַוויַזט זיינע קונצן! אַ פרייער פויגל איז ער, און דעריבער קאָן מען אַמאָל ביי אים מיט אַ גראָשנדיק ליכטל מער פועלן, ווי ביי גאָט מיט וועקסענע ליכט און שטורקאַצן!

— על כן, — ראַט די אַם, — זאָל די קעניגין ביי אים בעטן גליק פאַר דער פרינצעסין קוניגונדאַ! זאָלן זיך אויף איר באַפעל פאַרזאַמלען אַלע כשוף־מאַכערינס פון גאַנץ אַלערלייבורג און ווינטשן און בענטשן דאָס קינד. און וועלכע עס וועט זאָגן דעם בעסטן וואונש, זאָל באַקומען דאָס שענסטע און טייערסטע געשענק.

דער קעניגין איז אַביסל אומהיימלעך געוואָרן, דאָך האָט זי אויס ליבע צו דער פרינצעסין קוניגונדאַ איבערגעדייבערט די שרעק און געהייסן אויפזוכן אַלע אַלטע מכשפות.

דערביי, פאַר דאַנקבאַרקייט צו דער אַם, האָט די קעניגין באַפוילן, מען זאָל אויסזוכן דאָס בעסטע ערדענע פייפערל און שיקן איר קינד אין דאָרף אַריין — אַ מתנה פון דער קעניגין.

די געשיכטע שווייגט, צי דאָס פייפערל איז אָנגעקומען גאַנץ אין דאָרף אַריין, נאָר דאָס איז זיכער, אַז גאַנצע זיבן אַלטע, איינגעשרומפּענע מכשפות האָבן זיך אויפגעקליבן אין אַלערלייבורג; אַז זיי זענען אַריינגעקומען, איז פינסטער געוואָרן אין צימער, און אַ שאָטן האָט זיך געלייגט אויף דער פּרינצעסינס וויג. די קעניגין האָט געפילט, אַז די שרעק פרעסט איר צו דאָס האַרץ, נאָר עס איז שוין צו שפּעט געוועזן זיך צוריקצוציען; באַליידיקן דעם טייוול טאָר מען אודאי נישט! זי האָט זיך געמאַכט אַ האַרץ און האָט צו די כשוף-מאַכערינס אַזוי געזאָגט:

— אָט דאָ אין דער גאָלדענער וויג, ליגט די פּרינצעסין קוניגונדאַ! מען זעט עס אין איר דערווייל נישט אָן, נאָר אַז זי וועט אויפוואַקסן מיט גאָטס הילף, און דערצויגן ווערן אונטער מיין אויג און אונטער דעם אויג פון אונזער הויף-צערעמאָניע-זינג-שפּיל-און טאַנץ-מייסטערין און וועט נאָך רעדן אַביסל פראַנצויזיש, וועט זי זיין פּרינצעסין אין יעדען פאַל. ווער שמועסט, אַז זי וועט אָנטון אַ גאָלדן געשטיקט קלייד, גאַרנירט מיט טייערע שטיינער און אַרויפלייגן אַ קרוין אויפן קאָפּ — וועט עס אַ בלינדער זען! נאָר דאָס, אייגענטלעך, ווייסט איר אַליין! — — אַצינד הערט: מיט אַלעם גוטן — רייכטום, ערע, אַ פּרינץ, און פילייכט אַ פּאַרטיקן קעניג, פּאַר אַ מאַן, וועלן מיר, דאָס הייסט דער קעניג און איך, די פּרינצעסין שוין פאַרזאָרגן! נאָר פון מער האָבן טוט דער קאָפּ נישט וויי — ווינשט מער, ווינשט וואָס איר קענט, און איך וועל אייך רייך באַלוינען.

— גוט, — האָבן געענטפערט די זיבן אַלטע שוואַרצע ווייבער און געצויגן קניפּלעך אין וואָס פּאַר אָרדנונג זיי זאָלן צוגיין צו דער וויג.

און די ערשטע כשוף-מאַכערין האָט געזאָגט:

— גליקלעך קינד! אַ פּרינצעסין ביסטו שוין געבוירן! ביטער און שלעסער און אַ געקרוינטן מאַן, וועלן דיר דער

קעניג מיט דער קעניגין מן הסתם געבן! די קעניגין אַליין זאָגט עס! איך פון מ״ין זייט ווינש דיר געזונט!

די קעניגין האָט זיך דערפרייט. איר קינד וועט נישט מאָזלען, נישט פאָקן, נישט ליידן אויף ציינדלעך! עס וועט זיך אים אַפילו פון אויערל נישט גיסן! עפּעס אַ שפּרענקעלע איז געשטאַנען אויף דעם נעזל ביי דער פּרינצעסין, איז עס אויך ביים שפּרוך פאַרשוואונדן געוואָרן!

— און לאַנג זאָלסטו לעבן! — איז דערווייל צוגעגאַנגען און געזאָגט די צווייטע.

— אויך אַ גוטע זאַך, — טראַכט די קעניגין, — אַלטע ווייבער האָט אַפילו די וועלט נישט ליב, נאָר אַלטע פּרינצעסינס מוז מען שוין ליידן; איר וועט מען אייביק קושן די האַנט!

די דריטע האָט געוואונשן: און שיין זאָלסטו זיין, ווי די וועלט!

די קעניגין האָט זיך נאָך מער דערפרייט! אין דער־זעלבער סעקונדע איז די קליינע רויטלעכע פּרינצעסין געוואָרן ווייס, ווי אַן אַלבאַסטער, באַשיינפּערלעך האָבן איר אָנגעהויבן זיידענע הערלעך צו שפּראָצן! אַך, פון אַלע עקן אין דער וועלט וועלן פּרינצן און קעניגן קומען און קניען און בעטן איר האַנט!

— און קלוג, — האָט די פערטע געזאָגט, — זאָלסטו זיין, ווי די וועלט!

— וואויל! — רופט אויס די קעניגין. זי וועט זיי רעטע־נישן שטעלן, קלוגע, טיפע רעטענישן, און ווער עס וועט טרעפן, וועט זיין איר מאַן!

די פינפטע האָט געוואונטשן: ליבע צום מאַן. די זעקסטע: ליבע פון מאַן צו איר. ענדלעך איז צוגעגאַנגען די זיבעטע און געזאָגט:

— דו האָסט שוין אַלעס, פּרינצעסין, אַצינד ווינש איך דיר, זאָלסט קיינמאָל נישט פאַרלאַנגען נישט־דיינס, נישט וועלן וואָס פרעמדס איז.

— וואָס? — האָט אויסגעשריען די קעניגין פאַרוואונדערט,

נאָר די אַם האָט אָנגעהויבן אַרומצוטאַנצן אין שטוב פאַר פרייד און געשריען:

— אָ! אָ! גוט און פרום וועט זי זיין, מיין פרינצעסין וועט שוין גוט און פרום זיין!

מיט אַן אַם טאָר מען שוין נישט שפּאַרן, און די קעניגין האָט געמוזט דער זיבעטער כשוף־מאַכערין אויסער אַלע מתּנות נאָך צוגעבן אַ פּאָר גאָלדענע פּאַנטעפעלעך, אין וועלכע זי האָט געטאַנצט צו די תּנאים...

---

און עס איז געשען אַזוינס, וואָס זייט די וועלט שטייט איז נאָך נישט געשען. אַלע זיבן ווייבער האָבן אמת געזאָגט. שוין אין וויג האָט די פּרינצעסין געבליט ווי אַ רויז, און האָט זיך אַזוי קלוג געוויזן, אַז מען האָט זי פאַררעכנט אין סענאַט אַריין! נאָר באַלד דערנאָך האָט זיך אויסגעוויזן, אַז נישט אַלץ איז גאָלד, וואָס עס גלאַנצט, און אַז אַ כשוף־מאַכערין טאָר מען פאָרט נישט טרויען.

איינמאָל, שטעלט איך פאָר, זעצט זיך אויף די פּרינצעסין אין וויג און זאָגט:

— וויגט מיך נישט, פאַרדרייט מיר נישט דעם קאָפּ!...

מען האָט איר צוליב געטאָן.

דערנאָך האָט זי באַפוילן:

— וויקלט מיך נישט! וואָס בינט איר מיך? לאָזט מיך פריי!

עס איז אַפילו אַ מנהג פון קדמונים, נאָר מען האָט איר דאָס אויך נאָכגעגעבן.

ערגער איז געווען, אַז די פּרינצעסין האָט זיך איינמאָל אויפגעזעצט און געפרעגט די קעניגלעכע מוטער, פאַרוואָס אירע בריסטן האָבן קיין מילך נישט. פייער־רויט איז די אָרעמע קעניגין געוואָרן און איז אַרויס פון שטוב. די אַם ענטפערט כמעט מיט כעס:

— אַ קעניגין איז נישט קיין געוויינלעכע פרוי, זי זאָל אַרומגיין, ווי אַ קו מיט מילך...

— און די הויף-דאַמען ? — פרעגט ווייטער די פרינצעסין.

— דאָס זענען דאָך מאַמזעלן! — שרייט אַרויס די אַם, פאַרגעסנדיק, אַז זי רעדט מיט אַ קינד. דאָס זענען דאָך מאַמזעלען, זיי פּאַסט גאָרנישט צו האָבן אַ קינד, און מילך באַשערט גאָט נאָר דער מוטער פאַר איר אייגן קינד!

— בין איך ד י י ן קינד? — פרעגט די פרינצעסין שאַרף.

הייס און קאַלט איז דער אַם געוואָרן.

— מיין קינד, — ענטפערט זי, און פּלוצלונג האָט איר אַ קוואַל טרערן געשפּריצט פון די אויגן, — מיין קינד איז אין דאָרף געבליבן, פייכט ברויט זויגט עס... איך בין אַהער געקומען דיך, פרינצעסין, צו דערנערן! אַ גרויסער כבוד, אַ גרויס גליק האָט מיך געטראָפן!

— און פאַרוואָס וויינסטו?

— פאַר פרייד! — שרייט אויס פאַרצווייפלט די אַם. נאָר עס האָט נישט געהאָלפן!

— וואָס נישט מיין איז, וויל איך נישט! — זאָגט די פרינצעסין און האַלט זיך דערביי שטאָל און אייזן; מען האָט זי געמוזט אַנטוויינען.

נאָר דאָס איז נאָך ווייניק. שפּעטער ווערט זי געוואָר, אַז זי טראָגט, וואָס פרעמדע האָבן אויסגעאַרבעט, וואוינט אין אַ פּאַלאַץ, וואָס פרעמדע האָבן געבויט, און עסט, וואָס פרעמדע האָבן פאַרזייט, געשניטן, געמאָלן און געבאַקן.

דאָס וויל זי נישט!

— וואָס דען ווילסטו, פרינצעסין?

כל-זמן זי קאָן אַליין נישט אַרבעטן וויל זי אין וואַלד אַריין אונטער גאָטס הימל וואוינען, פרוכטן פון פרייען בוים עסן און קליידן זיך ווי די מוטער חוה מיט בלעטער.

— איז דיר אונזערס פרעמד? — פרעגן דער קעניג מיט דער קעניגין.

— עס איז נישט א י י ע ר ס! — ענטפערט די פרינצעסין און טופּעט מיטן פוס.

נאַטירלעך איז זי גיך און באַלד פאַרשוואונדן געוואָרן.

אין געהיים האָט אַלערלייבורג געטרויערט, נאָר אַזוי האָט קיינער אַפילו נישט דעם מוט געהאַט צו פרעגן, וואו זי איז אַהינגעקומען. איז זי אַנטלאָפן אָדער פאַרשיקט, אויף דער צי אויף יענער וועלט? ביינאַכט, בײַ זיך אין דער פינסטער אויפן בעט האָט נישט איינער געזיפצט. נאָר אַזוי — שאַ!

פון דער כשוף-מאַכערינס ברכה איז אַ ק ל ל ה ג ע־ ו ו אָ ר ן!

---

נאָר די פרינצעסין איז נישט אַנטלאָפן, אויך האָט מען זי נישט אומגעבראַכט.

אויפן קעניגס פּאַלאַץ שטייט אַ הויכער טורעם, מען זאָל אים אין הימל דערקענען. אין טורעם איז דאָ אַ קליין אייזערנע שטיבעלע, מיט אַ פּיצעלע פענסטערל, דורך וועלכן עס זעט זיך אַרויס אַ קליין פּיצעלע ערד, נאָר אַ סך הימל.

דאָרט אין שטיבעלע, אונטער ריגל און שלאָס, זיצט די פרינצעסין.

ביינאַכט באַטראַכט זי די שטערן אין הימל און וואונדערט זיך, וואָס זיי זענען אַזוי קאַלט; אַזוי ליכטיק און דאָך נישט וואַרעם; בייטאָג האָט זי עפּעס אַנדערש צו טון. נישט ווייט פון פּאַלאַץ איז געשטאַנען דעם קעניגס שמידעריי, וואו עס האָט געאַרבעט אַן אַלטער שמיד מיט אַ מיטעליאָריקן געהילף און אַ לערניונג, נאָך כמעט אַ קינד.

ערשטנס, האָט זי ליב געהאַט צו באַטראַכטן די פונקען.

— אַ מערכה פאַרן פּאַלאַץ, טראַכט די פרינצעסין, וואָס זיי צעפליען זיך אַזוי לייכטזיניק און ווערן באַלד פאַרלאָשן. אַניט וואָלט שוין לאַנג פון פּאַלאַץ קיין שטיין אויף אַ שטיין נישט געבליבן.

— אַ שאָד, — זיפצט ווייטער די קלוגע פרינצעסין, — אַזוי פיל פייער און אָן אַ שום נוצן!

שפּעטער האָט זי זיך גענומען צו באַטראַכטן די אַרבעטער אין דער שמידעריי.

— אויפהאַקן מיינע שלעסער, טראַכט זי, וואָלטן נאָר זײ געקאָנט! נאָר זײ קאָנען מיך באַפרייען!

— לײדער, טראַכט זי ווייטער, איז דער אַלטער שמיד צו אַלט! צווישן אייביקן האַמערן און קלאַפּן, איז ער טויבלעך, מען זעט עס אין די תּנועות זיינע, און ווען איך רוף זיין הילף, וואָלט ער מיך נישט געהערט! זען וועט ער מיך אויך נישט! ער קוקט קיינמאָל נישט העכער פאַר זיין אייגענעם האַמער!

זיין געהילף (פירן זי ווייטער די געדאַנקען) איז יונגער. שטילערהייט וואַרפט ער אַ בליק אין דער הויך, עס איז מעגלעך, ער זאָל מיך דערזען. ווען די אַרבעט שטייט, קאָן ער מיך הערן! נאָר רעטן — וועט ער מיך נישט! ער האָט צופיל שרעק אין אויג, ער בייגט זיך צופיל און צו טיף, אַז עמעץ גייט דורך פון הויף, ער וועט די העזה קיינמאָל נישט האָבן!

— מיין גאַנצע האָפנונג, שמייכלט זי צו זיך אַליין, איז דער יונג ביים באַלג.. איך דערקען אין זיינע פייערדיקע אויגן, אַז ער וועט עס וואַגן! איך דערקען אין זיין פייפן ביי דער אַרבעט, אַז ער האָט ווייניק, גאָר ווייניק דרך ארץ! טיילמאָל גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט, גלייך ער וואָלט דעם באַלג מיטן אַמבאָס צוזאַמען איבערגעקערט... אַז איך וועל אויפוואַקסן און אַרויסשטעקן דעם קאָפּ דורכן פענסטער, וועט ער מיך דערזען, אַז איך וועל מיט אַ קרעפטיקערער שטימע רופן, וועט ער מיך הערן!

און דאַמאָלט (שמייכלט זי ווייטער צו זיך אַליין און ווערט רויט פאַר פאַרגניגן) דאַמאָלט וועט ער זיך פאַרליבן אין מיר, מיך באַפרייען און איך וועל אים גליקלעך מאַכן.

אַזוי טרייסט זיך די פּרינצעסין קוניגונדא.

אין אַ צייט אַרום (יאָרן רעכן איך נישט) איז אין אַלער-לייבורג ווייטער נייעס געשען.

אַלערלייבורג איז איבעראַשט געוואָרן, עס וועט שוין נישט צעריסן און פאַרטיילט ווערן צווישן זעקס און דרייסיק קעניגלעכע פעטער! אַ נייער פרינץ פון דער נאָדל איז געבוירן געוואָרן! — דער קעניג אַליין האָט עס נישט געגלויבט!

הערנדיק, אַז די קעניגין פילט זיך אַנדערש ווי אַלע מאָל, האָט ער, דער קעניג, מיט די פלייצעס געקוועטשט און גרויסע אויגן געמאַכט; ווען די קעניגין איז באַשיינפערלעך דיקער געוואָרן, האָט ער, דער קעניג, זיך דערמאָנט, אַז איינמאָל האָט די קעניגין געטרונקען אין וואַלד וואַסער פון קוואַלן, און האָט געוויס איינגעשלונגען אַ פראָש, און ער וואַקסט איר אין בויך!

אַז מען האָט שפּעטער פאָרגעשלאָגן דעם קעניג, מען זאָל רופן די אַקושערין מיט גאָלדענע צוואַנגען, איז ער בייז געוואָרן און געהייסן רופן אַ מאָגן-דאָקטאָר, ער זאָל אַרויסטרייבן דעם פראָש!

און אַז דער קעניג האָט געזאָגט פראָש, האָבן אַלע נאָכגעזאָגט: פראָש!

און אַז דער פראָש איז דערנאָך אַרויס מיט הענט און פיס און אויגן, ווי אַ מענטש, האָט ער, דער קעניג, אַ געשריי געטאָן: צו וועמען איז ער ענלעך? נאָר גיך און באַלד האָט ער אין דער פראַגע פאַרגעסן. אויפן ערשטן באַל האָט ער געפונען גאָר אַ ניי, פריש, וואונדערלעך פעפערל און האָט אינם פרינץ פראָש גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן.

צו וועמען דער פרינץ פראָש איז ענלעך, ווייס מען נאָך נישט, נאָר נערוועז איז ער און קרענקלעך... און דער הויף-דאָקטאָר צווייפלט, צי פון אים וועט נאָך אַמאָל אַרויס באַדיי אַ פרינץ-פליג אָדער פרינץ-פלוי.

נאָר דער עיקר מעשה איז, אַז בשעת דער קעניג האָט געעפנט דעם גרויסן באַל מיטן נייעם פעפערל, בשעת ווען טראָמפּייטן און פאַרפאַרן האָבן געשמעטערט און גאַנץ

אַלערליייבורג האָט געשריען „הוראַ!” האָט דער באַלג-יונג, וואָס איז דערווייל אויפגעוואַקסן, אויפגעריסן די שלעסער און באַפרייט די פרינצעסין קוניגונדאַ.

זיי זענען דערווייל ערגעץ באַהאַלטן, נאָר מיט דער צייט, רעכנט מען אויף זיכער, וועלן זיי גליקלעך אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין. — און דאַמאָלט וועלן אַלע זיבן ווייבער האָבן אמת געזאָגט.

---

# אָבער דאַווענען מוז מען דאָך

בערל שניידער האָט קוים דערלעבט זיין זון, דער דאָקטאָר, זאָל צוריק אַהיים קומען, אין דער היים וועט ער האָבן פּראַקטיקע, מען וועט שוין קרענקען!

געקומען איז דער זון פרייטאָג, און שבת וויל אים דער פאָטער מיטנעמען דאַווענען.

– איך וועל נישט גיין, טאַטע! – מאַכט דער דאָקטאָר..

– וואָס, שעמסט דיך מיט מיר צו גיין?

– גאָט באַהיט, טאַטע, וואָס פאַלט דיר איין...

– אָבער, אַז מען איז אַ דאָקטאָר, מיינסטו, דאַרף מען שוין נישט גאָט בעטן, גאָט לויבן?...

– נישט דאָס, טאַטע...

– וואָס דען? זאָג! ביסט אפשר מיר, חס ושלום, נישט געזונט.

– ניין, טאַטע! נאָר גיין וויל איך נישט.

– איך בין אַ בעלן צו וויסן פאַרוואָס.

– נו, אדרבא, זעץ דיך, טאַטע, איך וועל דיר זאָגן פאַרוואָס.

דער אַלטער לייגט אַוועק דעם טלית און זעצט זיך.

– נו, זאָג אדרבא, לאָמיך אויך פאַרשטיין אַ זאַך!

– גוט... שטעל דיר פאָר, טאַטע, אַז דו ביסט רייך, אַזוי רייך, אַז עטלעכע רובל מאַכן ביי דיר גאָרנישט אויס...

דער פאָטער זיפצט אָפּ. כדי פון זון אַ דאָקטאָר צו מאַכן, האָט ער זיך איבערן קאָפּ פאַרזעצט. אַ הייזל האָט ער געהאַט – אויס הייזל, קאָמאָרינע זיצט ער, די מאַשינען אויך פאַרקויפט.

— נו, — מאַכט ער, און זיפֿצט שווער אָפּ.

— אַלזאָ, די ביסט רייך, און קעגנאיבער דיר וואוינט אַן אלמנה, אַ שוואַכע, אַ קראַנקע אלמנה, לאָז נאָך זיין מיט קינדער און מען דאַרף זי שטיצן.

— וואָלט איך אודאי געשטיצט!

— נאָר, צי וואָלסטו געוואַרט, ביז די אלמנה זאָל דיך קומען בעטן, חלשן פאַר דיר, אויסגיסן טייכן טרערן?

— חס ושלום? נאָך וואָס? אַז איך ווייס...

— און גאָט — וואָס איז ער, בעסער אָדער ערגער פאַר דיר?

— וואָס רעדסטו, אַ שאלה דאָס איז!

— נו, — טריאומפירט דער זון דער דאָקטאָר, — אַז גאָט איז בעסער, ווייס ער אַליין, וואָס אַן אָרעמער, שוואַכער און קרענקלעכער מענש באַדאַרף, און וועט נישט וואַרטן, מען זאָל אים בעטן...

— אָבער...

— גאָט לויבן, מיינסטו?

— זאָל זיין...

— נו, טאַטע, ווי וואָלט דיר געפעלן, עס זאָל זיך דיר עמעץ אַנטקעגן שטעלן און לויבן אין די אויגן אַריין: אַ וואוילער שניידער, אַ גוטער שניידער, אַן ערלעכער שניידער. אָבער וואָס הייסט אַ שניידער! נאָר אַן אמתער שניידער! אַן איינאיינציקער שניידער!

— אך, — מאַכט אומגעדולדיק דער אַלטער, — די גרינגע גאַל גייט זיך אָן!

— און ווייסטו פאַרוואָס? ווייל דו ביסט קיין נאַר נישט, זאָלסט הנאה האָבן פון נאַרישן לויבן. און דו ביסט אַ מענטש, אַ שוואַכער מענטש, וואָס שענדן קאָן דיר שאַטן, און לויבן העלפן...

— אָבער...

— קיין אָבער! טאַטע, קיין אָבער! גאָט איז קליגער פאַר אונז, און ער, מיינסט, דאַרף אונזער לויב! ער דאַרף מען

זאָל זיך דריי מאָל אין טאָג אַנידערשטעלן ; אַ גוטער שניידער, אַ וואוילער שניידער —

— וואָס רעדסטו . . .

— נו, זאָל זיין: אַ גוטער גאָט, אַ וואוילער גאָט, הימל און ערד בּאַשאַפן. . . צי ווייס ער נישט בּעסער?

דער אַלטער פאַרטראַכט זיך אַ רגע און כאַפּט זיך אינגמיטן אויף.

— אַלץ ריכטיק, — זאָגט ער! — אָבער דאַוונען מוז מען דאָך!

---

# פען דע סיעקל *).

אַ בלוי זיידן פּרוכת, וואָס מיר רופן „הימל", טיילט אָפּ א י י ן וועלט פון דער צ ו ו י י ט ע ר.

א י ב ע ר ן פּרוכת איז סאַמע „רוחניות" — הוילע גייסטער; קיין „גוף" און קיין „כח בגוף", קיין שטויב פאַר אַ מיליאָן!

א ו נ ט ע ר ן פּרוכת איז פאַרקערט — סאַמע עפר ואפר, סאַמע זומפּ, סאַמע ערד. צי עס האָט זי דער האַמער, וואָס שמידט אויס די וועלטן, צוזאַמענגעשלאָגן אויף פעסטע, מאַסיווע, איינגעשפּאַרטע, פינסטערע שטיקער, צי ער האָט זי מיט אַ זעץ צעשטויבט און צעשפּריצט, און זיי פליען אַרום פראַנק און פריי אין דער לופטן אין דער הויך — בלאָטע בלייבט בלאָטע!

„פון חזיר-האָר קאָן מען קיין שטריימל נישט מאַכן" און אויפן פאַרשימעלטן זומפּ וואַקסן תאוות, ווי די הונגטס-שוואָמען.

און דאָס בלוי-זיידענע פּרוכת איז די גרענעץ צווישן ביידע וועלטן, און די זון, די לבנה מיט אלע שטערן — סיי די גאָלדענע, סיי די זילבערנע — זענען די יעגער, וואָס היטן די גרענעץ, וואָס לאָזן נישט אַרויף קיין שטויב פון דער בלאָטיקער ערד.

---

*) פען-דע-סיעקל — דער סוף פון יאָר-הונדערט (היינט — פון ניינצענ-טער), און ווייל דער געבילדעטער ניינצענטער יאָר-הונדערט האָט זיך גאָר צום סוף איבערגעדרייט און איז פרום-אנטיסעמיטיש געוואָרן, דעריבער, וואו מען זעט אַן אָפּגעלאָזטקייט, אַ מידקייט, אַ שגעון, אַ נארישקייט, אַ ווילדקייט, אַ וואָס עס איז נישט געוויינלעך, — זאָגט מען: „פען-דע-ס עקל", דאָס ברענגט אלץ דער „סוף פון יאָר-הונדערט".

און וואָס געשיט, אַז עס הויבט זיך טיילמאָל אויף אַ שטויב צו הויך און וויל דוקא אין הימל אַריין?...

טייל זאָגן, אַז דער „עזות-מחוצף-פנים" ווערט פאַרברענט, און אַנדערע, אַז ער וועט אין פייער געריייניקט, און — אַרויפגעלאָזט...

איבערן פרוכת איז — ווי געזאָגט — סאַמע רוחניות.

רוחניות איז דער הימל — גאָטס פּאַלאַץ.

רוחניות — די מלאכים, זיינע לאָקייען, די זאַנפט-ליכטיקע — ווי די הייס ברענענדיקע...

גייסטיק איז אויך אַלץ אינם פּאַלאַץ פון כסא הכבוד, וואָס פאַרבלענדט מיט טויזנטער זונען ביזן פאַרשעמטן טעלערל, וואָס שטייט אינם טונקעלסטן ווינקעלע...

גייסטיק זענען אויך אַלע טויזנטער קליינינקייטן, וואָס זענען צעוואָרפן ביים „זעיר אנפין" אויפן טיש.

און — איך וויל אייך אויסזאָגן אַ סוד — פון אַ קורצע צייט קומען אָט די קליינינקייטן אונזערע נשמות אַרויס.

איר פרעגט, וואו עס איז אַהינגעקומען דער אוצר הנשמות?

ער איז דאָ!

דאָס איז אַ מאַגאַזין מיט טויזנטער, טויזנטער מינים סחורה — געמיינע, בעסערע, גוטע, גאָר גוטע, סופּער-פּען, בעק-פּליוס-אולטרא און גאָר דאָס אויבערשטע פון דער סמעטענע.

איי, איי, וואָס פאַר אַ טייערע נשמות עס זענען דאָרט פאַראַנען!

למשל: נשמות עליונות!

אַז אַזוינס כאַפּט זיך אַראָפּ אויף דער וועלט, פליט עס אַרום אין גאָטס ווייגאָרטן, ווי — להבדיל — אַ בין, און זויגט אויס דעם האָניק פון אַלע בלומען, אָדער (ווי די געלערטע זאָגן) „די לאָגיק פון די פאַקטן!", אין אַלץ וואָס עס געשיט, דערזעט עס נישט נאָר אַ שכל, טיילמאָל אפילו אַ יושר. און עס איז בטבע אַזאַ גוטע בריאה, אַז קוים דערטאַפּט עס דעם

יושר, פּאַטשט עס בראַוואָ, און אַרום שטייט אַן עולם מיט אָפענע מיילער און פּאַטשט נאָך!

געניאַלע נשמות, — אָדער — ווי די לשון־קודש שרייבער זאָגן: „גאונים״ — דאָס זענען אַזוינע לייט, וואָס גייען פאַרן פינסטערן פאָלק ביינאַכט, ווי אַ פייערדיקע זייל, פאַר דאָס זענען זיי רויכיק און וואָלקנדיק בייטאָג. נאָר סיי ווי סיי האָבן זיי די זכיה — צו פירן די דורות איבער דעם מדבר; ווייל אַמאָל דאָס פעבל נישט גיין, הונגעריק און מיד פון שווערן זאַמד, כאַפּט עס אַ געניאַלע נשמה אָן ביי די האָר און שלעפּט.

עס טרעפט זיך אויך פאַרקערט: דאָס פעבל ווערט בייז און כאַפּט אָן די געניאַלע נשמה ביי די האָר און וואַרפט זי אין אַ לייבנגרוב, אין אַ קאַלך־אויוון, אָדער אַזוי אין אַ בלאָטע אַריין; נאָר דאָס מאַכט נישט אויס, אַזוי איז דער גאַנג איבער דעם מדבר!

אָט די איידעלע נשמות — דאָס זענען אַזוינע גאָלדענע, גאָר קליינע פליגעלעך; זיי לייכטן נישט, זיי וואַרעמען נישט, נאָר שיין זענען זיי און אין דער פינסטער צעלאָזן זיי זיך, ווי פונקען איבערן דאַך פון אַ שמידעריי...

אין טייל נעכט איז מען יוצא מיט זיי פאַר שטערן, בעלי־בתים זעען זיי און לייגן זיך אויס אויפן גראָז, מאַכן צו די אויגן און זעען די שענסטע חלומות.

דאַמאָלט ווערט זיי לייכט און ווייך אויפן האַרץ, זיי וואָלטן די גאַנצע וועלט געהאַלזט און געקושט, א י י ן העלפט אודאי. אינטערעסאַנטער נאָך זענען די אָריגינעלע.

אַזאַ בריאה האָט אַ געוויינלעכע הויט, אַן איינפאַכע נאָז, פּראָסטע אויערן, אַלץ, ווי גאָט האָט פאַר אַלע באַשאַפן, נאָר אינעווייניק — אַביסל פאַרקנוידערטע נערוון.

אַזאַ נשמה זעט דעם קול פון טראָמפּייט, הערט דעם טעם פון האָניק, פילט דעם ריח פון לבנה־שטראַלן און קאָן אָנטאַפּן דעם שאָטן פון אַ לאַנג געשטאָרבענעם מפּיל־קינד!

תמוז באַדעקט זיי גאַנץ אָפט אַ געגזענע הויט פאַר קעלט,

און אינמיטן ווינטער שוויצן זיי פאַר היץ, און אַ גאַנץ יאָר עסן זיי ווערמוט פאַר האָניק שטאָק.

דער פּראָסטער עולם זאָגט: משוגע! נאָר מענטשן, וואָס פאַרשטייען, זאָגן: הע! הע! ווּאו נעמט מען אַסך אַזוינע!

עס זענען נאָך פאַראַנען האָר־שפּאַלטענדיקע, שאַרף־באָדל שפּיציקע נשמות.

זיי גנבענען אַרויס בײַ דער שטיפמוטערישער נאַטור אַלע סודות, מאַכן זיך אויף זיי פּאַטענטן און פירן זיי אַרויס צו פאַרקויפן אויפן וועלט־מאַרק...

היינט — נשמות ראַקעטן!

דאָס זענען אַזוינע נשמות, וואָס בליצן אויף, פליען פייפנדיק דורך אין דער לופט און ווערן פאַרברענט, אַפילו מיט ווייניק נוצן, נאָר פאַר דאָס מיט גרויסער פּראַכט! און — וואָס פאַר בראַוואָ זיי קריגן!

איר זעט, אַז איך לייקן נישט אין אוצר הנשמות: פאַרקערט — איך בין מודה, אַז ווער עס קריגט אַזאַ נשמה, גלייך פון אוצר אַרויס, נישט קיין גלגול, וואָס האָט זיך שוין אַרומגעוואַלגערט אין אַן אָקס, אַ טכויר, און גאָט ווייסט וואָס נאָך פאַר אַ חיה — אַז דער, וואָס קריגט אַזאַ נשמה דירעקט, איז אַ מענטש; אַ מענטש, וואָס, ווי עס איז, אַנטלויפט ער נישט פאַר זיך אַליין, שעמט זיך נישט מיטן אייגענעם פּנים און באַהאַלט עס נישט אין בלאָטע, שעצט זיין קורץ לעבן און פאַרשפּילט עס נישט אין דריידל, צי אין קאָרטן!...

יאָ, עס זענען אַמאָל געווען בעסערע צייטן!

דער אוצר הנשמות איז געשטאַנען אָפן, פראַנק און פריי; אויפן טיש איז געלעגן דאָס גרויסע בוך פון הוצאה והכנסה, און דער מאַגאַזינער, — דאַמאָלט נאָך אַ יונגער מלאך, מילך און בלוט — האָט געשריבן און געשריבן: נשמות אַריין, נשמות אַרויס.

רעכטס פלעגן אַרויספליען פרישע ווייסע טייבלעך מיט פעדערלעך, ווי שניי, און לינקס פלעגן אָנקומען אַביסל

אונטערגעברודיקטע, מיט מאַטע אויגעלעך, איינגעבויגענע קעפּלעך און אַביסל אויסגעציפּטע פליגעלעך. און דורך אַ רער האָבן זיך געהערט די באַפעלן פון זיבעטן הימל, איין באַפעל נאָכן צווייטן: אַ נשמה — לק"ק רייוועץ, דריי — לכרך טישוויץ, זעקס — קיין האָציפלאָץ, אַ האַלב שאָק — קיין טייוועלסקויט, אַמאָל אַ נשמה קיין וואַרשוי אויך... און נאַכט אויף נאַכט פלעגט אַרויס אַ טראַנספּאָרט נשמות...

היינט איז די ראָסע אַ פיזישע זאַך; די פייכקייט אין דער לופט, ווייסט מען, זעצט זיך אָפּ אין געשטאַלט פון טראָפּן, אויף די אָפּגעקילטע בלעטער און גראָזן, און דאָס איז דער טוי. —

דאַמאָלט איז עס טרערן געווען, טרערן פון די פרישע נשמות, וואָס האָבן אינם פליען די פינסטערע ערד דערזען, און האָבן זי פאַר שרעק מיט די טרויעריקע פערל פאַרזייט...

און אַלע האָבן דאַמאָלט געקריגן נשמות און אמתע נשמות, פונם רב ביזן בעדער, נאָך איידער אַ מלמדס פוס האָט אָנגערירט די קאַלטע פּאָדלאָגע, האָט זיך שוין אַ מלאך, מיט אַ נשמהלע אונטערן אָרעם, אויסגעגלייכט די ווייסע פליגל, געמאַכט זיך גרייט אין וועג אַריין...

לײדער, — אַמאָל איז געווען!

היינט איז דער אוצר פאַרהאַמערט, די וועגן אַריין און אַרויס באַוואַקסן מיט גראָז...

אינעווייניק זיצט דער אייגענער מאַגאַזינער, נאָר ער האָט שוין אַן אַנדער פנים. אַ קיילעכדיקע לבנה אויפן קאָפּ, אַן נאָכגעלאָזטע אונטערשטע ליפּ און אַ ציטעריק שיטער גרוי בערדל.... מיט מעשענעברילן, פאַררוקט אויפן פאַרמעטענעם שטערן, זיצט ער און דרימלט; נעמט ער אַמאָל די פעדער אין דער האַנט, רייניקט ער אויס מיט איר די שאָקעלדיקע ציין...

פון צייט צו צייט הויבט אָן אַ נשמה ערגעץ אין אַ ווינקעלע צו גענעצן, עס טוט נאָך אַ צווייטע, אַ דריטע,

עס גענעצט דער מאַגאַזין — דער מאַגאַזינער כאַפּט זיך אויף, מאַכט אַ שטרענג פּנים, עפנט דאָס מויל אָנצושרייען און — גענעצט מיט...

איך ווייס נישט, ווי אַזוי עס געער זיך אָן די וועלט מיט יענער וועלט... צי איז יענע וועלט דער איידעלער אָפּגלאַנץ פון דער, אָדער די איז נאָר אַ פאַרגרעבטע יענע — נאָר „אויבן איז אויך פען-דע-סיעקל".

דאָס פּרוכת פון יענער צייט זעט אויס, ווי אַ כמאַרע פאַר אַ וואָלקן-בראָך, אָנגעזאַפּט מיט שוועבל... די שטערן זענען ענלעך צו די געלע מעשענע נעגעלעך אין אַן אַלט-מאָדישער קאַנאַפּע... די לבנה זעט אויס, ווי אַ צינערנער פּורים-טעלער אויף מחצית השקל... איין זון, וואָס האָט נאָך אַ לייטיש פּנים, נאָר ווער זעט זי?

פען-דע-סיעקל שלאָפט נאָך מאָרפינע בייטאָג און שלענ-דערט זיך אַרום דערנערוווירט ביינאַכט אין אַלע גאַסן...

פען-דע-סיעקל אין הימל!

פויל-גרין אָדער וואַקסן-געל — זענען דאָרט די איינציקע מאָדערנע קאָלירן... פויל אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, ווי אָפּצובויגן אַ פּאָדעם שפּינוועבס פון פּנים, איז די איינציקע באַוועגונג! רירן זיך אַמאָל אַ פּאָר בלאָנעבלויע ליפּן, איז „עט!" דאָס איינציקע וואָרט, וואָס ווערט פויל קוים אויס-געאָטעמט...

טיילמאָל הייבן זיך שווערלעך אויף אַ פּאָר שיטערע ברעמען. עס באַווייזן זיך אַ פּאָר מילעכדיקע לבנהדיג-תמעוואַטע אויגן און קוקן זיך אום, נישט פאַרוואונדערט, נישט אינטערעסירט, איין גאָט ווייסט נאָך וואָס, און זיי פאַלן באַלד צוריק...

„נאָך וואָס לוינט צו עפענען דעם אוצר הנשמות!"

„און אַז מיליאַרדן פונקען וועלן אַריין אין דעם זומפּ, וועט עמעץ ביי זייער גלאַנץ אַ יין סעקונדע גליק דערזען?".

„און וואָס העלפט עס, אַז מען שיקט פון צייט צו צייט אַראָפּ געניען? זיי קומען צוריק ריינע פּורים-שפּילער,

באַהאָנגגען מיט פּאַפּירענע מעדאַלן און נאָכשלעפּנדיק מיט אַ גדלות די האָלצערנע שווערטן!"...

„און אַז איינער פאַרגעסט נישט זיין ראָלע און קאָפּעט אַוועק די פינסטערע וועלט פון אָרט, — שלענדערט זי זיך צום ערשטן בעסטן שטיין אויפן וועג און פאַרזינקט נאָך טיפער אין דער בלאָטע...

„און שיקט מען זיי ליכטיקע נשמות, נשמות מיט אידעען, פאַרטוישן זיי די אידעען אויף איבערצייגונגען, אויף פריר-פּונקטן, וואו דער מח ווערט געפרוירן און פאַרגעלעזערט אויף אייביק און קאָן שוין קיין אַנדערע געשטאַלט נישט באַקומען"...

„פון די איבערצייגונגען ווערן נייע שטיינער אויפן וועג"...

אַזוי טראַכט דער פען-דע-סיעקל אין הימל. —

און אַז דער מלאך הממונה על ההריון קלאַפּט אָן נאָך אַ נשמה, פאַרן גרעסטן גבירס בן־יחיד וועגן, לאָזט כביכול אַראָפּ פאַרשעמט די הייליקע אויגן; ער פּויקט ווייטער אין דער שויבן-טיר, „זעיר אנפּין" ווערט אומגעדולדיק און וואַרפט אים אַרויס וואָס עס איז פון שטוב... וואָס עס איז... וואָס עס קומט אים אונטער דער האַנט, אונטערן פוס, קלייניקייטן, וואָס עס לאָזט זיך לייכטער אָנכאַפּן און אַרויסשליידערן דורך טיר און פענסטער... און פון די קלייניקייטן קומען אַרויס קליינע, דראָבנע נשמהלעך! זיי זענען אָפּט גאַנץ שיין, טיילמאָל אויך נוצלעך, אַפילו געלערט, נאָר דראָבנע... זיי זענען אַזוי קליין, אַז די גרויסע וועלט קאָן אין די קליינע מחות נישט אַריין... מען מוז זי קינסטלעך שפּאַלטן אויף פעלקער, מדינות, פּראָווינצן, אַפילו דערפער און שטעט...

און יעדע שטאָט און יעדעס דאָרף טיילט זיך ערשט אויף קלאַסן...

„דער זאַטער איז דעם הונגעריקן קיין חבר נישט!"

„ווייסע הענט און שוואַרצע הענט קאָנען נישט צוזאַמען כּהנים דוכענען !"...

און יעדעס קליינע וועלטל האָט זיינע קליינע נביאים, דראָבנע פּאַטריאָטן, פּיצלעך פּאָליטיקער... ווייל דאָס איז אַלץ קליינקייטן פון טיש אַראָפּ...

אָט – פון אַ פּרעספּאַפּירל ווערט אַ קליין בעל-הבּתיש טיראַנדל איבער ווייב און קינד; ער קאָן נישט אַנדערש!

פון אַ שנייץ פון אַ סטעארין-ליכט ווערט אַ מלמד, אַ לערער, אַ „פון דאַנען ביז דאַנען", וואָס רויכערט און קאָן קיינעם נישט ליכטיק מאַכן אין מוח...

פון אַ האַנט-שערל ווערט אַ רעדאַקטאָר, אַ ליטעראַט צי אַן אויסשניידער, פון אַ טיש-גלעקל – אַ פּאָרזיצנדער פון אַ קליינער צדקה-חברה, מיט גרויסע וועטשערעס...

פאַלט אַמאָל אַרויס אַ צאָן-בערשטל, ווערט פון יעדן האָר אַ דענטיסטקע.

איינמאָל (פאַרציילט מען אויף זיכער) איז אין הימל אַ זייגער שטיין געבליבן און דער אומרו איז אַרויס דורכן פענסטער; ער האָט זיך צעשפּריצט אויף טויזנטער קהלס לייט, שתדלנים, מליצי-יושר, רעדל-פירער, קליינע משיח-לעך... עס רוישט און קלינגט: טיק-טאַק, טיק-טאַק, טיק-טאַק... עס דוכט זיך, מען טוט, מען גייט און מען רירט זיך נישט פון אָרט...

אַפילו די געלערטע זענען אַזוינע דראָבנע, פּיצלעך נשמהלעך, ווי די שפּילקע-קעפּלעך... יעדע זיצט זיך אין איר ספּעציאַליטעט... קעניגט אין אירע אָפּגעמאָסטענע פיר שפּאַן!

אָ, דאָרט קען זי אַלץ! יעדע שפּאַרע, יעדעס שפּעלטל! דאָרט ווערט יעדער שטויב געמאָסטן און געוואויגן, באַשמעקט און באַטאַפּט, און פאַרזוכט! און אַלץ ווערט פאַרשריבן לזכּרון – דער טעם און דער ריח און אַפילו דער שאָטן, וואָס איין שטויב וואַרפט אויפן צווייטן...

נאָך די פיר שפּאַן, איז זי אין אַ פרעמדער מלוכה אָן אַ „באַדעקער״ און אָן אַ פּאַספּאָרט.

דאָרט איז זי בלינד און פלאַטערט, און שלאָגט מיט די פליגעלעך, ווי אַ פלעדער-מייזל אינמיטן שיינעם העלן טאָג!

דאָרט איז שוין אַ פרעמדע וועלט, דאָרט זיצט שוין אַן אַנדער שפּילקע-קעפּל און גריבלט, און טאַפּט, און שמעקט, און מעסט אויס יעדן שאָטן פון יעדן שטויב...

פון די קליינע פּונקען קאָן קיין פייער נישט אַרויס, זיי קומען זיך קיינמאָל נישט צוזאַמען און דעריבער איז אַזוי קאַלט, אַזוי נאַס, אַזוי גרוי און קויטיק די גאַס, דער מח, דאָס האַרץ...

נאָר פּראַקטישע מענטשן זאָגן, אַז אַזוי דאַרף זיין! אַז קויטיק גרוי און בלאָטיק איז — דאָס לעבן, דער אמת, דער פאַקט, אַז וואָס עס גלאַנצט (און עס איז דערביי קיין גאָלד נישט), נאַרט אָפּ, וואָס עס האָט קאָלירן, איז קינדער-שפּיל, זייפן-בלעזלעך, חלומות וויסטע...

און יעדער פּראַקטישער טאַטע, אײדער ער פאַרמאַכט אויף אייביק די קלוגע, כאָטש שוין האַלב-פאַרשטאַרטע אויגן, כאַפּט אָן מיט דער ביינעריקער האַנט דעם איינציקן זון און באַשווערט אים: הייב דעם קאָפּ פון דער בלאָטע נישט אויף! וועסט דיך נאָך, חס-ושלום, פאַרקילן און דעם קאַטער קריגן:

און דעריבער פאַלט די האַרצגעטרייע מאַמע אויפן האַלז פון דער באַדעקטער טאָכטער, און נעצט איר דורך דעם שלייער מיט הייסע טרערן, און בעט זיך ביי איר, און חלשט: טאָכטערשי, זאָל זיך דיר אין לעבן נישט חלומען!

און דעריבער לייגט דער שטרענגער פּראָפעסאָר דעם דאַרן פינגער אויף דער שאַרפשפּיציקער נאָז און וואָרנט די שילער:

— קינדער, היט אייך פאַר פאַרבן!

און דער סטרוזש פון הויז בלייבט פון צייט צו צייט שטיין אינמיטן הויף, אָנגעשפּאַרט מיט דער גאָמבע אויפן

בעזעם, און קוקט צו די לאָקאַטאָרן אין די פענסטער אַריין צי גלאַנצט נישט, חלילה, ערגעץ אַ שויב...

און די אַלע פּראַקטישע, קלוגע מענטשן, אויב זיי גייען אַרויס אין מאַרק און טרעפן אַ מענטש מיט שטראַלנדיקע אויגן, לויפן זיי זיך צוזאַמען אַ רעדל און קאָפּן הינטער־ווייַלעכטס אַוועק מיט די פיס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט — איך ליג אַזוי און קלער, און דאָ שפּאַלט זיך דער הימל און איך זע, וואָס עס טוט זיך אין פּאַלאַץ ביים זעיר־אנפּין...

אַ מלאך פויקט ווייטער אין פענסטער אַריין; ער ווערט, כביכול, בייז, כאַפּט אַראָפּ די קרוין פון קאָפּ און וואַרפט זי אים פון פענסטער אַרויס...

און איך זע, ווי, כביכול, דער זעיר־אנפּין, איז געבליבן זיצן אָן דער קרוין, מיט אַ רויטן פּאַס אויפן געטלעכן שטערן, — דאָס האָט אים געמאַכט דעם שאַרפן ראַנד פון דער קרוין, — און אַ הייליקער טראָפן שווייס איז אַראָפּגערונען פון אונטערן רויטן פּאַס...

און ער, כביכול, האָט אָפּגעטאָטעמט פריי און אַ הייליקער, דער־באַרמהאַרציק־גוטער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיין געטלעכן פּנים!

און דערווייל האָט די קרוין אויפן האַרטן קאָפּ פון מלאך געפּלאַצט... זי האָט געפּלאַצט און איז צעשפּריצט געוואָרן... און טויזנטער, טויזנטער שפּריצן פון בריליאַנטן און רובינען, פון סאַפּיר און אָפּאַל זענען זיך צעפלויגן פון דער געטלעכער קרוין.

און עס זענען אַראָפּ אויף דער וועלט טויזנטער, טויזנטער נשמות פון די שפּריצן פון דער געטלעכער קרוין! און זיי זענען זיך צעפלויגן אין שטעט און אין דערפער, אין פּאַלאַצן, הייזער, געלטן און היילן! און וואו עס איז אַריין אַ שפּריץ פון דער געטלעכער קרוין, דאָרט האָבן זיך געעפנט אַ פּאָר געטלעכע אויגן.

און דערפון זענען אויפגעוואַקסן נאָר אַנדערע, אַנדערע מענטשן . . .

מיט קלענערע מאָגנס, נאָר פאַר דאָס מיט גרעסערע הערצער און מחות, און אין יעדן מח האָט זיך אָפּגעשלאָגן די גאַנצע וועלט, נישט קיין דראָבנער חלק פון איר . . . און די הערצער האָבן געשלאָגן פאַר אַלע, פאַר אַלע פון דער געטלעכער קרוין נישט נאָר פאַר היימישע, פאַר אייגענע . . .

און איינער האָט דעם אַנדערן און נאָך בעסער זיך אַליין פאַרשטאַנען . . . און קיינער האָט זיך פאַר קיינעם נישט געהיט, פאַר קיינעם נישט אַנטלאָפן און קיינעם נישט געזאָגט . . .

און עס איז ליכטיק און העל געוואָרן אויף דער וועלט, און איינער האָט אינם צווייטן דעם ברודער דערזען און דערקענט. —

און אַ פּאָליציימאַן איז אַרויסגעגאַנגען אין אַלע גאַסן מיט אַ פּויק און האָט גערופן: לערנט אייך, לערנט אייך! וואָס איר וועט דערקענען, דאָס וועט איר ליב באַקומען!

ליידער איז עס דערווייל נאָר אַ חלום געווען!

# פליגל

אַ קאַלטער, פריער ווינטער-מאָרגן.

אַ געדיכטער, ווייסלעך-גרויער נעבל הילט איין די הייזער און הויבט זיך לאַנגזאַם איבערן נאָך נישט גערירטן שניי.

אומעטיק און קאַלט.

פון נעבל לאָזט זיך אַראָפּ אַ יונגע, שוואַרץ-גלאַנצעדיקע קראָ, מאַכט עטלעכע נידריקע רעדלעך, און שטעלט זיך אויפן הויך-אויסגעבעטן שניי.

זי איז הונגעריק, דזשאָבעט אינם שניי און זוכט זיך עסן.

צי מעג מען?

עס באַוועגט זיך אַן אָפּגעריסענער גאַסן-הונט; אָפּגעחלומט און פאַרוואָגלט, שלעפּט ער קוים די דינע פיס; דער קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, די אויגן פאַרלאָשן... נאָר — ער דערזעט די קראָ.

ער דערזעט זי, און אין דער רגע צוכט ער זיך אויס, די אויגן פלאַמען אים.

— הור-ר-! הור-ר-! — בילט ער און שפּרינגט צו צו דער קראָ!

אַפּנים — מען טאָר נישט!

די קראָ שרעקט זיך דאָך ווייניק, שטיל און מיט חן שפּרינגט זי אָפּ אָן אַ זייט; דער הונט וואַרפט זיך נאָך, שפּרינגט זי הינטערוויילעכטס צוריק, דער הונט מאַכט איין טריט, די קראָ פ י ר...

— הור-ר! הור-ר! הור-ר!

דער הונט פאַלט שוין אין רציחה אַריין; דאָס בילן

ווערט שטאַרקער און שטאַרקער, דאָס וואַרפֿן זיך נאָך דער קראָ שנעלער און שנעלער.

— הור־ר! הור־ר! הור־ר!

ענדלעך איז דער קראָ נמאס געוואָרן דאָס בילן מיטן אָפּשפּרינגען.

זי הויבט זיך לאַנגזאַם און שטאָלץ אויף אין דער לופֿט און ווערט פֿאַרשוואונדן אינם נעבל.

זי וועט געפֿינען אַ שניי, אויף וועלכן קיין הונט האָט נישט צו שאַפֿן...

נאָר איך?... איך?... וואו נעם איך פֿרייצן שניי? וואו זענען מיינע פֿליגל?

---

# עס ענדערט זיך

פֿאַרוואָס איך ענדער מיך ?
אָ, מאַדאַם ! — פֿאַרוואָס ענדערט זיך די נאַטור ?
אַ לאַנגע צייט האָט זי געוואָלט זיין שיין, העל און קאַלט :
ליכטיק, קלאָר און שטאָלץ. דערנאָך — ברענענדיק און פֿלאַמענדיק ; הייס צום דערוואַרגן ! אינמיטן האָט זי זיך גאָר פֿאַרטראַכט, און ווערט גרוי, לאַנגווייליק-טרויעריק...
הערבסט ; ביי מיר אויך !
אין דער פֿרי, אומהיימלעך, קאַלט, נעבלדיק...
און איך טראַכט : אַך, ווען זיי זאָלן קומען, וואָלטן זיי דאַמאָלט געקומען !... נאָר, אַך ! זיי וועלן אַזוי פֿרי נישט קומען.
מיטאָג-צייט... עס באַווייזט זיך אַביסל זון... עס ווערט וואַרעמער, ליכטיקער און דאַמאָלט אַרבעט איך !
איך אַרבעט און האָף, און בלייב אין דער אַרבעט !
איך גלויב און לאַך פֿון דער וועלט, פֿון מיין מרה-שחורה, פֿון אייך אויך, מאַדאַם !
דעם אמת מוז מען זאָגן !
דערנאָך, פֿאַרנאַכט, איך ווער מיד... עס הויבט אָן טריפֿן, הימל און ערד גיסן זיך אינם נעבל צוזאַמען, אַלץ פֿאַרזינקט אין נאַסן נעבל... די פֿלאַם אינם לאָמפּ גוססעט, שטאַרבט אָפּ...
עס ווערט צוריק טרויעריק, אומהיימלעך, פֿינסטער און קאַלט.
דאַמאָלט שרעק איך מיך און בענק – נאָר נישט צו אייך,

# שטערן

אַ העל־אויסגעשטערנטע זומער־נאַכט!

אַך, איר העלע, אויסגעשטערנטע זומער־נעכט, פֿאַרוואָס זייט איר אַזוי העל, אַזוי שיין, ווען ביי מיר אין האַרץ איז אַזוי אומעטיק און פֿויל?

פֿאַרוואָס איז ביי מיר אויפֿן האַרץ אַזוי אומעטיק און פֿויל, ווען איר זייט אַזוי העל, אַזוי שיין?!

איך לאַך אויס דער וועלט. זאָגן אַלע גרין, זאָג איך ווייס! אויף מיין אייגן בלוט זאָג איך: ווייס, נישט רויט, ווי אַלע זאָגן! ווער הערט זיי? לאַכענדיק שפּאַציר איך צווישן טויטע, צווישן לעבעדיקע בין איך טויט! בלייט ביי איינעם אַ האָפֿנונג אין האַרץ, רייס איך זי אויס און וואַרף זי אויפֿן מיסט, און פֿון מיסט עפּעס אויפֿהויבן און קושן, און קניען פֿאַרן אָפּשיי — איז ביי מיר אַ פֿאַרגעניגן!

איך לאַך אויס דער וועלט, נאָר אויס העל־אויסגעשטערנטע זומער־נעכט לאַך איך נישט!

זיס און הייליק זייט איר, העל אויסגעשטערנטע זומער־נעכט, כאָטש איך האָב לאַנג קיין הייליגקייט, און האָב דעם געשמאַק פֿון זיסקייט פֿאַרלוירן!

אין אַ שטילער, זיסער העל־אויסגעשטערנטער זומער־נאַכט עפֿנט זיך אויף דער קבֿר אין שטיינערנעם האַרץ, און אַ לאַנג פֿאַרשטאָרבן פֿאַרלאַנגען וועקט מיך אויף...

לעבן, אַ רגע לעבן וויל איך, נאָר אַ שטאַרק ריזיק לעבן זאָל עס זיין — אַזוי לעבן אַ סעקונדע און פֿאַרשווינדן, אויפֿבליען און פֿאַרלעשן! אין הימל באַוועגט זיך אַ פֿינסטערע מאַסע אָן אַ שטראַל, אָן לעבן; זי באַוועגט זיך

צעשטרייט אין דער הויך: אַן אומבאַקאַנטע קראַפט יאָגט זי, און יאָגט זי אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און די פינסטערע מאַסע יאָגט זיך און שוועבט אַלץ שנעלער און שנעלער. וואוהין? נאָך וואָס? דאָס ווייס זי נישט, זי פרעגט נישט און פליט און אין פליען צעהיצט זי זיך, צעפלאַמט און צעפלאַקערט, און — פאַלט...

זי פאַלט, נאָר אין פאַלן פלאַקערט זי און לייכט אַ סעקונדע!

אַך, אַ שטערן!

---

# ר' שלמהס מעשׂהלעך

## 1

## אַ פּאָרעדע

עס איז געווען אויף דער פּראָווינץ דאָנערשטאָג ביי־נאַכט אין בית־המדרש.

אין דער היים מאַכט מען שבת...

דער באַק־אויוון פלאַקערט, ווי חוזק צו מאַכן אויס ליכט און לאָמפּ, פליען אַלעמאָל אַרויס פון באַק־אויוון פייערדיקע צונגען און טרייבן אַ ווילדן טאַנץ איבער די ברודיקע ווענט און דער נאַסער פּאָדלאָגע...

ווייבער מיט פאַרריסענע קאָפּקעס, פאַרשאַרצטע אַרבל און פלאַמענדיקע אויגן לויפן אַרום צווישן מולטער און טייג, אָפּאָלקעס און זאַלץ־ברעטלעך, ווי משוגע, אונטער די פיס קנאַקט אייער־שאָלעכטס, פּישטשעט ציבעלע־שאָלעכטס, שפּריצט די בלאָטע, טיילמאָל שיסט אויס אַ פיש־פּענכער... אין די הענט טאַנצן טעלער און כלים...

---

עס ווערט שבת געמאַכט...

עלטערע בעלי־בתים אַנטלויפן קוים מיטן לעבן אין די־בעטן אַריין. צי מען שלאָפט צי ניין, געדעקט איז מען איבערן קאָפּ און — שטיל, ווי אַ מויז!

יונגעלייט כאַפּן אַ פּאָפּליניק *) ׳ טיילמאָל אַ קלאַפּ
פון קאָטשערע, און אַנטלויפן אין בית-המדרש אַריין...

---

חברה פּילט זיך פראַנק און פריי...

זעלטן עמעץ זאָל זיצן, ווי אַ מענטש, ווייל יעדערער האָט זיין אייגענע אַרט צו זיצן. איינער האַלט פון אַזיאַטישע מנהגים און לייגט אונטער די קני, אַ צווייטער פּאָרט אויפן אַמעריקאַנישן אופן מיט די פיס אויפן טיש אַרויף; אַ דריטער רייט מיט גדלות אויף דער אָנלען פון באַנק; אַן אַנדערער ציט זיך גאָר אויס איבער דער ברייט פון טיש...

רויק זיצן איז אויך קיין שטייגער נישט אין בית-המדרש: מען וויגט, מען שאָקלט זיך, מען מאַכט מיט די הענט אַ ווינטמיל, מיט די פיס אַלערליי פיגורן; דער קאָפּ שטייט אויך נישט איין אויף איין אָרט און אַלץ איז איבערגעדעקט מיט אַ לייכטן נעבל פון די דינטשיקע פּאַפּיראָסלעך, וואָס מען דערלאַנגט זיך פון מויל צו מויל גאָר אַ שלעפּ צו טון!

און די פלעמלעך פון עטלעכע חלבנע ליכטלעך, אַריינגעזעצטע אין קאַרטאָפל אָדער צוגעקלעפּטע צום טיש, ציטערן; ווילד משונהדיקע שאָטן טאַנצן אַרום אויף ווענט און באַלקן...

די ליכטלעך דאַרף מען אָפּט שנייצן און דערצו זענען מיר שוין מייסטער געווען!

אָנשפּייען צוויי פינגער, אַראָפּכאַפּן אַ שנייץ, אָפּווישן די האַנט אָן פּאָלע, איז כהרף-עין; מען האַקט זיך אַפילו נישט איבער די רייד!

---

*) אויפן פלאַם געבאַקענע טייגלעך.

אין בית-המדרש, אייגענטלעך, רעדט מען נישט, נאָר מען שפּאַרט זיך! אַלץ איז אַ ויכוח!

יעדע זאַך האָט, געוויינלעך, אירע עטלעכע זייטן, און אַ חברה-מאַן כאַפּט זיך אָן אין איינע פון זיי, ווי אַ חיב-מיתהניק אָן די הערנער פון מזבח, נישט אָפּצורייסן!

און דער ויכוח איז אַ ווילדע זאַך; אָן אַ פּרעזעס, אָן אַ גלעקל. ווער עס וויל, כאַפּט דאָס וואָרט, רעדט, וואָס ער וויל, ווי אַזוי ער וויל...

לאַנג רעדט מען נישט! זעלטן עמעץ זאָל האָבן אַזוי-פיל כח און אָנכאַפּן דעם גאַנצן עולם ביי די פאות און מיטשלעפּן מיט זיך אין זיין אייגן עולם-הדמיון אַריין. געוויינלעך האַקט מען באַלד איבער: שוטה, שרייט מען, אַדרבה!

וויפיל מענטשן, אַזויפיל ברענענדיקע פאָר אויגן לאָקערן אויף דיינע ליפּן, טאָמער זאָגסטו אַ נאַרישקייט; אַזויפיל מיילער זענען גרייט איינצושלינגען דיך מיט דיינע רייד — היט זיך! נאָך איידער דו עפנסט דאָס מויל, פליט אָן ענטפער — אַ שפּיציק פאַרסמטע פייל, טיילמאָל גאָר אַ נאַס האַנטוך אין פּנים אַריין!

די זאַך, פון וואָס מען רעדט, איז דעריבער נאָר אַ קאַנווע אין אַ ראַם. יעדערער האָט זיך זיין נאָדל, זיין פאָדים און וועבט און שטיקט שנעל אַריין, ווי דער בליץ! די פאַרשידנפאַרביקע פעדים טרעפן זיך, בינדן, קניפּן, רייסן זיך איבער, צעלויפן זיך, טרעפן זיך ווייטער און קנוילן זיך צוזאַמען, און אַזוי געדויערט עס, ביז עס גרויט דער בלאַסער מאָרגן...

ווען די בעלי-בתים זאָלן געוועזן וויסן, פון וואָס מיר רעדן איבער אָפענע גמרות, וואָלטן זיי די וועלט פאַרברענט, ווייניקסטענס דעם בית-המקדש מיט די וואַנצן צוזאַמען...

איין ר׳ שלמה האָט געוואוסט, נאָר ער פלעגט זאָגן:

גר אלהים נשמת אָדם, און דערמיט מעגט איר זוכן אין אַלע פינסטערע ווינקעלעך!

ווען גאָט זאָל עס נישט וועלן, וואָלט ער אין קאָפּ נישט אַריינגעלייגט אַ מח, נאָר אַ צווייטע לונג-און-לעבער!

ר׳ שלמה איז אַן אַלמן אָן קינדער, איינער אַליין, זיצט ער איבער די נאַכט אין אונזער געזעלשאַפט.

— עס שלאָפט זיך נישט — זאָגט ער — אין מיינע יאָרן.

אָדער:

— וואָס וועל איך דאָרט זיצן איינער אַליין און גריבלען.

— און טיילמאָל איז ער מודה, אַז ער האָט מורא פאַרן שלאָף.

— שלאָפן איז שטאַרבן — נאָך ערגער: מען מוז נאָך אויפשטיין, אַרומגיין אַ טאָג און ווייטער שטאַרבן...

בעסער וועט ער הערן, וואָס יונגעלייט רעדן. ער וויל זען, — זאָגט ער — דעם זאָמען און וויל וויסן, וואָס עס וועט וואַקסן נאָך זיין טויט...

אַריינמישן וויל ער זיך נישט.

— זוכט אַליין, יונגעלייט, אייער וועג. בלאָנדזשעט איר, — שאַדט נישט. די פרייד, אַז איר וועט דעם רעכטן וועג געפינען, וועט דערפאַר גרעסער זיין.

און שטילערהייט גיט ער צו:

אייב עס איז נאָר פאַראַנען דער רעכטער וועג!

נאָר, אַז אונזער ויכוח ווערט צו שאַרף, צו פלאַמענדיק, איבערהויפט, אויב עמעצנס אַ שוואַכע האַנט וויל קומען צוהילף דער שוואַכער צונג, דאַמאָלט מישט זיך ר׳ שלמה אַריין, גיט אַ קלאַפּ אין טיש אַריין, דער עולם בלייבט שטיל און ער דערציילט אַ מעשהלע.

באַמערקט האָבן מיר, אַז דאָס מעשהלע, וואָס ר׳ שלמה דערציילט, וואַרפט נאָר אַ ליכט אויף דער היינטיקער לאַגע, אויפן היינטיקן טאָג, און ענטפערט קיינמאָל נישט

אויף דער פראַגע: וואָס דאַרף מען טון? וואָס וועט מאָרגן זיין?

אויף אַזוינע פראַגן ענטפערט נישט ר׳ שלמה, ער וויל נישט טרעפן, וואָס שפעטער וועט זיין, און קיין רעצעפטן פאַרשרייבט ער נישט.

– איך בין, – זאָגט ער, – קיין נביא, און, להבדיל, קיין פעלדשער נישט.

2

# דער בריליאנט

איינמאָל, דאָנערשטאָג ביינאַכט, איך געדענק עס נאָך ווי היינט, האָבן מיר גערעדט וועגן רעליגיע און רעפאָרמען.

אָנגעהויבן אייגנטלעך האָט מען פון ליטעראַטור.

מען האָט זיך דערמאָנט אָן מאפּוס „אהבת ציון", פון „אהבת-ציון" איז מען אַרויף אויפן „עיט-צבוע" – איז שוין געוועז אַ קאַצנשפּרונג צום „הדת והחיים".

און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ויכוח.

איינער האָט געזאָגט, אַז פון „בראשית" ביזן „הכשר הזבח" (אונזער קליינשטעטלדיקן שוחטס אַ ספר אויף שחיטה) איז א י י ן רעליגיע – איין אמונה – איין תורה, פון וועלכער מען טאָר נישט רירן קיין אות.

אַ צווייטער מאַכט זיך באַלד אַ שפּאַס: „פון צינד-העלצלעך, זאָגט ער, אַ צוזאַמענגעשטעלטער מגן דוד; נעם אַרויס א י י ן העלצל, צעפאַלט ער זיך אינגאַנצן."

מען שמייכלט, נישט צופרידן:

– נישט קיין צוזאַמענגעשטעלטער „מגן דוד" איז עס, נאָר אַ בנין, אַ הויז, אַ בית-המקדש!

„ווער עס רייסט אויס שטיינער און באַלקן, וויל אַלץ איבערפירן."

אַן אַנדערער מיינט: אַז אַ בנין – אַ הויז צי אַ בית-המקדש – מוז האָבן פענסטער און טירן! מוז האָבן ליכט און לופט; „אויב מען וויל נישט עס זאָל דערפון אַ תפיסה ווערן, צום דערשטיקן, צום דערוואָרגן ווערן! „וחי בהם" שטייט. עס דאַרף זיין אַ הויז צום לעבן, צום געזונט זיין,

נישט צו פוילן און איבערגעוואַקסן צו ווערן, ווי קאַרטאָפל אין קעלער."

„און אַ הויז מוז מען אויך פון צייט צו צייט רייניקן, נישט דאָס מיסט האַלטן אין שטוב, נישט אויפן אייביקן מיסט זיצן!"

עס טרעפט זיך אין אונזער בית-המדרש נאָך אַ גרעסערער אַפּיקורוס:

„אַ הויז — זאָגט ער — מוז מען אויך אַמאָל איבערשיטן. אַפילו די פונדאַמענטן מוז מען איבערקוקן, צי זיי פוילן נישט... און די באַלקן, צי פרעסן זיי נישט אויף די האָלץ-ווערם...

„אַניט, פאַלט אַמאָל פּלוצים איין אַ הויז, און די איינוואוינער ווערן לעבעדיקערהייט באַגראָבן!"

עס געפינט זיך אַפילו אַ שונא פון אַלטע הייזער בכלל!

איז נישט גלייכער אַ ניי הויז צו שטעלן, מיט נייע גרויסע טירן און פענסטער! אַסך לופט, אַסך ליכט!

דערווייל האָט מען געבראַכט בייגל פון בעקער, פרישע, שמעקנדיקע, קנאַקנדיקע בייגל...

אַלע, אַפילו דער, וואָס וויל אַ ניי הויז מיט גרויסע טירן און פענסטער, זענען צוגעלאָפן צום כיור, געוואַשן זיך, אָפּגעווישט זיך אָן די פּאָלעס, געמורמלט די ברכה — און אין אַלע מיילער האָבן אָנגעהויבן די פרישע בייגל צו קנאַקן...

מיט דער געלעגנהייט האָט זיך דער אַלטער ר' שלמה באַנוצט און דערציילט אונז די מעשה פון בריליאַנט.

אַמאָל איז געווען — האָט ער דערציילט — אַ קאָלאָניסט.

פרעמד איז ער געווען אין דאָרף; ער האָט מיט קיינעם און קיינער האָט מיט אים נישט געהאַלטן.

ער האָט גאָר אַן אַנדער לשון גערעדט, און קיינער האָט אים נישט פאַרשטאַנען, און נישט געוואָלט פאַרשטיין!

איינמאָל האָט ער, דער קאָלאָניסט, געפונען אַ בריליאַנט.

רעכט פאַרשטאַנען דערויף האָט ער זיך נישט; קיין האָן

איז ער אָבער אויך נישט געווען און וואָלט אים אויף אַ קערענדל ווייץ נישט פאַרטוישט.

עס שיינט און בליצט; „עס איז אַ קליינע זון״, — טראַכט ער. עס מוז ווערט זיין אַן אוצר.

נאָר מיט אַ טייערן שטיין צווישן פרעמדע לייט איז מען מיטן לעבן נישט זיכער!

ווערט מען געוואָר, וועט מען אים די ערשטע נאַכט באַפאַלן, די פענסטער אַרויסנעמען און צונעמען דעם אוצר מיט דער נשמה צוזאַמען!

מען מוז באַהאַלטן דעם שטיין!

דעם ווייב אַפילו וועט ער נישט זאָגן פון ברילליאַנט אַ וואָרט. ער האָט זי ליב, נאָר אַ יידענע — לאַנגע האָר — קורצער שכל; זי וועט זיך נישט איינהאַלטן.

און ער נעמט זיך צוריק-צו-וועגס צו דער קאָלאָניע און באַגראָבט דעם שטיין אין דער ערד, אין געמיזע-גערטל פאַרן הויז.

פאַר אַ צייכן לייגט ער אויף דעם אָרט אַ קיזל-שטיין; אַ שווערן קיזל-שטיין, ער זאָל דעם אָרט דערקענען, און אַז עס וועלן קומען בעסערע צייטן, אָן קנאה-שנאה צווישן שכנים און בפרט צו פרעמדע, וועט ער וויסן, וואו צו זוכן און צו געפינען דעם אוצר. דאַמאָלט זאָל ער שיינען און בליצן אין שיינעם העלן טאָג!

איינמאָל, האָט דאָס יונגע ווייבל דעם שטיין באַמערקט. עס איז איר אַ שאָד דאָס פיצל ערד, וואָס דער קיזל-שטיין פאַרנעמט; אויף זיין אָרט קאָן אַרויסוואַקסן אַ ציבעלקעלע, אַן אוגערקע... אַ שאָד!

אַליין אַוועקנעמען דעם שווערן שטיין קאָן זי נישט; רופט זי דעם מאַן צו הילף.

ער דערשרעקט זיך:

— גאָט באַהיט, — רופט ער אויס — ריר נישט דעם שטיין!

— פאַרוואָס?

— עס איז אַ מזלדיקער שטיין! ער ברענגט אונז מזל וברכה!

— עס איז דאָך איינפאַכער קיזל-שטיין!

— זעסט דאָך! אַזאַ סגולה האָט ער שוין!

זי גאַפט! זי איז נישט זיכער, צי דער מאַן מיינט עס ערנסט, צי מאַכט ער שפּאַס.

זי קוקט אים אין די אויגן אַריין און זעט זיין ערנסט, כמעט האַרט, אָן אַ לאַכעדיקן פונק.

נו, דעם מאַן האָט זי ליב, און האַלט אים פאַר קלוג און ערלעך. און גלאַט — אַ יידענע! אַ יידענע איז שטענדיק צו פרידן, אַז זי קאָן אין עפּעס גלויבן, — אין אַ סגולה, אין אַ וואונק פון אויבן... און לאַנג צייט צו קלערן האָט זי נישט; דאָס געריטל מוז פאַרזייט ווערן! פאָלגט זי און טוט אירס.

אויפן צווייטן טאָג באַמערקט דער מאַן צוויי שטיינער אין גאָרטן.

— וואָס איז דאָס? ווער איז דער צווייטער שטיין?

— פרעגט ער.

און דאָס ווייבל שמייכלט.

זי איז גראָד ביינאַכט שלעכט געשלאָפן. עפּעס האָט די לבנה אַזוי וואונדערלעך אַריינגעשיינט דורכן לאָדן...

עפּעס איז איר אַזוי ענג, אַזוי באַנג געוואָרן אויפן האַרץ... זי האָט אַזוי מורא געהאַט...

דעם מאַן וועקן האָט זי נישט געוואָלט, האָט זי זיך מישב געווען, שטיל זיך אַראָפּגעכאַפּט פון בעט, אַרויסגעשלייכט זיך פון שטוב און — צוגעלייגט נאָך אַ שטיין...

עס האָט זי באַרויקט!

— אין צווייען — שמייכלט זי — איז שטאַרקער.

און וואָס זאָל ער טון, דער קאָלאָניסט? גיי בייזער דיך אויף אַ יידענע, ווען זי שמייכלט אַזוי קינדיש-זיס און לייגט דיר ארויף די ווייסע שמאָלע הענט אויף די אַקסל און דערלאַנגט דעם אַלאַבאַסטער-שטערן צום מויל — —

דעם ווייסן שטערן קושט ער מיט פאַרגעניגן, אין די

בלויע אויגן זוכט ער אַן ענטפער אויף דעם, וואָס זי איז בײנאַכט אַזוי אומרויק... און שווייגט!
דעם קוש אויפן שטערן האַלט דאָס יונגע ווייבל פאַר אַ לוין פאַר איר גוטסקייט און פרומקייט! און ווען עס ווילט זיך איר אַ קוש אין שטערן — לייגט זי נאָך אַ שטיין...
טוט ער עס נישט, באַווייזן זיך איר טרערן אין די אויגן.

---

דאָס פּאָר-פאָלק האָט קינדער געהאַט — אַ ייִנגעל מיט אַ מיידל.
דאָס מיידל וואונדערט זיך נישט, פרעגט נישט און טוט נאָך דער מוטער.
די מוטער לייגט גרויסע, די קליינע טאָכטער — קליינע שטיינדלעך; נאָר די שטיינדלעך וואַקסן מיט איר צוזאַמען!
דער קלוגער זון פרעגט שוין: וואָס באַטייט עס?
— שטיינער, — ענטפערט די מוטער שטאָלץ, וואָס זי ווייסט אַזוי פיל — זענען מזלדיק!
— פאַרוואָס? — וואונדערט זיך דער קליינער — און וואָס הייסט מזלדיק? צי האָט מען אַמאָל מער ווי מען פאַרדינט, ווי מען אַרבעט אויס?
דאָס פאַרשטייט שוין די מוטער נישט.
— פרעג דעם טאַטן — זאָגט זי.
— ווערסט עלטער ווערן — ענטפערט דער טאַטע — וועסט דאָס אויך פאַרשטיין!
און, אַז דאָס ייִנגל איז אויפגעוואַקסן, האָט אים דער פאָטער דערציילט דעם סוד פון ברילּיאַנט.
און אַזוי איז געשען אין אַ גאַנץ לאַנגער שורה פון דורות.
איינער האָט איבערגעגעבן דעם צווייטן דעם סוד.
אין יעדען דור האָט א י י נ ע ר געוואוסט פון ברילּיאַנט און די רעשט האָבן געגלויבט, אַז קיזל-שטיינער זענען מזלדיק; אַז וואָס מער, איז בעסער, און האָבן שטיינער געלייגט.

שכנים קוקן און גאַפן.

טייל לאַכן אין די פּויסטן אַריין; אַנדערע, פאַרקערט, האָבן דרך-ארץ פאַר אַלטע מנהגים, וואָס זיי האָבן שוין, קומענדיק אויף דער וועלט אַרויס, געטראָפן אַלס אַלטע מנהגים.

נישט איינער האָט געקלערט, עס מוז זיין נאָך פון דער צייט, ווען מלאכים זענען אויף לייטער געקראָכן און מענטשן האָבן געזען.

טייל שכנים האָבן געוואָלט באַווייזן דער משפחה זייער ליבשאַפט, און האָבן, פאַר חברקייט, אויפגעהויבן שטיינער פון וועג און אין גאָרטן אַריינגעוואָרפן.

און אין דער משפחה אַליין איז דאָס שטיינער-וואַרפן שוין אַ קולט, אַ הייליקער מנהג געוואָרן, אַ מין „עבודת-הבורא”.

יונגע לייט פּראָטעסטירן; אַלטע בייזערן זיך און דראָען מיט ביינערדיקע פויסטן!

יונגע לייט האַלטן רעדעס קעגן די שטיינער, און די אַלטע זאָגן:

— ווי אונזערע עלטערן האָבן זיך געפירט, וועלן מיר זיך אויך פירן...

— אונזערע עלטער-זיידעס זענען קליגער געווען פאַר אונז און האָבן שטיינער געוואָרפן — מוז אַזוי זיין!

— נישט אונזער וועלט, מיר זאָלן זי פאַרבעסערן, איבערמאַכן, אַ גוט פערד גייט אין קאָליע און ברעכט נישט די פיס!

און נאָך אַזוינע ווערטלעך און קלוגע שפּרוכן, אויף וועלכע עס שטייט די וועלט; דאָס הייסט, אונזער מענטשלעכע וועלט!

און וויל אַ יונגערמאַן עפּעס טון דאַקעגן, ווילן די אַלטע „צעברעכן די אייער, וואָס ווילן קליגער זיין פאַר די הינער!”

---

און יאָר-יערלעך שיידן זיך יונגע לייט מיט טרערן אין די אויגן פון אַלטן הויז, פון דער אַלטער מכשפה און גייען

זוכן אַרבעט אין דער פרעמד: עסן ברויט פון פרעמדע אויוונס, נעכטיקן אונטער פרעמדע דעכער; בעטן זיך קוים איין.

ווייל אין דער היים איז שוין נישט אויסצוהאַלטן!

דער באַרג שטיינער וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

ער שיט זיך אָפּ, און קומט מיט יעדן טאָג נענטער צום הויז.

מיט דער צייט האָבן די הייליקע שטיינער טיר און פענסטער פאַרוואָרפן.

— עס שאַט נישט! — האָט מען געזאָגט.

און מען שטעלט אויף אַ לייטער און מען קריכט דורכן קוימען.

עס האָט לופט פאַרפעלט; קיין אומגליק נישט! אַז מען עסט ווייניק און לעבט ווייניק, דאַרף מען ווייניק לופט!

און לעבן איז נישט דאָ פון וואַנען.

נישטאָ וואו צו זייען, וואו צו אַקערן — סאַמע שטיינער, סאַמע שטיינער!

— לאָזט כאָטש — בעטן זיך די יונגע — צוזאַמענשאַרן די שטיינער; זאָלן זיי וואַקסן אין הימל אַריין, נאָר ווייניקער אָרט פאַרנעמען אויף דער ערד! זאָל זיין וואו צו אַרבעטן, וואו צו אַקערן און זייען.

— אַפּיקורסים! — שרייען די אַלטע. — איבער אונזערע פּגרים וועט איר צוקומען צו די שטיינער...

---

ר' שלמה פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע, נעמט אַרויס אַ שמעק־טאַבאַק.

מיר, וואָס האָבן שוין לאַנג די בייגל פאַרגעסן און האָבן ביי דער מעשה דעם אָטעם פאַרהאַלטן, אָטעמען אָפּ, און עמעץ פרעגט:

— און פאַרוואָס שווייגט דער, וואָס ווייסט פון ברילאַנט און מאַכט קיין שלום נישט צווישן די אַלטע און די יונגע?

— באַ, — ענטפערט ר׳ שלמה מיט אַ זיפץ — דאָס אומגליק איז טאַקע, וואָס מיט דער צייט האָט מען גאָר אינגאַנצן אָן ברילייאַנט פאַרגעסן!

צי איז עמעץ פלוצלונג געשטאָרבן און צייט נישט געהאַט אַ צוואה צו לאָזן...

צי האָט איינער זיין אייגענעם טאַטן נישט געגלויבט און זיין אייגן קינד נישט געוואָלט געגאַרן!...

גענוג. דעם ברילייאַנט האָט מען פאַרגעסן און אַלט און יונג שלאָגן זיך איבער שטיינער!

---

ר׳ שלמה האָט געענדיקט.

און מיר פרעגן זיך:

— ווער איז דער ברילייאַנט?

און מיר ווילן טרעפן:

— דאָס פינטלע ייד?...

— „אנכי"?...

— „ואהבת לרעך כמוך"?

נאָר ר׳ שלמה ענטפערט נישט, אַ געהיימער שמייכל בלאָנדזשעט אים אויפן פנים.

— שקצים! — רופט ער — אַהיים, עס גרויט שוין דער טאָג!

---

3

# אין דול־הויז

אין דול-הויז איז עס געווען.

אַז מען האָט די נישט געפּערלעכע משוגעים צוזאַמענגע־פירט אין איין סאַלאָן אַריין צום אָפּרוען, האָבן זיך די מעלאַנכאָליקער צעזעצט אויף די בענק און אָנגעהויבן שאָקלען מיט די קעפּ אויף פאַרשיידענע אַרטן.

איינער שאָקלט אויף אַלעס: יאָ, יאָ! דער צווייטער: ניין, ניין, געוויס נישט! דער דריטער שאָקלט אַהין און אַהער, עס קאָן זיין „יאָ", עס קאָן זיין „ניין" און אפשר ביידע צוזאַמען... ווער ווייסט?

דריי נאָר זעצן זיך נישט.

משיח, דער מלאך גבריאל, און דער כביכול אַליין...

משיח טאָר זיך נישט זעצן, ער מוז גיין צו די טויערן פון רוים... אַי, עס האָט זיך געמאַכט אַן אינטריגע און מען לאָזט אים נישט אַרויס, נישט זיין דאגה, ער טוט זיינס און גייט... דעם דריטן נאַפּאָלעאָנס חכמהלעך קען ער!

דער מלאך גבריאל קאָן נישט זיצן, די גרויסע פליגלען טראָגן אים אין דער הויך, מוז ער פליען אויף און אָפּ...

דער כביכול, נעבעך, וואָלט זיך יאָ געזעצט, ער חלשט זיך זעצן, די פיס זענען אים געשוואָלן פון אויף און אָפּ גיין, לאָזט מען אָבער אים אין זיין כסא הכבוד נישט אַריין! פאַר יעדן בייל אין פוס וועט זיין אַ פּאַס ברענענדיקע טמאַלע, נאָר דערווייל מוז ער ליידן!

און אַלע דריי שפּאַצירן, נאָר נישט צוזאַמען, ווייל איינער גלויבט נישט אין צווייטן, כאָטש זיי אַלע קומען אַרויס

פון איין בית המדרש און פון די געדאַנקען געקומען איבער איין „מורה נבוכים״...

נאָר אַלע דריי לייקענען, משיח וועט ראַטעווען די וועלט, ווי עס איז, אָן מלאך גבריאלס גרויסע פליגל, אָן כביכולס נסים... גבריאל ווייס, אַז ווען מען עפנט אים נאָר אויף די תפיסה, הויבט ער אויף די גאַנצע וועלט אויף זיינע גרויסע, שטאַרקע פליגל און פליט מיט איר הויך, הויך, וואו עס וואַקסן קיין קנאה, שנאה, קיין דורשט און קיין הונגער... און דער כביכול וויל מיט ביידע שאַרלאַטאַנען נישט רעדן... איבערהויפט רעדט ער וויניק... ער ווייס, אַז ער האָט די וועלט פאַרפושט, אַז ער וואָלט פון איר אשפה געמאַכט, ווען נישט, וואָס ער האָט געשוואוירן זי אויפ־צוהאַלטן...

ווען ער האָט געשוואוירן און ביי וועמען — געדענקט ער נישט, נאָר אַז מען לערנט אַזוי אין חדר איז אודאי אמת... שווייגט ער... נאָר לאָז ער זיך נאָר זעצן אויף זיין כסא הכבוד, זאָל ער נאָר נעמען די לייצן אין האַנט אַריין...

און זיי גייען אויף און אָפּ... משיח — פון מזרח קיין מערב, גבריאל — פון מערב קיין מזרח און דער כביכול צווישן צפון און דרום.

און די מעלאַנכאָליקער אַרום זיצן און שאָקלען מיט די קעפּ. יאָ, יאָ און ביין צוזאַמען און ווייסן אַפילו נישט, ווער עס שפרייזט אַרום צווישן זיי.

איינמאָל איז דאָך געשען, אַז אַלע דריי האָבן מיטאַמאָל אינמיטן וועג, אינמיטן שטוב זיך געטראָפן און אָפּגעשלאָגן די נעז...

עס האָט אַ הילך געטאָן... אַלע דריי זענען אַ רגע שטיין געבליבן, פאַרבליפט, דערצערנט, אויסער זיך!

און די מעלאַנכאָליקער האָבן עס אַפילו באַמערקט, מאַנכע האָבן אויפגעהויבן די קעפּ, אין טייל אויגן האָט זיך באַוויזן אַ שיין, אַ מין פליאָה... טייל האָבן אַפילו די מיילער געעפנט, גלייך ווי זיי האָבן עפּעס צו פרעגן...

נאָר, ווי געזאָגט, עס האָט געדויערט אַ סעקונדע...
די דריי נאָר גרויסע האָבן אַוועקגעמאַכט מיט די הענט:
פּדי זיך מיט זיי צו שטעלן! און צעגאַנגען יעדער זיין וועג
די מעלאַנכאָליקער האָבן צוריק פאַרמאַכט די מיילער,
דער פונק אין די אויגן איז צוריק פאַרלאָשן, זיי שאָקלען
ווייטער מיט די קעפּ, טייל אויף „יאָ", טייל אויף „ניין" און
מאַנכע אויף יאָ און ניין צוזאַמען...

---

4

# אַפּן

ערגעץ וואו, אין אַפריקע צי אַמעריקע, אָבער דאָס איז געוויס — אין אַ טראָפּישן וואַלד האָבן נייגיריקע אַפּן געוואוינט.

אַפּן, וואָס האָבן שטודירט, נאַטירלעך — אויסנווייניק; קיין ליטעראַטור איז נישט געווען. פאַר דאָס פלעגט מען פיל, זייער פיל רעדן, די זון איז שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען, און דער „עולם" צעזעצט זיך אויף די ביימער אין רעדלעך און מען רעדט און קנאַקט ניס, קנאַקט ניס און רעדט און דורכויס איבער זייער הויכע, טיפע און ברייטע פילאָזאָפישע פראַגן.

איינער שטעלט אַ פראַגע, דער צווייטער ענטפערט, אַ דריטער פאַלט אַריין אין די רייד. דער פּאָרזיצענדער קלינגט — איך מיין: קלאַפּט מיטן ווידל אָן אַ טרוקענעם צווייג, — עס נעמט זיי קיין שלאָף נישט, און מען זיצט אַזוי לאַנג, ביז די זאַך ווערט ווירקלעך אינגאַנצן קלאָר, דאַמאָלט נעמט מען אַ קוויטל אין מען קלעפּט אויף אויף דער זאַך, און מען שרייבט אויף אויפן קוויטל: אַזוי און אַזוי הייסט די זאַך, דאָס און דאָס איז זי, אין דערגלייכן און פון די קוויטלעך וועט אַמאָל ווערן אַ ליטעראַטור... איך, ווייניקסטענס, צווייפל נישט דערינען.

איינמאָל האָט איינער אַף געשטעלט די פראַגע:

— וואָס איז אַזוינס אַ מענטש?

דער „עולם" ווערט פאַרבליפט! עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז מען האָט זיי אומגעריכט און מיט אַמאָל אין אַ פינסטערן אָפּגרונט אַריינגעוואָרפן...

דאָ איז שוין אַ פינסטערניש, דאָ וועט מען שוין הענט און פיס צעברעכן...

און עס ווערט אַן אומרויק געקלעטעריי און גע־שפּרינגעריי אויף און איבער די צווייגן, מען הענגט זיך אויף די עקן מיטן קאָפּ אַראָפּ, שפּרינגט אויף צוריק מיט אָפענע מיילער, פון וועלכע עס קומט דאָך קיין רעכט וואָרט נישט אַרויס. אַז מען האָט קיין מענטשן נישט געזען!

און אַז עס ווערט שפּעט, זייער שפּעט, די שטערן הייבן זיך אָן צו בלייכן און די ווייבער רופן אין נעסט אַריין אַרויסשטעלנדיק פיס און נעגל — קלינגט דער פּאָר־זיצענדער מיטן עק און דערקלערט:

די פראַגע ווערט אָפּגעלייגט, ביז עס וועט אַנטלויפן אַן אַף פון אַ טיר־גאָרטן אין פּאַריז, בערלין, ווין צי ניו־יאָרק און וועט זאָגן...

און זיין ליבער נאָמען האָט געהאָלפן; אַן אַנטלאָפענער האָט זיך באַוויזן.

זאָג, ברודער, וואָס איז אַזוינס מענטש?

בלאָזט ער זיך אָן:

מענטשן קען ער, פיל; זייער פיל מענטשן געזען!

נישט אַלע טראָגן ביקסן און שיסן אין וועלדער, ווי מען זאָגט אין וואַלד, נישט אַלע אַפילו זעגען מחדש די לבנה און גיבן זיך דערביי „שלום עליכם". פאַרשידן: טייל האָבן פיל ווייבער, טייל שטאַרבן אין לייבצודעקעלעך — אָבער נישט דאָס באַצייכנט, נישט יענעס!

מען קאָן זיך זאָגאַר פילן אַלס מענטש און קיין מענטש נישט זיין... אַז מען האָט נישט אַלע אַטריבוטן, וואָס מען דאַרף, איז שלעכט!

דאָס איז אָבער פעסטגעשטעלט: אַז אַזוינער, וואָס גייט אויף צוויי פיס (דאָס איז אָבער דאָס מינדסטע) און טראָגט ווינטער אַ שאָפּן־פעלץ (דאָס איז שוין עפּעס!) און זומער — ציסוציאַ, און וואויגט שיין, און עסט גוט, און טרינקט נאָך בעסער, אַהאַ! שאַמפּאַניער הייסט דאָס געטראַנק! אַזוינעם

רופט מען: מענטש! מען זאָגט: ער איז אַ מענטש! בפרט, אַז מען האָט דינער, קאָטש און פערד...

— אַ! — ווערט אַ פריידיק געברום פון אַלע זייטן.

דער אַנטלאָפענער אַף גיט צו:

און אַ באַווייז: האָט ווער נישט צו פרעסן, זיין חרפה צו פאַרדעקן און וואו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, קומט דער פּאָליציי-מאַן, וואַרפט אים אין פנים אַריין: אוממענטש! כאַפּט אים ביים קראַגן און פירט אים ערגעץ אַוועק... ער דאַרף צווישן מענטשן זיך נישט ווייזן... אַזוינעם באַהאַלט מען ערגעץ, ווי געננז, אין אַ שטייג...

און נאָך אַמאָל — אַ!

דערנאָך האָט מען די פראַגע געשטעלט: וואָס איז אַזוינס נאַציאָן? האָט זיך אָבער אויסגעוויזן, אַז ערשטנס, איז צו שפעט, צווייטנס, די קעפ שוין צופיל צעשרויפט, און דריטנס, אַז יעדערער קאָן זיך דערויף ענטפערן, געשטיצט אויף דער געגעבענער באַצייכנונג פון „מענטש" —

כ

# פערד, קי און קעלבער

עס איז געווען ביי אַ קצב אין הויף.

ווי אַזוי דער קצב הייסט איז קיין אונטערשייד, זאָל זיין קובערמאַן, זאָל זיין פּיקעלהויב — אַלע האָבן אַ הויף, און אויף יעדן הויף איז דאָ אַן אָבאָרע מיט בהמות צו דער שחיטה, און אַ שטאַל מיט אַ פּאָר פערד, אייב נישט מער צום אָפּפירן דאָס פלייש...

ביי אונזער קצב אויפן הויף איז אַן אַלט פּאָר פערד געווען, אַן „ער" און אַ „זי".

„פּאָר פאָלק" איז אייגנטלעך נישט ריכטיק, זיי זענען שוין לאַנג קיין פּאָר פאָלק נישט!

שוין אַ צייט, זייט זיין יצר הרע איז געקומען אויף ציגיינערשע הענט, און זי וואָלט ביי לייטן אַ זאָגערין, אַ טיקערין געווען, פרעמדע חטאים געזוכט, אייגענע צו פאַרגעסן.

נאָר מיוחסים זענען זיי ביידע.

אין סאָביעסקיס צייטן איז זיין זיידע אונטער ווין געווען און פון דאַמאָלט אָן איז אים אַביסל דייטש געבליבן אין דער זיפּשאַפּט...

זי האָט אַפילו אַ שטיקל פּסול אין דער משפחה... ווען די גרויסע אָגאָרעס האָבן אין קיעוו געהוליעט, האָט איר באָבן, לא עליכם, אַ מכשול געטראָפן, נאָר — כיון שלקה — אָפּגעשמיסן און צוריק יחוס געבליבן!

און זיי האַלטן זיך טריי און ערלעך צוזאַמען! איין

פאַרזילבערט געשפּאַן, איין דישל — ער אין דער רעכטער, זי אין דער לינקער זייט.

דאָס ביטערע פּערדישע לעבן פון אסך אַרבעט און ווייניק האָבער פאַרזיסט מען זיך מיט גוט־פּריינטשאַפט, מיט קאָמפּלימענטן פאַר חברקייט און מיט אַלטע זכרונות פון די אַמאָליקע גאָלדענע צייטן, ווען מען האָט אין צירק געטאַנצט, אויף מושטיר פּלאַץ גאַלאָפּירט און גאַנץ אָפט אַפילו פּולווער געשמעקט...

דערביי קראַצט מען זיך פּאַר גרויס ליבשאַפט קעגנזייטיק אונטער די אויערן און מען פאַרגעסט, כאָטש אויף אַ ווײַלע, דאָס אייזן אין מויל, די שטריק אויף די צעראַנירטע זייטן, דעם דישל אין דער מיט און די קנאַקנדיקע בייטש פון דער הויך...

טייל מאָל פאַרגעסט זיך דאָס פּאָר פּאָלק, געדענקט נישט, וואו עס האַלט און הויבט אָן הינטער־טאַנץ... נאָר עס איז לאַנג נישט געפּערלעך. עס איז גענוג שוין אַ פייף, זיי זאָלן זיך דערמאָנען, אַראָפּלאָזן צוריק די קעפּ און ווייטער רויק און געלאַסן מעסטן די בלאָטע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס פּאָר פּאָלק איז ביים ברונען.

זי ליגט אויסגעצויגן ביי דער קאָרעטע און אַרבעט מיט די זייטן; ער שטייט איבער איר פאַרטראַכט אויף פיר ציטערדיקע פיס... וואַסער שנירלעך הענגען זיי נאָך ביידע אַראָפּ פון די ניידרים און שפּיגלען אָפּ די לעצטע הייסע שטראַלן פון דער אונטערגייענדער זון...

דער גאַנצער הויף שטייט אין גאָלד!

— אַ שיינער אָוונט, — מאַכט ער מיט אַ ווייכער שטימע.

זי ענטפערט נישט, זי הערט זיך צו צום יאָמערליכן קול, וואָס רייסט זיך אַרויס פון דער אָבאָרע.

— הערסט? — מאַכט זי צו אים מיט אַ ציטער.

— וואָס?

— דאָרט געזעגנט זיך אַ קאַלב מיט דער מוטער אויף אײביק.

— נו?

— מען װעט װײטער קוילן?

— קעלבער... קי... — ענטפערט ער געלאַסן.

— און אונז?

דאָס בלוט פון אונטער װיען איז אויפגעזאָטן:

— אונז טאָר מען נישט!

עס יאָגט אים דורך, װי אַ בליץ; נאָר געשװינט קומט ער צו זיך און באַרויקט זיך אויך.

— נאַריש קינד, — מאַכט ער — פערד זענען דאָך קײן בהמות נישט! מיר זענען דאָך מיוחסים! װי לאַנג איז, אַז אונזער זײדע בוצעפאַל איז מיניסטער געװען! און עד היום זענען דאָך אַלע גרעסטע חיות אונזערע נאָענסטע קרובים! מען װעט עס נישט דערלאָזן!

— און זײ?

— װאָס פאַר אַ פאַרגלײך? — מיר זענען דאָך ניצלעך, אונז דאַרף מען דאָך, מען װעט דאָך צו קײן האַרמאַטן קײן אָקסן נישט שפּאַנען, מען װעט דאָך קײן קעלבער אין צירק נישט אַרײנלאָזן... און אָן קריג, און בפרט אָן אַ צירק קאָן קײן אײנציקער שטאָט נישט באַשטײן!

— נאָר זײ, פאַרװאָס זײ?

— קוילן — שרײַט ער — מוז מען דאָך! אויסער דעם — גיט ער שוין צו געלאַסן — זענען זײ מער נישט װערט! לאָזן זײ אויף זיך רײַטן? טאַנצן זײ אונטער די שפּאָרן? טויגן זײ אין קריג?... און װאָס פאַר אַ שװער, פויל לעבן ער פירט! אָן אַ פונק פון העלדנמוט, אָן אַ קאפּ פון ראָמאַנטיק; קײן אײנציקער אָקס שטעלט זיך בײַ קי-װאַסער נישט אָפּ, ער שמעקט נישט דערצו...

— אָ! — מאַכט די דאַמע האַלב איבערדרײבערט.

— און װאָס פאַר אַ לשון דאָס האָט: בע! מע!

— פוי! — מאַכט די דאַמע.

— און אפיקורסים זענען זיי.
— וואָס? — שפרינגט די דאַמע אויף אַלע פיר.
— זיי זאָגן, אַז דער גאַנצער הימל איז פאַרנומען מיט אָבבאָרעס, אַז אויף קיין איינציקן שטערן איז קיין פערד־שטראַל נישט פאַראַנען.
— אַזוי, — מאַכט די דאַמע אין איין כעס — אַזוי...
און אין דערזעלבער סעקונדע, אַז מען האָט דורכגעפירט אַ קעלבל צו דער שחיטה, האָט זי איר דערלאַנגט מיט דער פאָדקאָווע אין דער זייט...

# דרשה געשאַנק

## (אַ מעשה פון בעל שם)

דאָס, וואָס איך וויל אייך פאַרציילן, איז אין שבחי בעל־שם־טוב נישטאָ, אין קיין אַנדער ספר פון ספורי מעשיות — נישט געדרוקט, און דאָך — נכּרים דברי אמת, ווי איר וועט אַליין זען . . .

אָנגעהייבן האָט זיך די מעשה גאָר, גאָר פריער, בשעת דער שוואַרצער מגפה. אַ פערצן מייל אונטער מעזיבעזש איז פאַראַן אַ דאָרף. אָנהייבן הייבט זיך אָן דאָס דאָרף מיט אַ קרעטשמע, האָבן די קרעטשמע צוויי שותפים געהאַלטן. אַלטע יידן האָבן געדענקט, אַז די קרעטשמע ביים האַראַביע האָבן געהאַלטן צוויי שותפים. מען האָט נאָך דעמאָלט געוואוסט די נעמען זייערע: איינער האָט געהייסן דער קרומער אליהו — אַ קרומען אַקסל געהאַט, דעם צווייטן האָט מען גערופן: דער ברייטער מיכל — אַ ייד — אַ פאַרנעם, קוים אריין אין אַ טיר. די יידן האָבן געלעבט, געהאַנדלט בשותפות, קינדער געהאַט . . .

איז אַרויס אויף דער וועלט די שוואַרצע מגפה, אַריינ־געכאַפּט זיך אין קרעטשמע, צוגענומעןביידע שותפים, מיט די ווייבער און קינדער אַ סך. געבליבן איז נאָר נאָכן קרומען אליהו אַ יינגעלע און נאָכן ברייטן מיכל אַ מיידעלע, אין די זעלבע יאָרן, צוויי קליינע קינדער. דער ברייטער מיכל מיטן ווייב — דאַכט זיך, שיינדל האָט זי געהייסן — זענען שפּעטער געשטאָרבן און פאַרן טויט האָבן זיי די ביידע קינדער פאַרקנסט . . . די דערמאַנטע שיינדל האָט דעמאָלט פון אונטערן

קישן אַפּיר גענומען אַ פינגערל אַ זילבערן – איר טבעת קדושין געווען – און איבערגעגעבן דעם יינגל זאָגנדיק צו כמעט ביי יציאת נשמה:

– אַט מיט דעם פינגערל זאָלסטו דערלעבן מקדש צו זיין דיין כלה...

אויסער די צוויי קינדער – חתן־כלה איז געבליבן אַ משרת. האָט דער משרת אָפּגעטאָן אַזאַ מעשה רע. ער האָט מעלים געווען פאַרן פריץ די קינדער, איבערגענומען די קרעטשמע. געצאָלט אַרענדע דער פריצה, דאָס האָט איר דער פריץ איבערגעגעבן, ווי עס הייסט ביי זיי – אויף שפּילקעס. די קינדער געפּייניקט, און אַז זיי זענען אויפגעוואַקסן, האָט ער אים געמאַכט ביי זיך פאַר אַ משרת, דאָס מיידל – פאַר אַ קעכין. און מעזיבעזש האָט דעמאָלט גערעדט דערפון פיל: נאָר פּיפּצן מייל ווייט. און דער אַרענדאַר איז געוואָרין אַ גבר אלים, אַ חשוב ביים פריץ און ביי דער פריצה. און דער פריץ איז געווען אַ הראַביע פון די שרי המלכות, קיין ייד כמעט נישט צוגעלאָזט. – זאָל ער קומען אויף אַנדערע הענט! האָט מען גערעדט און פאַרגעסן, די קרעטשמע האָט מען גלאַט געמיטן: אַן אָרעמען אורח פלעגט ער, דער געוועזענער משרת, נישט לאָזן איבער דער שוועל, פון רייכערע – די הויט גער‏יסן...

אַרויסגעשווימען איז נאָך אַמאָל די מעשה ערשט אין אַ פערצן־פּיפּצן יאָר אַרום. עפּיס עמעץ איז דורכגעפאָרן מעזיבעזש, געווען ביים בעל שם, גלאַט אַזוי, אַריינגעקומען און פאַרציילט, באשר בכן, דער אַרענדאַר פון יענער קרעטשמע, דער געוועזענער משרת, שדכנט זיך צו דער יתומה. אַ'ניט, זאָגט ער, וועט ער ביידע אַרויסטרייבן...

עס נעמט אָן ביי דער לעבער, נאָר אַז דער בעל שם הערט און שווייגט, שווייגט מען, זיפצט מען אָפּ, מען דער־מאַנט אַמאָל, און מען זיפצט ווייטער אָפּ אין מען פאַרגעסט ווידער...

דער בעל שם, אַ פּנים, האָט נישט פאַרגעסן, ווי איר וועט זען...

---

איינמאָל, ווינטער-צייט איז אַ גרויסע זאַווערוכע געווען, שניי און שניי. שבת פאַרנאַכט איז פּלוצלונג שטיל געוואָרן. מען קוקט אַרויס פאַר הבדלה: אַן אויסגעשטערנטער הימל. גוט, דער בעל שם מאַכט הבדלה. האָדל, כמנהגה, האַלט די הבדלה. די רביצין שטייט אין טיר. אין שטוב — איבער דער וואָך, צוליב די שנייען קיינער נישט געקומען — קוים אַ מנין.

נאָך הבדלה, מען וואַרט, דער בעל שם זאָל אָנהייבן „ויתן לך". דער בעל שם פאַרטראַכט זיך, דערנאָך צעשמייכלט ער זיך און גיט אַ זאָג:

— ווייסט איר וואָס, רבותים? מיר וועל׳מיר פאָרן שפּאַצירן. די רביצין מיט האָדלען פאָרן מיט. „ויתן לך" וועל׳מיר זאָגן אויפן וועג. די אליהוס וועל׳מיר, אם ירצה השם, זינגען אין וואַלד און „מלוה-מלכה" וועל׳מיר פּראַווען אין אַ קרעטשמע. אַ שמחה וועט זיין! זאָל וואַסיל איינשפּאַנען דעם גרויסן שליטן.

לויפט מען אַרויס אָנזאָגן וואַסילן. און ער הייסט די רביצין מיט האָדלען זאָלן איינפּאַקן אַ מלוה-מלכה כיד המלך, נישט פאַרגעסן מיטצונעמען אַ ביסל לעקעך און בראָנפן, דאָס ביסל ווין, וואָס איז פון קדוש והבדלה געבליבן אויך מיט-נעמען...

— ווי געזאָגט, אַ שמחה וועט זיין, זאָגט ער, ווערט שוין פריילעך אויפן האַרץ.

דערביי איז געווען דער סופר פון שטאָט.

— האָסט נישט ביי דיר אַ גרייטע כתובה, נאָר אַריינ-צושרייבן נעמען?

מען ווערט נתפּעל פון דער שאלה. דער סופר דערמאַנט זיך: ער האָט אין דער היים. הייסט ער אים לויפן ברענגען

און מיטנעמען. ווערט מען נאָך מער נתפּעל, נאָר איבער־פרעגן פרעגט מען נישט.

עס גייט נישט אַוועק אַ האַלבע שעה, וואַסיל מיטן ברייטן שליטן פאַרפאָרט; אויפן ערשטן געזעס זיצט שוין די רביצין און האָדל, די מלוה מלכה אין אַ טישטוך געפּאַקט אין דערמיט, אויפן צווייטן געזעס — דער בעל שם צווישן צוויי עלטערע מקורבים, די רעשט כאַפּט זיך אויף, וואו עס איז, מיט די פיס פון שליטן אַרויס. אַ יונגער מאַן האָט זיך אויפגעכאַפּט רייטנדיק הינטן אויפן דראָנג... וואַסיל מיט בייטש און לייצן אין דער האַנט, זיצענדיק, ווי זיין שטייגער איז געווען, מיט די פיס אויפן דישל און מיטן פּנים צום עולם פרעגט:

— וואו אַהין?

דער בעל שם ענטפערט: פאָר!

פרעגט שוין וואַסיל נישט איבער, גיט אַ שטעק אַריין אין היי אין אַ ווינקל די בייטש, בינדט צו די לייצן צום ראַנד פון וואַסאָנג, און אַ הוק אויף די פערדלעך! הייבן אָן די פערדלעך, איבער דער זאַווערוכע־צייט אויסגערוט, די פיסלעך מיט חשק, יאָגן אויף אַ שנייענעם שטויב פון אונטער זיך, און מען טראָגט זיך ווי אין אַ ליכטיקן נעפּל, פון געסל אַרויס, פון מאַרק, פון שטאָט, אין ווייטן ברייטן שנייענעם רחבות אַריין, און מען זאָגט „ויתן לך״...

אָפּגעזאָגט „ויתן לך״ — הייבט זיך אָן דער וואַלד. דעמאָלט אַוודאי פּיפּצן מייל וואַלד געווען... אַשליאַך אַ ברייטער, גלאַטיק ווי איבערן טיש. און מען זינגט די אליהוס... דער ניגון שטאַרקט זיך, דער אויסגעשטערנטער הימל, זעט מען בחוש, איז מקבל תענוג, ממש די שטערנדלעך טאַנצן אונטער. די אַלטע נאָדל־ביימער רעכטס און לינקס ציטערן אויף ממש ווי פון שלאָף און באַשיטן אונז מיט שנייעלעך, ממש ווי מען באַשיט חתנים מיט האָפּינקע. אַמאָל שפּרינגט אויף אַ דערוועקטער שוואַרצער פויגל און גיט אַ שאָס עֶרגעץ אַוועק מיט אַ געשריי אין אויער אַריין און ווערט

נעלם... אַמאָל וועקן זיך גאַנצע שאַרן קליינע פייגעלך און פּיפּץ, פּיפּץ, פּיפּץ — זיי האַלטן אונטער, זינגען מיט...
און אַזוי ווי עס ענדיקן זיך די אליהוס ענדיקט זיך אויך דער וואַלד. ווייטער אַ רחבות. זעט זיך פון ווייטן אַ דאָרף, פאַרן דאָרף אַ גרויס הויז — די קרעטשמע, דערקענט מען די קרעטשמע מיטן דאָרף, ווייסט מען — פּיפּצן מייל פון שטאָט. פון דעם אָבער רעדט מען נישט, מיט קפיצת הדרך, אַז מען פאָרט שפּאַצירן, איז מען געוואוינט.
— שטיי! — הייסט דער בעל שם. בלייבט מען שטיין.
— דאָ, זאָגט ער, וועל'מיר וואַרטן אַביסל.
וואַרטן איז וואַרטן, שפּרינגען טייל אַראָפּ פון שליטן אויסגלייכן די פיס.
דערווייל דערהערט מען, עפּעס קאָפּיט זיך אַלץ נענטער אין שניי. מען קוקט זיך צו — אַ פערד מיט אַ שליטל. נענטער — זעט מען: צוויי פאַרשוין פאָרן, אַ ספּאָדיקל מיט אַ שאַל, זיי ווילן פאַרביי, שטעלט זיי דער בעל שם אָפּ.
— הער נאָר דו, בחור איינער, נאָר אָן כעס, טאַקע מיט אַ שמייכעלע — ווי פאָרט עס אַ בחור מיט אַ בתולה אַליין ביי דער נאַכט?
דער בחור קוקט זיך צו, ווער פרעגט עס אים. זעט ער, אַ פּנים, ווער, און אפשר אָן קול דערקענט, אַז עס איז נישט קיין פּראָסטער בשר ודם.
— מיר זענען חתן-כלה, רבי!
— דאָס ווייס איך... אָבער פאַר חופה וקדושין...
— דער בעל הבית, רבי, האָט אונז אַרויסגעטריבן, ווי מיר שטייען און גייען. אַ מערכה, אַ פויער אַ שכן האָט אויף אונז רחמנות באַקומען, אַ פערד און שליטל געבאָרגט און פּעלצן, און געראָטן, איך זאָל אַריינפאָרן קיין מעזיבעזש צום ראַבין, צום בעל שם... ער וועט מיר העלפן...
— איז דיר — ענטפערט מען אים אַלץ מיט אַ שמייכעלע — דער בעל שם אַקעגן געקומען...
ער גלייבט קוים זיינע אויערן און אויגן.

— און פאָר צוריק! — זאָגט דער בעל שם.
— ער וועט אונז דערהרגענען... ער האָט געזאָגט...
— פאָר, אַז מען הייסט!
דרייט ער אויס און פאָרט צוריק. דער גרויסער שליטן — נאָך... ווער ס'איז אַראָפּ כאַפּט זיך צוריק אויף אָדער גייט שוין דאָס שטיקל צופיס...
און אַז דאָס קליינע שליטל פאַרפאָרט פאַר דער קרעטשמע, לויפט אַרויס דער אַרענדאַר מיט אַ דראָנג...
גיט מען אויף אים אַ געשריי פון גרויסן שליטן, דער־זעט ער אַן עולם, רופט ער מיט כעס:
— שלעפּערס געקומען! פאָרט ווייטער, נישטאָ וואָס צו עסן, נישטאָ וואָס צו טרינקען, נישטאָ וואו צו נעכטיקן, היידא!
און לויפט צוריק און וויל פאַרשפּאַרן די טירן.
טאַקע אַ גבור דער ייד דער גזלן, פלייצעס, הענט און אַ דראָנג אין דער האַנט, איז דאָך אָבער דאָ וואַסיל, און דער עולם קומט צו הילף... אין אַ מינוט אַרום זענען אַלע אין שטוב.
— דאָ נעכטיקן — זאָגט צו אים דער בעל שם — וועל'מיר נישט, עסן און טרינקען האָב'מיר, ברוך השם, מיטגעבראַכט. זוך אויס, געפין און צינד אָן מער ליכט...
וואָרטשעט עפּעס דער גזלן אונטער דער נאָז, נאָר פאָלגן פאָלגט ער. עס ברענען שוין עטלעכע ליכט אין מעשענע לייכטער.
— דערלאַנג נאָך אַ טישטוך!
— זאָל ער דערלאַנגען! — ברומט ער, דער גזלן, מיט אַ בייזן בליק צום אַרויסגעטריבענעם בחור.
— דו ביסט זיין משרת! — שרייט אים אָן דער בעל שם.
כמעט דאָס ערשטע מאָל האָט מען אים געהערט אָנשרייען. און עס האָט אַ פּעולה געהאַט: דער אַרענדאַר איז מיט אַמאָל איינגעצויגן, קליין געוואָרן, ממש איינגעשרומפּען, צוריק משרת געוואָרן, און ער גייט און ברענגט אַריין פון צווייטן שטוב אַ טישטוך.

– דרענגלעך האָסטו ? – פרעגט דער בעל שם.
ער ענטפערט שוין ווי אַ משרת :
– איינהייצן אין אויבן, אָדער אויפן קוימען ?
– נישט צום הייצן. ברענג אַריין פיר גלייכע דרענגלעך . . .
ברענגט ער.

זאָגט דער בעל שם צום סופר : נעם אַרויס די כתובה און שרייב איין די נעמען פון חתן כלה . . .

און דערנאָך :

– זאָל עמעץ פון טישטוך מיט די דרענגלעך מאַכן אַ חופה.

דער סופר שרייבט, די חופה ווערט געמאַכט, חתן כלה שטייען שוין אונטער דער חופה. דער בעל שם איז שוין מסדר קדושין . . . מזל-טוב, מזל-טוב ! און מען זעצט זיך צו מלוה מלכה, וואָס די רביצין מיט האָדלען האָבן דערווייל אויסגעפּאַקט און צום טיש געגרייט . . .

מען עסט, מען טרינקט, מען זינגט אונטער . . . רופט זיך אָן דער בעל שם :

– צינד דרשה-געשאַנק ! די נאַכט שטייט נישט פאַרביידע – חתונס צד און כלהס צד מיט אַמאָל. און ער צעשמייכלט זיך און רופט אויס :

– איך פון מיין צד גיב דעם פּאָר פּאָלק די אַרענדע פון דער קרעטשמע !

– די קרעטשמע איז מיין ! – צינד זיך אָן דער געוועזענער משרת.

– נאַרישער רשע ! צינד בין איך פריץ, און די קרעטשמע איז מיין, און איך גיב זי איבער דעם פּאָר פּאָלק.

און ווענדט זיך צו דער רביצין :

– און דו, רביצין, וואָס גיסטו ?

גלייך מיט אַלע נעמט עס די רביצין אָן פאַר אַ שפּאַס, דעם גזלן להכעיס, און רופט זיך אָן :

– אַז דער מאַן איז אַ פריץ, איז דאָס ווייב אַ פריצה,

און אַזוי ווי דעם אָפּצאָל פון דער קרעטשמע (אַ דבר ידוע געווען) נעמט די פּריצה אויף שפּילקעס, שענק איך זיי דרשה-געשאַנק — דעם אָפּצאָל, אויף אייביקע יאָרן!

— אייב אַזוי — מאַכט האָדל — אַז דער טאַטע איז אַ פּריץ און די מאַמע אַ פּריצה, בין איך דעם פּריצס איינציקע טאָכטער, האָב איך אויך אַ שטיקל דעה.

— אַוודאי, אַוודאי!

— גיב איך פון מיין צד פון גאַרעלנע דעם פּאָר פּאָלק 300 וויאדער בראָנפן...

— רבותי, מיר וועלן בענטשן!

בענטשט מען גאָכן שפּאַס, ווי מען האָט געמיינט...
נאָכן בענטשן מאַכט דער בעל שם צום פּאָר פּאָלק:

— ציגד מעגט איר שוין פּאָרן צוזאַמען. וואו אַהין ווילסטו פּאָרן?...

— איך האָב דאָ אַ פעטער נישט ווייט, אינם וואַלד... אַ סמאָלע-מאַכער...

שמייכלט דער בעל שם און זאָגט:

— אַ מענטש פּאָרט, און גאָט פירט... פּאָרט געזונטערהייט, נאָר די שיריים, זאָגט ער, מיטן טישטוך צוזאַמען נעמט אייך מיט. דער עיקר פאַרגעסט נישט דאָס איבערגעבליבענע ביסל ווין, עס וועט אייך צונוץ קומען...

געשיט אַזוי, פּאָרט דער קליינער שליטן אָפּ אין איין זייט, מיר אויפן גרויסן צוריק קיין מעזיבעזש... מן הסתם ווייטער זיין קפיצת הדרך. שוין זיצנדיק אויפן שליטל, ווענדט זיך דער בעל שם צום אַרענדאַר:

— און דו, גזלן, זאָלסט תשובה טון! פון קרעטשמע וועסטו אַרויס, זיין נע ונד, פּראַוועו גלות. דערנאָך וועט דיר גאָט העלפן, און וועסט אָנקומען צו מיר נאָך תשובה... פּאָר, וואַסיל...

דער שליטן רירט, דער אַרענדאַר בלייבט ווי פאַר-שטיינערט...

נאָך ביים וואַלד אַריינפאָרנדיק, האָט מען זיך אומגעקוקט

און געזען, ווי ער שטייט נאָך אַלץ און רייבט זיך די אויגן, גלייך ער וויל זיך אויפכאַפּן פון אַ בייזן חלום...

---

און וואָס דער בעל־שם האָט געזאָגט, איז, פאַרשטייט זיך, מקוים געוואָרן...

אין עטלעכע יאָר איז דער אַרענדאַר געקומען און מקבל תשובה געווען... עס איז אים שוין נישט געווען צו דערקענען. נאָר דאָס איז שוין איין אַנדער מעשה, הערט בעסער, וואָס עס איז געשען מיטן דרשה־געשאַנק, מען האָט דאָך געמיינט אַ שפּאַס...

---

פאָרט דער יונגער מאַן מיטן ווייבל אין וואַלד אַריין, דאָס טישטוך מיט די שיריים פון מלוה מלכּה, מיטן ביסל ווייַן אין פלעשל איינגעפּאַקט. דאַרפן זיי פאָרן צום סמאָלע־מאַכער לערך אַ האַלבע שעה, פאָרן זיי שוין אַ שעה און אַנדערט־האַלבן, און דעם פלאַץ מיטן שוואַרצן הייזל זעט מען נישט. קיין וואונדער נישט — אָנגעפּאַלן אַזאַ שניי, גיי דערקען אַ וועג! אָבער אומרויק ווערט מען, און אַביסל שרעקט מען זיך אויך. דערווייל שטעלט זיך דאָס פערדל, זאָל עס אָפּסאַפּען, ס'האָט שוין לאַנג אין מויל נישט געהאַט. זאָגט דאָס ווייבל:

— אַ צער־בעלי־חיים, געבן אים אַ שטיקל חלה פון די שיריים...

— מהיכא תיתא...

גייט דאָס ווייבל אַראָפּ פון שליטל, פּאַקט אויף, דערלאַנגט צו'ן אַ שטיק חלה און גיט דעם פערד צום מויל. קייט עס.

שפּרינגט דער יונגער מאַן אויך אַראָפּ פון שליטל, די פּיס אויסגלייכן. אַגב, מעג מען גיין אַביסל צו פּיס.

דאָס פערד האָט אָפּגעקייט, אָפּגעטשיכעט זיך. מען וויל רירן פון אָרט, דערהערן זיי פון הינטער די ביימער אַ טיפן קרעכץ, און נאָך אַ קרעכץ...

— אַזאַ חיה ? — פרעגט דאָס ווייבל .

— ניין , דאַכט זיך , אַ מענטש .

— געמוזט אַן אומגליק געשען . . .

— לאָמיר זוכן !

גייען זיי נישט לאַנג נאָכן קרעכץ און טרעפן אַ ליגנדיקן מענטש , אַ פאַרחלשטן . אַ יונגער מענטש , קאָנטיק , אַ פריץ אַ יונגער . נעבן אים — די ביקס , נישט ווייט אַ געשאָסענער האָז .

— אַ פאַרבלאָנזעטער , פאַרחלשטער יעגער , — טרעפט דאָס ווייבל .

— אַוודאי אַזוי , ברענג דאָס ביסל ווײַן . .

דערמאַנען זיי זיך , דער בעל שם האָט געזאָגט : עס וועט צונוץ קומען . . .

ברענגט דאָס ווייבל דעם ווײַן , אַ שטיקל לעקעך , דער יונגער מאַן האָט זיך דערווייל אַנידערגעזעצט און דעם פאַר-חלשטענס קאָפ צו זיך אויף די קניען גענומען . דאָס ווייבל באַשמירט אים די ליפן מיט ווײַן , ער עפנט קוים די אויגן אויף :

— וואו בין איך ?

גיסט זי אים אַריין עטלעכע טראָפן אין מויל אַרײַן , שלינגט ער , דערלאַנגט אים צום מויל אַ שטיקל לעקעך , בייסט ער איין , קומט צו זיך .

ווער איז עס געווען , מיינט איר ?

טאַקע דער יונגער האַביע אַליין . שוין דריי טאָג איז ער אַרויס מיט יונגע פריצים אויפן געיעג , אָן אַ זייט זיך גענומען . וואָס ? ער קען נישט דעם וואַלד ? און פאַרבלאָנזעט . פריער האָט ער נאָך געהערט שיסן , דערנאָך האָט אויפגעהערט . זיי האָבן אַוודאי באַמערקט , אַז ער פעלט , און געלאָפן אים זוכן , און זענען זיך נאָך מער צעגאַנגען . . . הונגעריק און דאָרשטיק האָט ער זיך , נאָך אַלאַנג אומזיסטיק אַרומבלאָנדזן , אַנידער געזעצט אונטערן בוים . . . אַוועקגעשליידערט פון זיך דעם געשאָסענעם האָז , כדאי געווען צוליב אים צופאַרבלאָנדזען . . . אַזוי פיל נאָכצולויפן ! . . . דערנאָך , ער האָט שוין שוואַך געהערט טרומייטערן ערגעץ ווייט , און

רופן און הוקען אין וואַלד, גייען האָט ער שוין נישט געקאָנט, און זיין שוואַך געשריי האָט מען נישט געהערט...
דערנאָך איז שטיל געוואָרן... ער איז, דאַכט זיך, איינגע־שלאָפן, אַ פּנים, מיט אָפענע אויגן... ווייל אין אַ צייט אַרום האָט ער געזען, ווי מענטשן — פּויערים און יעגער מיט ברענענדיקע שטורקאַצן אין די הענט לויפן אַרום דעם וואַלד, טרומייטערן, רופן, הוקען... ער הערט, זעט, וויל און קאָן זיך נישט אויפכאַפּן...
אַ מערכה, זיי האָבן אים געפונען, ער וואָלט שוין מער נישט אויפגעשטאַנען.
נעמען זיי דעם יונגען הראַביע, וואָס איז שוין צו זיך געקומען, מאַכן אים אין שליטן אַ באַזונדער געזעס, זעצן אים און זיך אויף, צום פאָרן.
— מערקווירדיק, מאַכט ער, דער יונגער הראַביע, צינד זע איך באַשיינפערלעך, וואו איך בין, אָט דאָרט, — ווייזט ער מיטן פינגער — איז דער פּאַלאַץ, פאָרט אַהין גלייך צווישן דיביימער...
— עפּעס אַ פאַרבלענדעניש געווען! מורמעלט ער און בלייבט שטיל, נאָכטראַכטענדיק, וואָס אין דער היים ביי פאָטער און מוטער טוט זיך... און זיי פאָרן, ווי ער האָט זיי געוויזן, גלייך צום פּאַלאַץ צו...
נישט ליכטיק איז אין פּאַלאַץ, אין איין פענסטער אינגאַנצן שיינט דורך דער פאָרהאַנג, אין דער רעשט חושך...
מען פאָרט אַריין אין טויער. לויפן מענטשן אַקעגן: ווער קען עס פאָרן ביי דער נאַכט?... אַ געבילעריי ווערט פון הינט. איינער שפּרינגט צו, דערקענט, ווער עס איז אין שליטל, און לאָזט אַרויס גאָר אַן אַנדער ביל, אַ ביל פון פרייד, פון אַ גוטער בשורה, לויפט נעמטער צו אַ דינער:
— דער פּריץ, דער יונגער פּריץ!...
לויפט מען צום פּאַלאַץ, טוט מען צו וויסן, לויפט אַרויס פאָטער און מוטער און געסט...

— מיין זון! מיין זון! מיין ברודער!

— סטאַש, סטאַש, ער לעבט! — שרייען די יונגע פּריצים, וואָס האָבן נאָך די יעגערישע קליידער נישט אַראָפּגעוואָרפן. מען כאַפּט דעם פאַן סטאַניסלאַוו אויף די הענט, מען טראָגט אים אין פּאַלאַץ. מיט אַמאָל ווערט ליכטיק אין אַלע פענסטער, דער גאַנצער הויף — באַלויכטן...

דער פאַן סטאַניסלאַוו פאַרציילט, אַלע רינגלען אים אַרום און הערן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם... דערווייל איז שוין געדעקט דער טיש: ווײַן, פאַרבייסעכץ, מען זיצט שוין, מען עסט, מען טרינקט, מען פרייט זיך און דעמאָלט גיט עמעץ אַ פרעג:

— און ווער האָט דיך אויפגעהייבן, און ווער האָט דיך געברענגט, טייערער סטאַש?

זענען אַלע פאַרשעמט געוואָרן. מען האָט גאָר אין די, וואָס האָבן דעם בן יחידס לעבן מציל געווען פאַרגעסן!

— אַזאַ אומרעכט! פאַרברעכט דער פריץ די הענט.

— ווי מיר! קרעכצט די פריצה: גאָט וועט מיר עס נישט מוחל זיין...

— אויף אַ שליטל געווען, געמוזט אַוועקפאָרן, גאָר נישט אין מויל אַריינגענומען, דאָס האַרץ נישט אונטערגעלעגט, נישט אָנגעוואַרעמט זיך, קיין דאַנק נישט געהערט — זאָגט מיט שמערצלעכע טרערן די טאָכטער.

דעמאָלט קומט צו דער קאַמערדינער און ראַפּאָרטירט.

— ער האָט אַלץ געטון, וואָס מען דאַרף. דאָס פערדל אויסגעשפּאַנט און אין שטאַל אַריינגענומען, פרישן האָבער געשיט. זיי — אַ יונגל, דאַכט זיך, און אַ מיידל, אפשר שוועסטער און ברודער, אפשר חתן־כּלה... זיי האָט ער אין קיך באַשערט, זיי זאָלן זיך אָנוואַרעמען, עסן האָבן זיי זייער אייגענס מיט זיך געהאַט. זיי זענען יידישע קינדער, זיי ווילן אונזערס נישט פאַרזיכן...

— אַהער ברענג זיי אַריין, אַהער! — רופט אויס דער פריץ.

— אַליין וועל׳מיר זיי ברענגען, אַליין! רופט אויס דעם

יונגען הראַביעס מוטער און שוועסטער און זענען אַרויס,
און זאָס יונגע פּאָר פּאָלק געבּרענגט אין זאַל אַריין...

— אַדאַנק, אַ דאַנק, אַדאַנק...

די אַלטע פּריצה פרעגט: וואָס זייט איר: שוועסטער און ברודער, חתן כלה?... ביי'ן אייך פּאָרט מען דאָך נישט אַזוי...

— ניין, זאָגן זיי, מאַן און ווייב ערשט נאָך דער חופּה! צו'ן אַ פעטער אין וואַלד זענען מיר געפאָרן... צום סמאָלע־מאַכער...

— אייב אַזוי, רופט מען פון אַלע זייטן: מזל טוב אייך, מזל־טוב! זאָל זיין מיט גליק, הייסט עס אויף זייער לשון...

— קומט דאָך אייך, רופט זיך אָפּ דער יונגער הראַביע, מתּנות... דרשה־געשאַנק, אויף זייער לשון: חתונה געשענק.

רופט זיך באַלד אָן דער אַלטער פּריץ.

— איך גיב זיי אַוועק די בעסטע קרעטשמע אין מיינע גיטער!

און די פּריצה זאָגט:

— און איך שענק זיי די אַרענדע אויף אייביקע יאָרן!

און די טאָכטער רופט זיך אָן:

— איין איינציקע טאָכטער בין איך, אויסער מיין ברודער האָב איך אויך אַ שטיקל דעה!

— האָסט, גיב — זאָגן פאָטער און מוטער — וואָס דו ווילסט!

— גיב איך 300 וויאַדער אָקעוויט פון גאַרעלניע.

וכך הוה... דער יונגער פּריץ האָט נאָך עפּיס אַריינגעשטופּט אין די הענט אַריין...

איך האָב נישט געציילט...

דערווייל איז אַריין מוזיק, מען האָט אָנגעהייבן טאַנצן...

אונזער פּאָר־פּאָלק האָט זיך שטילערהייט אַרויסגעגנבעט און געפאָרן צוריק — צו זיך אין קרעטשמע אַריין...

דער אַרענדאַר איז שוין דאָרט נישט געווען... שוין געגאַנגען ליידן גלות...

---

# דער בעל שם פירט אויס אַ שידוך

## אַ נייע מעשה פון בעל-שם

געווידמעט אנסקי, דעם זאמלער.

האָט אין אַ שטעטל ביים ברעג פון בוג געלעבט אַ פּאָר-פאָלק, וואָס זיין ליבער נאָמען האָט מיט קינדער נישט געבענטשט. און דאָס פּאָר-פאָלק — שמואל וזוגתו טריינע מירל — האָבן אַפילו קיין קלער נישט געטאָן וועגן אַ גט, און אַלץ ווייטער און ווייטער געלעבט, ווי אונטער דער זון.

און די שטאָט האָט נישט געמורמלט און דאָס בית-דין-צדק — נישט געוועדט. מען האָט געוואוסט, אַז נפשו קשורה בנפשה און אַזוי פאַרקערט, און זיי זענען איינס מיט אַנאַנדער אַזוי פאַרבונדן און פאַרקניפּט, אַז ריידן פון אַ גט וואָלט געהייסן צוגיין מיט אַ חלף. —

פאַר דאָס איז דער שמואל — אַ דאַנציקער סוחר — אַ גרויסער מוצלח געווען אין זיינע עסקים. און מען ווייסט אַפילו, פון ווען אָן די הצלחה האָט זיך אָנגעהייבן, פון וואַנען זי שטאַמט און אָן וואָס זי האַלט.

איינמאָל, שמואל איז נאָך אין די פעדערן נישט געווען, טריינע מירל איז נאָך אין עזרת נשים ביי דער קראַטע נישט געשטאַנען, קיין בריליאַנטנע הענגל-אוירינג נישט געטראָגן, — געהאַנדלט מיט אַ קליין ביסל געהילץ, צוגעבונדן צוויי דריי טראַטוועס צון אַ גרעסערן סוחרס טראַנספּאָרט און אַ קליין הייזל געהאַט, אויף הילצערנע פיסלעך, אונטער אַ שטרויען דעכל, — טרעפט זיך אַ מעשה, ערב שבת, דער בעל שם

פּאָרט איבערן שטעטל אַהיים, און פּונקט — ווי עמיצן איז
באַשערט! — פּונקט פּאַר שמואלס טיר צעברעכט זיך אַן אַקס.
שמואל און טריינע מירל זענען אַרויס פּאַר דער טיר, אַריינ-
גענומען דעם בעל-שם — נישט וויסנדיק אַפילו, ווער ער איז,
נאָר גלאַט אַ ייד! — צו זיך, געשיקט נאָך אַ סטעלמאַך, צו
פאַריכטן די אַקס; איידער וואָס, איידער ווען — נאָך צוועלף,
דער בעל-שם בלייבט שוין אויף שבת. און אַ מכניס אורח איז
שמואל פון אייביק אָן, און טריינע מירל האָט אויך אַ גוט
אויג און אַן אָפן האַרץ פאַרן אורח, — האָט זיי טאַקע פון
דעמאָלט אָן אָנגעהייבן צו שיינען דאָס מזל. און אַזוי ווי עס
איז שוין געוואָרן אַ מנהג, אַז ווען דער בעל-שם פאָרט דורכן
שטעטל, שטעלט ער זיך אָפּ ביים פּאָר פאָלק, האָט טאַקע
דאָס מזל געשיינט, וואָס אַמאָל שענער... וואַקסט די צאָל
טראַטוועס, וואָס שמואל שיקט קיין דאַנציג, פון יאָר צו
יאָר, און אַזוי די צאָל פּערל אויף טריינע מירלס האַלז,
און עס וואַקסט דאָס הויז, צוגעבויט אַ שטוב נאָך אַ שטוב,
און צוויי שטיבער פאַרן גרויסן אורח — פאַרן בעל-שם אָפּ-
געשטעלט, און דאָס שטרוי פון דאַך אויף שינדלען פאַרביטן,
און אַ הויז געוואָרן — אַ פולער בעכער. און עס ווימלט דאָס
הויז פון סוחרים. און גייט אָפּ דער שניי, קומט זיך צוזאַמען
פון די שטעטלעך אַ מנין שיפערס, און פון די דערפער כהנה
וכהנה, להבדיל, פּליסאַקעס, און פול די קאַמערן צידה לדרך,
און פון הויף שלעפּט מען און מען שלעפּט באַלקן און
שוועלער צום ברעג... און דער טייסטער ביי שמואל אין
בוזעס-טאַש וואַקסט אין דער ברייט; אַז אויף זיין געהילץ
האָט דאָס וואַסער ביי דער גרעסטער פאַרפלייצונג קיין שליטה
נישט, דער גרעסטער ווינט צערייסט די טראַטוועס נישט;
און שיקט מען שפּעט אַרויס, און עס האָט זיך אַ פריער
ווינטער געשטעלט, קערעוועט זיך עס עפּעס אַליין דורך
צווישן אייז און עס קומט אָן בשלום... און אונזער שמואל
קויפט אַלץ גרעסערע וועלדער, און האָט שוין געלט ביי
לייט, ביי דער מזרח-וואַנט — אַ שטאָט, טריינע מירל אין

עזרת-נשים — ביי דער קראַטע... און קומט דער בעל-שם, זיצט ער אָפּ מיט דעם שמואל גאַנצע שעהן אין חדר און מען שמועסט פּה אל פּה...

הייבט שוין אָן צו נעמען אַ וואונדער?

— פון וואָס רעדט דער שמואל מיטן בעל-שם? מן הסתם פון זיינע עסקים... קיין גרויסער למדן און קיין מקובל איז ער נישט... ווי בעט עס נישט אַ ייד וועגן בנים?...

און זיכער איז מען, אַז ווען ער ברענגט נאָר די פּאַרע פון מויל אַרויס, וואָלט אים דער בעל-שם נישט אָפּ-געזאָגט. אַ גרויסע זאַך ביי אים אַ ברכה צו געבן... אלא וואָס? — טראַכט מען — דער ייד איז אַזוי פאַרטאָן אין זיינע עסקים, אַז ער פאַרגעסט גאָר, וואו ער האַלט... הייבט אָן צו פאַרדריסן. וואָס איז? ער איז דאָך שוין קיין יונגער מאַן נישט, און ווען מען גיט אַ רוף, קאָן קיינער נישט וויסן. גיט מען אים אָנצוהערענישן. אין בית המדרש, צווישן מנחה ומעריב, כאַפּט אים אַמאָל אָן אַ גוטער פריינד אין מאַרק ביים עק לאַץ, היתכן? און אַז שמואל פאַרשווייגט און דרייט זיך אויס מיט עפּעס אַ מאָדנע אומעטיק שמייכעלע אָדער פּאַרעדט מיט עפּעס אַנדערש, קומט מען אַהיים און מען דערמאָנט דערפון אין שטוב: מנע, וואָס אַ ייד קען... הערן די ווייבער, „טאַקע נישט גלייך", נעמען זיך די ווייבער צו טריינע מירלען. מען טרעפט זיך אין דער ווייבערשער שול ביים דאַווענען, אויף אַ רומפּלען, בשעת גוט-יום-טוב ביטן, — שוין אַ ווייבערישער „היתכן"... מילא, אַ מאַנספּאַרשוין איז אַ מאַנספּאַרשוין, פאַרנומען און פאַרגעסט, וואו ער איז אויף דער וועלט, אָבער זי, טריינע! און מען גיט איר צו פאַר-שטיין, אַז אייביק לעבט מען נישט, און נישט אייביק איז אַן אשה יונג. און חן ביי אַ מאַן איז אויך נישט קיין אייביקע זאַך. און וואָס שפּעטער ער וועט צום אמתן שכל קומען, איז אַלץ פאַר איר ערגער. האָט טריינע מירל איר מאַנס טבע: שמייכלט און שווייגט, אָדער פּאַרעדט מיט עפּעס אַנדערש....

און נישט אומזיסט שווייגט זי און שמייכלט. זי ווייס, וואָס זי איז פאַר איר מאַן שמואל — „אַ טעפּל מיט אַ שטערצל״... אין האַרץ דאָך, פאָרט אַן אשה, הייבט אָן צו פּיקן: אַ קינד, אַ יונגעלע, אַ קדישל... און עס פּיקט זיך אויס אַ בענקעניש און אַ שטיל האַרץ-ווייטאָג נאָך אַ קינד, און ס׳הויבט זי אָן אַלץ מער און מער גלייך מיט אַלע צו וואונדערן, ווי איז עס איר שמואל אַזאַ עולם-הזהניק געוואָרן און רעדט אַלץ מיטן בעל-שם וועגן עסקים און עסקים, וועגן „קיי-און-שפּיי״ און קלערט נישט וועגן אַ תכלית?

זי, פון איר זייט, וואָלט אים אַודאי מוחל געווען די פּערל מיט די אוירינגלעך מיטן שטערן-טיכל און ברוסט-טיכל און דאָס גאַנצע צירונג, וואָס ער קויפט איר, וואָס אַ יאָר מער און טייערער... זי האָט טאַקע ליב איר מאַן שמואל, ער איז איר בעסער, ווי צען זין, אָבער אַוועקגיין פון דער וועלט, ווי אַן אָפּגעגאַנגענער שאָטן, ווילט זיך פאָרט נישט, אַ מאַמע זיין גלוסט זיך...

זי וועט שוין אַמאָל מיט אים אַ שמועס טון, מיט גוטן, ווי זי קען... האָט זיך אָבער קיין געלעגנהייט נישט געמאַכט. זי וועט דאָך נישט אַרויס דערמיט פון דער העלער הויט.

טרעפט זיך אַמאָל, שמואל דאַרף קומען פון בית-המדרש, פון שחרית, זי גרייט צום טיש אויף אָנבייסן. וואַרפט פאַרבייגייענדיק אַ בליק אין שפּיגל אַריין און דערזעט זיך עפּעס נישט ווי נעכטן און אייערנעכטן. זי גייט צו נענטער, קוקט זיך בעסער צו: יאָרן שטייען נישט; דאָס פּנימל שוין נישט אַזוי פריש, די אייגעלעך נישט אַזוי גלאַנצעדיק און אונטער די אויגן קנייטשעט זיך עפּעס... זיפצט זי אָפּ, גייט אַוועק פון שפּיגל פאַרמרה-שחורהט און זעצט זיך ביים טיש און פאַרטראַכט זיך.

שמואל קומט מיטן טלית-ותפילין-זאַק; ווי זיין שטייגער איז:

— גוט מאָרגן!

טרייבע מירל שטייט אים נישט אויף אַקעגן, ענטפערט

שלאַבעריק „גוט מאָרגן – גוט יאָר״, גיט אַפילו נישט אַ שמייכל.

– וואַש דיך! — און עפּעס נישט איר קול.

פרעגט ער עפּעס אומרויק:

– ס׳איז דיר עפּעס, טרייַנע מירל?

זי ענטפערט נישט און לאָזט די אויגן אַראָפּ.

טראַכט ער: מאַלע וואָס! וואַשט זיך, זעצט זיך צום טיש; טרייַנע מירל נעמט כמעט נישט אין מויל אַריין...

— טרייַנע מירל?

זי קוקט נישט אויפ׳ן. די ברעמען אַראָפּגעלאָזט, פון אונטער די ברעמען קייקלען זיך טרערן איבער די באַקן... איז דאָך עס נישט פּראָסט. שטייט ער אויף. גייט צו איר שטול, הייבט אויף די האַנט און וויל זי גלעטן איבער דער האָר-באַנד; מיין טרייַנע מירל גליטשט זיך אַרויס פון אונטער דער האַנט:

– לאָז מיך געמאַך...

און הייבט זיך אויף און לויפט צו דער קאַנאַפּע, און גיט זיך אַ וואָרף אויף דער קאַנאַפּע און — מיטן פּנים צו דער וואַנט.

בלייבט שמואל שטיין צעמישט אין מיטן שטוב; צוגיין האָט ער מורא. ער איז גאָרנישט געוואוינט צון אַזאַ אויפפירן און ווייסט נישט, וואָס דאָס באַטייט;

– טרייַנע מירל, דו ביסט נישט בקו הבריאות? שיקן נאָכן רופא? זאָג... דיר פעלט דאָך עפּעס...

דרייט זיך טרייַנע מירל איבער כמעט מיט אַ כעס:

– און דו ווייסט נישט, וואָס מיר פעלט? און דיר פעלט נישט, וואָס מיר פעלט?

און צעוויינט זיך:

– ווי איז עס אַ ייד אַזוי פאַרפלאָמט אין עסקים, ווי האָט מען עס אַזאַ תאוה צו געלט!

שטוינט שמואל:

– איך?

– ווער דען, איך?

און קערט זיך ווידער אָפּ און טענעט שוין מכּלומרשט צו דער וואַנט:

— אַ ייד זאָל האָבן אַזאַ תּאווה צו געלט. אויף אַ ייד זאָל דער יצר הרע צו געלט אַזאַ שליטה האָבן...

— עס קומט אַ בעל שם... אַז מען האָט שוין די זכיה... און מען זיצט מיט אַ בעל שם שעהן לאַנג אין חדר פאַרשלאָסן... און ער לאָזט זיך בעטן, אַוודאי לאָזט ער זיך... רעדט אַ ייד נישט אַ וואָרט וועגן תּכלית... יאָרן שטייען דאָך נישט... אַ ליידיקע, אַ שטומע שטוב... קיין זכר פון אַ קינד... און ער וואָס בעט? נאָר געלט און געלט, רעדט נאָר פון זיינע עסקים... פון זיין געהילץ, פון זיינע טראַטוועס...

גיט זיך שמואל אַ רייב ביים שטערן, קוים פאַרשטאַנען.

גייט ער נענטער צו, זעצט זיך נעבן טריינע מירלען, נעמט איר האַנט אין זיינע און זאָגט:

— זיי וויסן, זוגתי טריינע מירל, אַז איך האָב נאָך מיטן בעל שם הקדוש וועגן מיינע עסקים קיין וואָרט נישט גערעדט!

זעצט זיך טריינע מירל אויף מיט אַן אָפן מויל.

— גלויבסט מיר, טריינע מירל? בהן שלי זאָג איך דיר!

איר מאַן גלויבט זי... מויערן צו שטעלן אויף שמואלס וואָרט...

— פון וואָס דען רעדסטו?

— איך מוז דאָך דיר שוין זאָגן — ענטפערט שמואל — פון פרעמדע עסקים... איך בעט טאַקע, אָבער נישט פאַר מיר, פאַר אַנדערע! ווייסט דאָך, אַן אָרעמע שטאָט אָן פּרנסה, און עס פעלן נישט קיין אונטערגענג, קיין חולאתן, רחמנא ליצלן... און דער ייד האָט אַ מיידל חתונה צו מאַכן, און יענער דאָס און נאָך איינער יענס...

לייכטן אויף טריינע מירלס אויגן מיט שטאָלץ אויף איר שמואלן...

„אַזוינער, שטאַמלט זי, ביסטו גאָר!”... און שפּאַרט

אַן דעם קאָפּ אויף זיין האַרץ, און רוקט זיך באַלד צוריק אָפּ:
— אָבער אַ קינד, זאָגט זי, וויל איך!
— אַ גאָטס זאַך, טריינע מירל...
— איז דערויף דאָ אַ בעל שם...
— איך וויל אים נישט דולן דעם קאָפּ מיט אַזוינע זאַכן...
— דו מוזט!
— איך מוז?
— ווייל איך וויל... דיין טריינע מירל וויל...
און אַזוי ווייטער און ווייטער... און דאָס פּאָר פּאָלק איז אַזוי פאַרנומען און פאַרטיפט מיט זיך, און מיטן ענין, פון וואָס מען רעדט, אַז עס הערט נישט, ווי מען פאַרפּאָרט פאַר דער טיר, ווי עמעץ גייט אין פעדער-שטיבל... און אומגעריכט גיט זיך אַן עפן די טיר, דער בעל שם בכבודו ובעצמו באַווייזט זיך... מוז מען דאָך אים שוין זאָגן, וועגן וואָס עס איז דאָ געגאַנגען...
ווענדט זיך דער בעל שם מיט זיין זיס-אומעטיק קול צו טריינע מירלען:
— ווילסט דוקא, אשה?
קוקט אויף איר שמואל צעטראָגן, און זי:
— איך וויל, רבי, איך וויל!
— און ער אויך! טייטלט זי אויף שמואלן, וואָס שטייט שוין צעמישט.
— אַזוי? דו, שמואל, אויך? — צעשמייכלט זיך דער בעל שם, — נו קום זשע מיט מיר אין חדר אַריין... גייען זיי, שמואל גייט נאָך דעם בעל שם און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. טריינע מירל, מיט האַרץ-קלאַפּעניש פאַר שרעק און פרייד, שטעלט זיך שטיל אויף די נעגל צו צו דער טיר. און קען זיך ניט איינהאַלטן און עפנט שטיל אויף אַ שמאָלער שפּאַרע די טיר, זי קאָן זיך בשום אופן נישט איינהאַלטן! און לייגט צו אַן אויער און הערט אונטער. הערט זי, ווי דער בעל שם, אַז ער האָט זיך געזעצט און גע-הייסן שמואלן זיצן, זאָגט צו'ן איר מאַן מיט די ווערטער:

— זיי וויסן, שמואל — זאָגט דער בעל שם — אַז פון הימל פאַר דיר האָב איך גאָר איין ברכה באַקומען. מיטן כח פון דער ברכה האָב איך דיר געגעבן עשירות... ווילסטו גאָר בנים... און אויב בנים, איז אויס עשירות...

— איך האָב, רבי, קיינמאָל גאָרנישט געוואָלט קיין עשירות... זייט מיר מוחל, רבי...

„מיין טייערער שמואל", קלאַפּט מיט פרייד אין טריינע מירלס האַרץ...

מאַכט דער בעל שם:

— אייב נישט עשירות, איז אָרעמקייט...

— איז אָרעמקייט! — באַשטייט שמואל, און טריינע מירלס האַרץ אונטער דער טיר וואַקסט...

— אָרעמקייט איז דלות...

— איז וואָס, רבי?

—קענסט ווערן, לא עליכם, אַ מחוסר לחם... אויסשטעלן די האַנט...

— כ׳נעם אָן פאַר ליב...

טוט שוין טריינע מירל אַ צופּביים האַרץ: איר שמואל וועט, חלילה, אויסשטעלן אַ האַנט נאָך אַ מתנת בשר ודם...

— עס קאָן, לא עליכם, פעלן ברויט אין מויל אַריין... דיר, דיין ווייב...

שמואל כאַפּט אַ ציטער... „זיין טריינע מירל!"

— ווילסט?

פאַרגעסט זיך טריינע מירל און פאַלט אַריין:

— ער וויל, רבי, ער וויל!

— יאָ? — ווענדט זיך דער בעל שם צו שמואלן — אַפילו ווערן נע ונד, לאָזן זיך אין דער וועלט אַריין?...

— ווי טריינע מירל באַשטייט!

— איך באַשטיי, איך באַשטיי!

— וועט אַזוי זיין! שטייט אויף דער בעל שם, און טרייסט זיי באַלד: ביז גאָט וועט זיך מרחם זיין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַזוי איז געווען.

נישט אויסגעגאַנגען אַ יאָר — אַ קינד אין וויג, אַ ייִנגעלע. און שיינען שיינט עס, זאָגט טריינע מירל און אַלע זאָגן, ווי די זון... מען זאָל נאָר דערהיטן, רבונו של עולם, פאַר אַן עין הרע...

און עס האָדעוועט זיך דאָס קינד און וואַקסט... עס האָט אָפּגעפּאָקט און אָפּגעמאָזלט און וואַקסט ווידער... פון וויג צום דרדקי-מלמד, פון דרדקי צום גמרא-מלמד, פון חדר אין בית המדרש אַריין... און אַן עלוי וואַקסט, אַ צירונג און אַ שיינדל פאַר טאַטע-מאַמע, פאַר דער קהלה און פאַר דער וועלט... אָבער מיט דודלס וואַקסן — אַזאַ נאָמען האָט מען דעם קינד געגעבן, — אי שמואלס אי טריינע מירלס פאָטער האָבן געהייסן דוד! — צוזאַמען מיט דודלס וואַקסן פאַלט דער מסחר... איינגאַנצן דאָס רעדל זיך איבערגעדרייט!

אָנגעהייבן האָט זיך עס באַלד ביים ברית...

דאָס געהילך שוין אויף דער ווייסל, אין שטוב — נכבדים, אַ שמחה, אַ גדולה. מזל-טוב, מזל-טוב! דער קוואַטער גיט שוין צוריק איבער דאָס קינד, אַריינצוטראָגן צו דער יולדת. קלאַפּט מען אָן אין פענסטער. קומט מען אַריין צום טיר —

אַ בשורה רעה פון וואַסער:

— אַ ווינט די טראַטוועס צעריסן, דאָס וואַסער דאָס געהילך צעיאָגט... קיין שריד ופליט געבליבן.

הייבט אויף שמואל די אויגן צום הימל:

— גאָט האָט געגעבן, גאָט האָט גענומען.

— געלויבט זאָל זיין זיין ליבער נאָמען! — ענטפערט אָפּ די יולדת, פון איר שטוב.

און צו וועקן דעם פאַרשטיינערטן עולם מאַכט שמואל:

— נאָך דאָ אַ ביסל געהילך אין וואַלד, נאָך אַ ביסל געלט ביי לייטן... מאַכט ברכה, יידן...

די לייט זענען במשך פון אַ קורצער צייט אויך יורדים

געוואָרן ; אַ גראָשן נישט אָפּגענומען ; געבליבן נאָר דאָס ביסל געהילץ . . .

קומט די צייט , וויקלט שמואל איין זיין דודלען אין טלית און טראָגט אים דאָס ערשטע מאָל אין חדר אַריין צום דרדקי-מלמד . טריינע מירל שטייט אין פענסטער און קוקט נאָך , מיט אַ נחת-שטראַלנדיק פּנים צו דער שויב צוגעקלעפּט . שוין נישט די גאַנצע טריינע מירל , אָבער די אויגן לייכטן !

באַגעגנט שמואל , דודלען איבערן מאַרק טראָגנדיק , אַ ייד פון וואַלד , אַ באַקאַנטן ייד , אַ שרייבער אין וואַלד , גיט ער אים אין פאַרבייגיין „שלום" ; פאַרהאַלט אים אָבער דער ייד . . .

— אוי , שלעכט , שמואל , שלעכט . . . גאָר ביטער . . .

— וואָס איז ? — שמואל מיינט , דעם ייד אַליין איז עפּעס .

— געגרעגנט — זאָגט דער ייד — און גערעגנט ; וועגן — גריבער און לעכער ; וואו אַ שטיקל שאָסיי — איבערגעקערט . . . אויף די שלאַכן צעוואָרפן געהילץ , צעבראָכענע רעדער און אַקסן . . . און וואַלד פוילט . . . דיין געהילץ אויך , שמואל . . .

שמואל קומט אַהיים נישט פריילעך . טריינע מירל פאַלט ביי זיך נישט אַראָפּ :

— ווייסטו וואָס , שמואל ? נעם און פאַרקויף מיין צירונג און דאָס ביסל זילבער פון שטוב אַרוס , מאַך צו געלט און האַנדל . . .

— און ווייסטו וואָס , שמואל ? פּרוב תבואה . . .

פאָלגט ער . האַנדלט מיט אַ ביסל ווייץ , מיט אַ ביסל קאָרן , לאַנגזאַם , באַהיטזאַם , ער זעט , דאָס מזל האָט זיך אָפּגעטאָן . . . שפּילן מיטן וואַסער וועט ער זיך אַוודאי נישט אונטערשטיין . . .

הייבט אָן דערוויייל דודל חומש . . .

פאַרגעסט מען אַלץ . אַ שמחה , אַ גדולה ! אַ סעודת-מצוה . . . אַ קניפּ אין באַק , און עס שטייט די פאַרב : טריינע דעקט אַ טיש מיט כל טוב — איבערן שטאַנד . . . אַרום טיש — דער פאַר פון דער קהלה . שטייט שוין דוד און זיין חבר —

דער אויספּרעגער אין דער מיט אויפן טיש... לייגט אים שוין דער חבר דער אויספּרעגער דאָס הענטל איבערן קעפּעלע:
— וואָס לערנסטו, דוד?

און ווי דודל וויל ענטפערן, ווערט פּלוצלינג טונקל אין שטוב, חושך — אין דרויסן, אַ שוואַרצע כמאַרע אָנגעפלויגן, און אַ ווינט האָט זיך ווי פון אַ קייט אָפּגעריסן... און אַ האָגל שלאָגט, שלאָגט די שויבן אויס...

פון שמואלס ביסל תבואה, וואָס ער האָט ביי פּריצים אויפן פעלד, אויף אייגן אַחריות געקויפט, איז — קיין שריד ופליט געבליבן... קוים דאָס ביסל שטרוי פאַרן פּריץ.

נאָך אַלץ אָבער קיין סכנת נפשות נישט. פאַראַן נאָך אַ הויז, און דער שכן דער אינו-ישראל האָט אַן אויג דערויף. פאַרקויפט מען אים דאָס הויז, מען דינגט ביי אים צוריק אַ דירה מיט אַ געוועלב און מען פאַרלייגט אַ שניט-קראָם. מאַטערט מען זיך נאָך עטלעכע יאָר... קומט ווייטער אַ שמחה — דודל הויבט אָן תּפילין צו לייגן... ער וועט אַ דרשה זאָגן... אָט שטייט ער אין בית המדרש אויפן בעלעמער. די עדה יידן קאָן פון אים קיין אויג נישט אָפּרייסן, טריינע מירל, הינטערן פאָרהענגל אין עזרת נשים, ציטערט פאַר אַן עין הרע... אָבער דודלס קול פאַרשיכּורט זי מיט פרייד... ווי עס קלינגט זיין קולכיל. .

פאַלט אַריין אַ ייד:

— עס ברענט, רב שמואל, אייער געוועלב ברענט...

באַלד קלינגט דער גלאָק פון קלויסטער, גויים מיט עמערס און העק לויפן ראַטעווען דאָס הויז. — שמואל פון דירה און געוועלב איז אַרויס מיט גאָרנישט...

נעמט מען אַלץ אָן פאַר ליב. אַ דירה קריגט מען. שמואל נעמט זיך צו לופט-שנאַפּן אין גאַס, שטופּט זיך אַמאָל צו צון אַ מעקלעריי. גייט אַפילו אַ מאָל אין שליחות... טריינע מירל לאָזט זיך אויך אַראָפּ און כאַפּט אַ כשרע מציאה אין מאַרק... אייער, אַ הון אַ פעטע און פאַרקויפט שכנות... לאָזט זיך נאָך טיפער אַראָפּ — קויפט איין אויף באַשטעלונג

פאַר בעל-הביתטעס און צעטראָגט אין די הייזער... אָרעם, קרועה-בלויה, פאַרשוואַרצט דאָס פּנים, נעבעך, אָבער נחת אין די אויגן שטראַלט... אַזוי ביי איר, אַזוי ביים אָפּגע־מאַטערטן שמואל.

דודל, קיין עין הרע, וואַקסט, שוין איבערגעגאַנגען אין בית המדרש אַריין. און ער שמט — אַ מתמיד, אַן עלוי שבעלוים... און אַ ויידן קינד, אַ פרום קינד... מאַמעס בענטשן זיך מיט אים... שדכנים ווייזן זיך, שדכנים האַקן שוין אָפּ די שוועל... אַ לאַנד שדכן געקומען, מיטן באַרדיטשעווער פּרנס אַ שידוך גערעדט. דער באַרדיטשעווער פּרנס, אַ ייד אַ למדן, אַ מיוחס און אַ גביר, שיקט אַראָפּ אַ דיין פון שטאָט, דעם חתן צו פאַרהערן. און אָט — געקומען דער דיין, אַ ייד מיט ברילן גרויסע, אַ ווייסער באָרד אַ לאַנגער, אַ חשובער ייד, אַ ביסל אַ צעטראָגענער... און עס איז ערב ראש חודש, וועט עסן סעודת ראש חדש. טריינע מירל קאַשפּערט ערגעץ אויס אַ הערינג און קוילעט... די מענער — דער אורח, דער מאַן שמואל און דודל — געוואַשן זיך, זעצן זיך צום טיש... טריינע מירל שטייט ביים אויוון און וואַרט אויף נחת... זי זעצט זיך שוין נישט צום טיש מיט אַזאַ ייד... און אָט ווישט זיך אָפּ דער דיין דאָס מויל, שמואל דערלאַנגט אַ גמרא, דער דיין עפנט, רוקט צו צו דודלען:

— דאָס קענסטו?

— כ׳קען — קלינגט דודלס קול...

— קוק נאָך אַמאָל דורך.

— כ׳דאַרף נישט...

שמואל וואַרפט אַ בליק צו טריינע מירל, טריינע מירל רויטלט זיך און ענטפערט מיט אַ פאַרבאָרגענעם שמייכל, נעמט דער דיין צוריק די גמרא צו זיך און פרעגט אַ קשיא, אַ פּנים זייער אַ האַרבע קשיא... טריינע מירל האָט בטחון אין איר קדישל... און אָט פירט ער מיטן הענטעלע איבערן גלאַטן שטערנדל, דאָס פּנימל רויטלט זיך, אין די אייגעלעך צינדן זיך ליכטלעך אָן, אַרום די ליפּלעך שפּילט אַ זיס שמייכעלע

און אָט עפנט ער דאָס כשרע מיילעכל אויף, באַלד וועט אַ זילבערן תורה-גלעקעלע קלינגען . . .

אָבער פון דודלס מיילעכל איז נור אַ פּאַרע אַרויס!

דודל האָט פּלוצלינג דאָס לשון פאַרלוירן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מילא דלות — אויסגערעדט; די צרה איז אין די תּנאים נישט געשטאַנען, דער בעל שם קומט נישט, נעמט שמואל טריינע מירלן זיין ווייב און דודל זיין קינד און לאָזט זיך צום בעל שם; ער וועט זיך מיטן אויסטענהען. וואָס איז עס פאַר אַ פינסטערער צולאָג?

שמייכלט ער, דער בעל שם.

— אַזוי — זאָגט ער — דאַרף זיין . . . ביז עס וועט — אונטערקומען די צייט.

און הייסן הייסט ער אזוי טון:

טריינע מירל, ביי וועלכער ער איז שוין אַזוי פיל מאָל געווען אַ גאַסט, זאָל בלייבן ביי אים אין שטאָט — זיין טאָכטערס גאַסט; עס וועט איר, ברוך השם, גאָרנישט פעלן. דודל זאָל אויך בלייבן און זעצן זיך ביי אים אין בית המדרש לערנען.

— זאָל ער דערווייל לערנען אָן לשון . . .

הערט מען: „דערווייל", אָטעמט מען שוין אָפּ.

— און די, — ווענדט זיך דער בעל-שם צו שמואלן — מוזט זיין אַ צייט נע ונד. האָסט פאַרלוירן דיין מזל אויפן וואַסער, מוזטו דיר עס צוריקקבערענגען פון וואַסער. מיטן ברעג פון וואַסער, נאָכן שטראָם, זאָלסטו גיין. פון קהלה צו קהלה . . . און הער, שמואל, — קומסטו אין אַ קהלה אַריין און דו זעסט, מען קען מיך, מען האָט מיין נאָמען געהערט, אַז דו זאָגסט „בעל שם", ווייסט מען, וואָס טייטש, גיי ווייטער . . . וועסטו אָבער קומען צו אַן אָרט, וואו מען וועט עפענען מויל און אויערן, נישט אָנהייבנדיק צו וויסן, ווער און וואָס איך בין, — דאָרט, שמואל, וועסטו אויפגעריכט ווערן . . .

און ער איילט אים צו:

— שטיי נישט, שמואל! איך האָב דאָך דיר געזאָגט:

ייעסט אויסשטעלן אַ האַנט". גיי דיר אויף אַ טאָרבע, נעם אַ שטעקן און גיי!

— מיטן בוג גיי, דערנאָך מיט דער ווייסל... — גיט ער צו, אָפּגייענדיק אין זיין חדר אַריין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז דער בעל שם הייסט, פאָלגט מען; געזעגנט מען זיך.

בלייבט טריינע מירל ביים בעל-שם אין הויז; זיין טאָכטערס גאַסט. זעצט זיך דודל לערנען אין בעל-שמס בית המדרש, „דערווייל" אָן לשון. און שמואל נייט זיך און הענגט זיך אַ טאָרבע איבער די אַקסל און לאָזט זיך ביים ברעג, מיטן וואַסער...

גייט ער. וואו ער קומט אין אַ קהלה אַריין — עס קלינגט מיטן בעל שם. חולאים אויסגעהיילט, מיט קינדער געבענטשט, געפאַלענע אויף די פוס אויפגעשטעלט... עס רעדן דערפון אַלע מיילער, עס לויבן און ווערן נישט מיד לויבנדיק אַלע צונגען...

איבערגעקומען דעם ברעג פון בוג, גייט ער מיטן ברעג פון דער ווייסל... ווידער דאָס זעלבע... נישט לייכט צו געפינען אַן אָרט, וואו מען ווייס נישט דעם בעל שם; אין פאַרוואָרפנסטע העק! גייט ער און גייט, ביז ער קומט צון אַ גרעניץ. קיין פאַס האָט ער נישט; דער בעל-שם האָט געהייסן גיין, — פעקלט ער זיך דורך און קומט בשלום אַריבער... גייט ער שוין, און די ביינער ברעכן, און פאַלט ממש פון די געשוואָלענע פיס, אויף יענער זייט גרעניץ. עס שרעקט אים נישט אָפּ. ער מוז צוריק ברענגען זיין מזל און דודלען זיין לשון. קומט ער אַמאָל, פרייטאָג, שוין אויפן טאָג, אין אַ דייטשער שטאָט אַריין. עפּעס אין אַ שמאָל געסל אַריינגעפאַלן; די פיס טראָגן נישט ווייטער. שטעלט ער זיך צו צון אַ מויער, שפּאַרט זיך אָן מיטן אַקסל, און הייבט די אויגן צום הימל אויף: רבונו של עולם, וואו איז דאָ אַ מרחץ? וואו אַ מקום קדוש? און וואו וועט ער האַלטן שבת?

עפנט זיך אין דער זעלבער רגע פון אַ הויז קעגנאיבער

אַ פענסטער, שטעקט אַ דייטש אַרויס דעם קאָפּ, אַן אַלטער דייטש, אַפילו נישט קיין גלוח, אַפילו מיט אַ יאַרמולקע איבערן קאָפּ, אָבער אַ פּנים פון אַן אמתן דייטש, דאָס בערדל פיין פאַרקעמט, און די יאַרמולקע איז גאָרנישט די יאַרמולקע, וואָס שמואל קען, נישט שפּיציק, עפּעס קאַנטיק... אַ דייטשע יאַרמולקע...

כאַפּט שמואל אַ ציטער, ער וועט אַוודאי אָנשרייען, וואָס ער שטייט דאָ, וואָס ער שפּאַרט זיך אָן אין מויער. דער דייטש אָבער בייזערט זיך נישט און רופט צו אים אַריבער עפּעס גאָר יידישלעך, דייטשמעריש, אָבער מיט אַ יידיש האַרץ:

— זי זינד יודע?

שמואל שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ; „אַ שאלה דאָס איז?" טראַכט ער.

— דאַן קאָמען זי גיטיגסט נעהער...

גייט שמואל קווער אַריבער דער גאַס, עפנט זיך אַ הויז-טיר, קומט אַרויס אַ דינער, זאָגט, דער הער בעט אַרויף... פירט ער אים איבער געוועקסטע און מיט דיוואַנעס באַלייגטע טרעפּ, שמואל גייט אויף די שפּיץ קנעכל, וואָס ווייניקער צייכן איבערצולאָזן. קומט מען אויפן שטאָק אַרויף, שטייט שוין דער דייטש, און הינטער אים אַ דייטשקע, אין דער אָפענער טיר. שטרעקט אים דער דייטש אויס די האַנט:

— שלום עליכם!

אויך אַ ביסל דייטשמעריש. די דייטשקע זאָגט:

— איין גאַסט אים הויזע — גאָט אים הויז...

די שטימען זענען עפּעס נישט קיין פריילעכע, אָבער עס שמעקט מיט אמתער הכנסת-אורחים. מען פירט אים אין שטוב אַריין. מען גיט אים עפּעס לייכטס טועם צו זיין. דער דינער, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען, קומט באַלד צוריק און מעלדעט:

— פערטיק!

ווייזט זיך אויס, אַז פאַרטיק איז פאַר שמואלן אַ וואַנע, גייט ער אַריין, וואַשט זיך אָפּ לכבוד שבת, גייט אַרויס,

וישט זיך אָפּ מיט האַנטיכער, ווייל אָנטון די מלבושים, — קוקט זיך אום, דער משרת, אַ פּנים אַרויסגייענדיק, האָט אים זיינע מלבושים צוגענומען... פאַר דאָס ליגן אויף אַ שטול — אַ פריש העמד מיט אַ טלית-קטן מיט אַלע אַנדערע זאַכן... כאַפּט ער אויף זיך דאָס העמד מיטן טלית קטן. וואָס אָנבעלאַנגט דער רעשט, בלייבט ער שטיין: אפשר שעטנז?

קלאַפּט אָבער אָן דער בעל-הבית:

— מיין הער, איילען זי גיטיגסט צו... צייט צו גיין צו קבלת שבת... און ווייטער עפּעס גאָר נישט קיין פרייע שטימע.

אָבער „קבלת שבת" — אויס פּחד פאַר שעטנז... ער טוט זיך אָן. מען גייט דאַוונען, אַ דייטשע שול, אָבער אָן אַן אָרגל, אַ כאָר, אָבער אָן נשים... און מען דאַוועגט, עפּעס דייטשמעריש, אָבער פון סידור אַרויס... מען קומט צוריק אַהיים: שלום עליכם, קידוש... און אַ.געדעקטער טיש, אויף אַלע יידן געזאָגט. עס בליצט פון די זילבערנע לייכטער און כלים און אַלערליי קריסטאַל און גלאָזוואַרג... ביים עסן זינגט מען זמירות... ביים בענטשן — די דייטשקע נעמט אַ סידור און בענטשט אויך; דאָס טעכטערל, ער באַמערקט זי ערשט, אַ מיידעלע פון אַ יאָר פופצן — בענטשט אויך... נאָכן עסן — מען פירט אים און אַ באַזונדער חדר אַריין, שלאָפן. זינט ער לעבט, האָט ער נאָך אַזאַ בעט נישט געהאַט...

אָבער אין שלאָף טראַכט זיך אים: וואָס קאָן עס זיין? אַזוי עשירות — און קיין שמייכל אויפן פּנים. שבת, און אַז מען פאַרגעסט זיך אַ ווייילע — זיפצט מען; אַזוי ער, אַזוי זי, אַזוי דאָס טעכטערל... דער שלאָף אָבער איז גובר. אין דער פרי, — אין שול אַריין, דערנאָך עסן און ווידער אָפּרוען אין באַזונדערן חדר.

— פילייכט וואָלן זי אַיין ספר?

— אַדרבא!

דערלאַנגט אים דער בעל-הבית אַ מדרש.

ער עפנט און פאַרגעסט זיך און טראַכט, ווידער, וועגן

דעם, וואָס עס קאָן פעלן דעם דייטש, און דרימלט איין.
דאָס זעלבע ביים שלש סעודות... שפּעטער ביי דער הבדלה...
נאָך הבדלה ווערן די פּנימער עפּעס גאָר חושך... מען
שווייגט, און אַז מען רעדט אַרויס אַ וואָרט, איז עס, ווי
פון אַ קבר אַרויס...

מילא, פרעגן וועט ער דאָך נישט. אַן אורח מישט זיך
נישט. און דערביי האָט ער דאָך זיינס אין זין. גיט ער
אַ טאַפּ דעם דייטש, נאָך ויתן לך, — דאָס ווייב מיט דער
טאָכטער זענען אַרויסגעגאַנגען —

— קענט איר נישט, בעל-בית לעב, דער בעל שם?

— ווי?

זאָגט ער שוין דייטלעכער:

— בעל שם!

— וואָס איזט זיין געשעפט?...

גיט שמואלן אַ פריילעכן קלאַפּ אין האַרץ.

און דער דייטש זאָגט:

— איין אונבעקאַנטע פירמא!

און גיט צו:

— ניעמאַלס געהערט!

שפּרינגט שוין שמואל אויף דערפרייט:

— דער מאַן איז קיין פירמא, זאָגט ער, ער פירט קיין
געשעפטן נישט... חס ושלום!

זעט ער אָבער, אַז דער דייטש הערט אים שוין נישט,
זיצט טיף אַריינגערוקט אין פאָטעל, פאַרטראַכט, די אויגן
אין אויער אַריין...

— נעבעך, עפּעס אַ שרוי בצער! — טראַכט שמואל און
שאַרט זיך אַרויס צו זיך אין חדר אַריין אויף די בעגל, און
וואַרפט זיך אין בעט אַריין. שלאָפן אָבער קאָן ער נישט.
ליגט ער אַזוי און ליגט, ביז עס ווערט גאָר שפּעט. די
גאַס ווערט שטילער און שטילער און גאָר שטיל. מען לעשט
אין גאַס די לאָמפּן אויס. אין דער פינסטערער שטילקייט
הערט ער, ווי די דייטשקע קומט צום דייטש און

רופט זייער שטיל אים שלאָפן. באַלד קומט די טאָכטער:
— אַבער פאַטער...
דער דייטש רירט זיך, אַ פּנים, נישט... שטייען זיי אָדער זעצן זיך נעבן אים. עפּעס הייבט מען אָן זייער שטיל צו רעדן, מער שטיל צו זיפצן...
דערנאָך צעוויינט זיך דאָס מיידל אויף אַ קול און גייט אַרויס; צעוויינט זיך די מוטער און גייט איר נאָך. און דער דייטש — דער פאָטער קרעכצט! — שטעלט זיך אויף:
— אַך, גאָט, גאָט! אַך, דו ליבער גאָט! — און גייט נאָך.
אין דער פרי, טראַכט שמואל, וועט ער זיך ביים געזעגענען דורכרעדן מיטן דייטש... דאגה בלב איש ישיחנה...
און שלאָפט ווייטער איין...
אין דער פרי, ער וויל זיך געזעגענען, מען בעט אים בלייבן אויף פרישטיק. נאָכן פרישטיק, די דייטשקע מיט דער טאָכטער גייען אַרויס, וויל שמואל רעדן. וועט ער דאָך נישט צוטרעטן מיט אַמאָל צו דער זאַך, הייבט ער אָן פון אַ זייט:
— האָט איר,ווירקלעך, דייטש-לעב, נישט געהערט פון בעל שם...
ענטפערט דער דייטש נאָך אַמאָל:
— ניע פאָן דער פירמאַ געהערט: גאַנץ היר אומבעקאַנט...
— אַזוי! מאַכט שמואל מיט נאָך אַ לייכטער האַרץ.
— עס איז אָבער, זאָגט ער ווייטער, דייטש-לעב, בעל-הבית-לעב, קיין פירמאַ נישט... עס איז אַ ייד...
— אַ יודע? פרעגט איבער דער דייטש שוין מער פאַר-אינטערעסירט, און הייבט, אפשר דאָס ערשטע מאָל, די ברעמען אויף.
— אַ יודע! — זאָגט שמואל נאָך.
— און אַ ייד — זאָגט ער — מיט תורה ועבודה, מיט מצוות און מעשים טובים, און אַ הימל-מאַן —
— וואס?
— אַ געטלעכער מאַן!

— זאָ ? — ענטפערט דער דייטש עפּעס ביישט זייער גלויביק און וויל ווייטער פאַרזינקען אין זיינע מחשבות...

— איך וויל אַוועקגיין, רב דייטש...

— זאָ, זי איילען ?

— איך וויל מיך געזעגענען...

— זאָ... און שטרעקט אים אויס אַ האַנט ; ער וויל נאָך רופן די פרוי און די טאָכטער.

— אָבער — זאָגט שמואל — יאָגט אייך נישט אַזוי, רב דייטש ; עס זאָל אייך נישט פאַרדריסן, איך וויל אייך עפּעס בעטן...

— אַך, זאָ... זייער גערן... פערצייען זי, דאַס איך עס פערגעסן האָב... איך בין, לײַדער, זאָ...

און שטרעקט שוין די האַנט אין טאַש אַריין...

— ניין, ניין, דייטש... נישט דאָס האָב איך אצינד געמיינט... עפּעס אַנדערש וועל איך אייך בעטן... איר זייט דאָך אַ ייד !

— מיט לייב און זעל !

— איך אויך... זאָגט מיר, וואָס אייך פעלט ?

בלייבט דער דייטש דערשטוינט... באַנוצט זיך דערמיט שמואל :

— עפּעס דריקט דאָך אייך אויף דער נשמה, אייך, אייער ווייב, אייער טאָכטער... זאָגט, וואָס... עפּנט דאָס האַרץ פאַר אַ ייד : אַ ייד, אַ ייד העלפט אַמאָל... קוקט נישט אויף מיין אָרעמקייט...

— דאָס ניכט — ענטפערט דער דייטש — אבער אונז קאַן ניעמאַנד העלפן...

— און ער פאַרציילט אים : ביי די גרעסטע דאָקטוירים געווען... ביי די גרעסטע פּראָפעסאָרן —

— אַ חולאת, לא עליכם ?

— וואָס ?

— אַ קרענק ?

— אַ קראַנקהייט... יאַ... אַ געהיימע... איין אומגליק...

– איז דאָ – פאַלט אים אַריין שמואל אין די רייד – איינער וואָס העלפט...

– יאַ, דער הער גאָט?

– גיכער אין זיין נאָמען דער בעל שם...

און דער דייטש לאָזט עפּעס צו זיך ריידן, און שמואל פאַרציילט אים פון בעל שם, פון זיינע נסים ונפלאות. און דאָס האַרץ ביים דייטש הייבט זיך, און הייבט זיך, און דאָס פּנים לייטערט זיך צוביסלעך, און די אויגן קלערן זיך ביסלעכווייז, און ער זאַפּט איין שמואלס רייד, אַלע מאָל איבערפערעגנדיק, אַז ער פאַרשטייט נישט, ווי אַ שוואָם; זאַפּט זיי, ווי אַ נחת, ווי אַ בשורה אַ גוטע...

– פאָלגט מיך – ענדיקט שמואל – איך וויל נישט און דאַרף נישט וויסן, וואָס, וועמען ביין אייך אין הויז עס פעלט, נאָר פאָלגט מיך, הייסט איינשפּאַנען אַ בויד און לאָזט אייך פירן צום בעל שם...

וואַקלט זיך דער דייטש... און נאָך אַ ווײַלע:

– יאַ... איך מוז אָבער מיט מיינער פרוי און טאָכטער שפּרעכן...

שרייט אויס שמואל מיט פרייד:

– גייט מיטן רעכטן פוס און שפּרעכט, און גאָט וועט העלפן...

האָבן אָבער אַלע ווייבער, זעט אויס, איין טבע: די דייטשקע איז אונטער דער טיר געשטאַנען, צו דער רעכטער מינוט אַריינגעקומען, דאָס טעכטערל הינטער איר... זי זאָגט, אַז פּרובן דאַרף מען... אין אַ פּאָר שעה אַרום – די בויד געשפּאַנט, מען זיצט איין, מען פאָרט גאַלאָפּ. מען פאַרהאַלט זיך נאָר ביי דער גרענעץ... דאָ וועט שוין געדויערן; שמואל האָט דאָך קיין פּאַס נישט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איידער זיי וועלן אַריבער די גרענעץ, וועלמיר זען, וואָס דערווייל ביים בעל־שם טוט זיך.

זיצט ער איינמאָל, דער בעל-שם, און צעשמייכלט זיך און זאָגט צום שמש:

— גיי, רוף מיר יונה דעם שניידער.

גייט ער און ברענגט אים.

— זאָג נאָר, יונה, קענסט נעמען אַ מאָס מיטן אויג, און יענער זאָל גאָר נישט וויסן, ווי דו נעמסט פון אים אַ מאָס?

— אַזוי טו איך דאָך מיט אייך, רבי... אייער טאָכטער, זאָל לעבן, הייסט נייען, קום איך און וואַרף אַן אויג...

— און פאַר בשים אויך אַזוי?

— אַלץ איינס, רבי!

— און ווילסט עפּעס טון פון מיינעט וועגן?

— עד חצי המלכות, רבי!

— איז גוט. דרייט זיך דאָ ביי מיר אין שטוב אַרום אַ פרעמדע יידענע...

— אַהאַ, טריינע מירל, — מיינט דער רבי.

— יאָ. און איר זון דודל לערנט ביי מיר אין בית המדרש. גיי און נעם פון ביידע אַראָפּ מיטן אויג אַ מאָס...

— אויף וואָס פאַר אַ מלבושים, רבי?

— שטעל דיר פאָר, יונה, ווי עס וועט זיין מיט דודלען תנאים. דאַרף ער מלבושים און די מוטער מלבושים... און — בעל הבתישע...

— און סחורה, רבי!

— נעם די בעסטע, אויף מיין חשבון, יונה...

— גוט, רבי;

— נאָר עס זאָל זיין פונקט פון הייגט אין אַ חודש אַרום.

— נישט אַ שעה לענגער, רבי...

פאַרנאַכט אין אַ חודש אַרום ברענגט דער שניידער די מלבושים. זיצט דערביי דעם בעל שמס טאָכטער, זאָגט דער בעל שם צו איר:

— נעם די מלבושים און גיי אַריין צו דיין גאַסט טריינע, און זאָל זי זיי אָנטון; זאָג, איך האָב געהייסן. און זי זאָל

בישט אַרויס פון שטוב און וואַרטן דאָ אין דיין צימער, ביז מען וועט זי רופן...

פרעגט זי בישט איבער קיין וואָרט, נעמט די מלבושים און גייט.

– און דו, זאָגט דער בעל שם צום שמש, – נעם דודלס מלבושים און טראָג אין בית המדרש אַריין. זאָג, איך האָב געהייסן, ער זאָל זיך אָפּוואַשן און אָנטון, און אַריינגיין און זיצן ביי דער מוטער, ביז איך וועל זיי רופן.

ווילן שוין דער שמש גיין.

– און דערנאָך – זאָגט נאָך דער בעל שם – זאָלסטו מיר תיכּף ומיד אַהער רופן אונזער שכן דעם דיין און דעם סופר און רוף מיר אריין אַ מנין יידן, נאָר באַלד...

קומען באַלד אַלע גערופענע, בעט זיי דער בעל שם זיצן, און דעם צוריקגעקומענעם שמש הייסט ער אַריינגיין צו דער טאָכטער און הייסן אָנגרייטן כּיבוד.

– וואָס פאַר אַ כּיבוד, רבי?

– ווי אויף תּנאים... ווי אויף געהויבענע תּנאים.

גייט דער שמש, זוימט זיך אַ ווײַלע און קומט צוריק:

– גרייט!

– צינד בּרענג אַריין ליכט, מער ליכט.

טוט ער אַזוי, דער שמש. און ווי ער ברענגט אַריין לייכטער מיט ליכט און צעשטעלט אויפן טיש, פאַרפאַרט פאַר דער טיר אַ בויד, קריכט אַראָפּ פון דער בויד שמואל און דער דייטש, און די דייטשקע, און דאָס טעכטערל, און קומען אין שטוב.

שטעלט זיך אויף דער בעל שם:

– שלום עליכם, אברהם!

און דערלאַנגט דעם דייטש די האַנט.

– ס'קאָצל-קומט, נשים! זעצט אייך.

ווערן זיי נבהל ונשתּומם און זעצן זיך; די דייטשקע מיט דער טאכטער, פאַרשטייט זיך, ביין אַ באַזונדער טיש.

– און צינד, דייטש-לעב, – שמייכלט דער בעל שם –

אמונה, זע איך אין אייערע אויגן, אין מיר האָט איר שוין... פאַרצייל̄ט-זשע אונז פריער פאַר אַלעס — ווי אַזוי איר זייט רייך געוואָרן. און דו, שמואל̄, עפן אַ ביסל̄ די טיר, — שמייכל̄ט צון אים דער בעל̄ שם, — מאַך אַ שפּאַרע, דאָרט זיצט זוגתך טריינע מירל̄, און זי האָט ל̄יב צו הערן דורך אַ שפּאַרע.

שמואל̄ פאָל̄גט גאַנץ גערן, און דער דייטש אברהם פאַרצייל̄ט, דייטשמעריש, אָבער מען פאַרשטייט אים.

מיט יאָרן צוריק איז ער געווען אַ גאַנץ אָרעמער דייטש... געהאַט עטל̄עכע טאָל̄ער און פאָרכט געהאַט געשעפטן צו מאַכן. איינמאָל̄ ביינאַכט, ער קאָן נישט של̄אָפן פאַר זאָרג, קל̄אַפּט עמעץ אָן אין פענסטער... זומער-צייט, שטייט ער שטיל̄ אויף פון בעט, ער זאָל̄ דאָס ווייב נישט וועקן, און עפנט דאָס פענסטער. אַ באַקאַנטער געווען פון הינטער דער שטאָט, ביי דער אויסגוס פון ים... זאָגט אים יענער אַזוי: אַ פאַרפל̄ייצונג האָט אָנגעבראַכט געהיל̄ץ... פויערים האָבן עס אַרויסגעצויגן מיט אייזענס, און מען קען עס קויפן כמעט אומזיסט...

— הערסט, שמואל̄? — מאַכט דער בעל̄ שם צו שמואל̄ן, וואָס האָט שוין נישט אָפּגעטרעטן פון דער טיר מיט דער שפּאַרע — דיין געהיל̄ץ!

— איך הער, רבי, איך הער! — ענטפערט שמואל̄ און ווענדט זיך פאָרט פון שפּאַרע נישט אָפּ.

און דער דייטש מיינט, ער דאַרף זיך פאַרענטפערן, און גיט צו פאַרשטיין, אַז על̄ פּי דין איז אַזאַ געהיל̄ץ הפקר... און פאַרצייל̄ט, ווי ביל̄יק ער האָט דאָס האָל̄ץ געקויפט... און וויפיל̄ ער האָט פאַרדינט דעריבער... אַ שפּאָר ביסל̄ געל̄ט.

— און געל̄ט — של̄אָגט אים דער בעל̄ שם — גייט שוין צו געל̄ט... און באַל̄ד איז דיר די בת יחידה געבוירן געוואָרן... קיין עין הרע אַ בתולה נאה.. אַ מיידל̄, ווי מען זאָגט ביי אייך, ווי אַ גאָל̄ד... שוין אַ כלה?

— דאָס איז דאָך, געטל̄עכער מאַן, — פאַרברעכט דער

דייטש די הענט – מיין אומגליק... זי קאָן ניכט פערלאָבט ווערן!

– פאַרוואָס?

פאַרציילט דער דייטש, אַז מען האָט זיין טאָכטער גערעדט די שענסטע און די בעסטע שידוכים, איז זי אָבער אַ קראַנקהייט באַפאַלן. אַזוי ווי מען ווייזט איר אַ חתן, ווערט איר איבל, נישט גוט, און אַז מען פירט זי נישט שנעל אַרויס, פאַלט זי אין אָנמאַכט...

– אַזוי, ווי איר זעט, געטלעכער מאַן, געזונט און פריש... און קוים דערזעט זי אַ חתן – חלשט זי...

ער איז שוין געווען מיט איר און גערופן צו איר די בעסטע דאָקטוירים, די גרעסטע פראָפעסאָרן...

– אַזוי? שלאָגט אים דער בעל שם איבער מיט אַ שמייכל, – דאָס איז אינגאַנצן דיין צער און דיין צרה? און איך, זעסטו, אברהם-דייטש, וועל איר ווייזן אַ חתן, און נישט נאָר זי וועט נישט חלשן, עס וועט איר נישט איבל ווערן, זי וועט אים אַקעגן לויפן מיט פאַרשפרייטע הענט!

– שמואל, לאָז אַריין דיין ווייב און דיין זון.

לאָזט אויף זיך טריינע מירל נישט וואַרטן און בלייבט שטיין, ווי צוגעשמידט צום אָרט נעבן מאַן, קומט נאָך איר אַריין – דודל... און דאָס יונגל מיטן מיידל דערזעען זיך, און דערשרעקן זיך, איינס אויף אַנדערן קוקנדיק, און ווערן בלאַס, און ווערן באַלד רויט... און נישט ווילנדיק מאַכן דאָס יונגל מיטן מיידל עטלעכע שריט זיך אַקעגן, און בלייבן שטיין צעמישט. פאַרשעמט, און רייסן קוים אָפּ איינס פון אַנדערן די אויגן מיט געוואַלד און לאָזן די קעפּ אַראָפּ צעמישט.

– נו, מיידל, – פרעגט דער בעל שם, – נישט איבל? דעם חתן ווילסטו?

ציטערט זי און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ...

– און דו, דודל, ווילסט די כלה...

און געביט אים:

— ענטפער, דודל!

ענטפערט דודל בפירוש:

— יאָ, רבי!

— און דו וועסט נאָך, — זאָגט דער בעל-שם, — אַ דרשה זאָגן. סופר, שרייב תּנאים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין די תּנאים האָט דער בעל שם געהייסן איינשרייבן, אַז אַברהמל דייטשס גאַנץ פאַרמעגן גיט ער אָפּ נדן דער טאָכטער... און הן אבות החתן ווי אבות הכלה וועלן עסן אייביקע קעסט ביי די קינדער.

---

# זיבעריק בלוט

איך בין שוין דאָ דעם דריטן טאָג, און קיין דאָקטאָר אַליין נאָך פֿאַר די אויגן נישט געזען.

נעכטן האָב איך נאָך אין גערטל שפּאַצירט: די קראַנקע חברטעס מיינע פֿאַרציילן, דאָס דער דאָקטאָר איז זייער אַ גוטער דאָקטאָר, קורירט אויסגעצייכנט, נאָר אַ נערוועזער איז ער. שרייט, בייזערט זיך, וואַרפֿט מיט די הענט. קריגט טיילמאָל אַזוינע שפּיציקע אויגן, מענטשן דורכצושטעכן. און אַז ער ווערט שוין גאָר ווילד, ווערט ער אויף אַ צוויי דריי טעג פֿאַרשוואונדן און קומט צוריק אַ באַרויקטער...

זיי זאָגן, אַז ער איז פֿאַרליבט אין מיין באַרמהאַרציקער שוועסטער. שיין איז זי, אַ העלע בלאָנדינע, לאַנגע ברעמען, שטענדיק אַראָפּגעלאָזטע.

ווער ווייס, צי זי באַהאַלט נישט אונטער די ברעמען די גוטע פֿלעמלעך; בלאָנדינען שפּריצן אַמאָל מיט גאָלדענע פֿונקען.

איך פּראָפּאָניר דער באַרמהאַרציקער שוועסטער, זי זאָל רופֿן אַן אַנדער דאָקטאָר און זאָג איר, אַז איך קאָן באַצאָלן. ענטפֿערט זי אויף זיכער:

— היינט, מאָרגן קומט ער.

— אָבער אַ דאָקטאָר זאָל פֿאַרשווינדן פֿון אַ שפּיטאָל?

לאָזט זי לענגער די ברעמען אַראָפּ:

— ווער ווייס, וואָס ביין אַ מענטש קאָן זיין אויפֿן האַרץ...

— און וואָס טוט ער דעמאָלט? ער טרינקט?

זי ענטפֿערט נישט; גייט שטיל אַרויס.

זי האָט אים אויך נישט פיינט.

— — — — — — — — — — — — —

אַז איך האָב געבעטן ביי דער באַרמהאַרציקער שוועסטער טינט-און-פעדער און פּאַפּיר, האָט זי מיך געפרעגט, צו וועמען איך וויל שרייבן:

— צו אַ חתן?

— איך האָב קיין חתן נישט — ענטפער איך איר — איך האָב אַלע מענער גלייך ליב.

— געדענק, וואו דו ביסט!

איך וועל שוין נישט פאַרגעסן, אַז עס איז מיר שווער פון בעט אַראָפּ.

איך וויל גלאַט עפּעס שרייבן. אַ ביסל פון מיר אַליין. די מענער האָבן נאָר ליב אויסגעטראַכטס. לאָמיך אַמאָל שרייבן, אייב איך האָב נישט מיט וועמען צו רעדן, אַ וואָרט אמת וועגן זיך.

— — — — — — — — — — — — —

מען דאַרף פאַרשרייבן, ווי אַזוי איך בין אַהער געקומען.

אַז דער נייער „פּעטער" האָט מיך איבערגעקויפט און אהיימגעפירט, האָט ער אַריינגעשריגן און צווייטן צימער אַריין:

— אַ גלאָז טיי!

און מיך געהייסן זיצן.

איך קוק מיך אום — אַ זאַל, געבעטע מעבל. אַ פּיאַנאָ. דאָ וועט זיין פרייליכער. און נעבן צימער הייבט עמעץ אָן שליאפּען אין שטעק-שיך, עס וויגט זיך אַריין די „מומע" — אַ מאַשין פון פלייש, מיטן גלעזל טיי. זי שטעלט עס פאַר מיר, קוקט אויף מיר אַ ווײַלע מיט אויסגעלאָשענע אויגן, קומט צו נענטער, קוקט מיר אין פּנים אַריין, הייבט מיר אויף מיט די פעטע פינגער די ברעם און באַטראַכט די אויגן, גיט פּלוצלונג אַ שאַרף אַראָפּ די בלוזקע ביים קראַגן, און בויגט צו דעם קאָפּ, שפּרינגט אָפּ און אַ געשריי צום פעטער:

— אָקס!
שפּרינגט ער אויף פון קאַנאַפּע:
— וואָס איז?
— פרעג נישט. נעם און גיי מיט איר אויף דער שטעל צום דאָקטאָר; זאָל ער זי באַטראַכטן און אַרויסגעבן אַ צייגעניש. אַ ניט וועט ער דיר דאָס געלט נישט אָפּגעבן!
און גייט צוריק מיטן גלאָז טיי.
ער פאַרענטפערט זיך פאַר איר אין ברייטן רוקן אַריין:
— ווער האָט זיך געלאָזט ריכטן — אַזאַ צנועהדיק פנימל...
און אויף מיר גיסט ער זיך אָן מיט בלוט:
— אוי, אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין...
וואָס ער שעלט מיין אַנטלאָפענעם טאַטן, וואָס איך קען נישט, טוט מיר הנאה. ער לויפט אָבער צו מיר מיט די פויסטן. די מומע האָט עס דערפילט, אָפּגעשטעלט זיך אויף דער שוועל, אומגעקערט:
— ריר נישט! אָנגערירטע סחורה נעמט מען נישט אָפּ...
אַ „פעטער״ פאָלגט. רירט ער מיך נישט אָן און שעלט אַלץ אינאיינעם מיך און מיין טאַטן... מיין טאַטע, ווי געזאָגט, אַרט מיך נישט... מיך אַליין האָב איך אויך פלוצלינג פיינט געקריגן; האָב איך הנאה פון זיינע קללות. זאָלן זיי — טראַכט איך — מקוים ווערן! גיך און באַלד, טאַטע, פאָטער! בעט איך צום הימל אַרויף.
און אַ דקאָטאָר באַטראַכט מיך און קלינגט באַלד אָן אַהער... און מען קומט נאָך מיר...
— — — — — — — — — — — — —
איך האָב אַ שפּיגעלע געבעטן; די באַרמהאַרציקע שוועסטער שאָקלט נישט צופרידן מיטן קאָפּ; גיבן, גיט זי. אַ גוטע איז זי, זייער אַ גוטע...
מיין צנועהדיק פנים איז נאָך ריין...
— — — — — — — — — — — —

— פאַרוואָס קומט צו דיר קיינער נישט? — פרעגט באַרמהאַרציק די שוועסטער.

— איך האָב נישט קיינעם...

— האָסט נישט קיין פאָטער?

— ער איז ערגעץ אַוועק... איך געדענק אים נישט, קיינער דערמאַנט אים נישט... אפשר לעבט ער שוין נישט.

— און ברידער, שוועסטער?

— איך בין דאָס ערשטע און לעצטע קינד געווען...

וואונדערט זי זיך:

— געווען?

קוקט אויף מיר לאַנג, לאַנג, ווערט אַביסל איינשטימיק מיטן געוועזן און פרעגט ווייטער:

— און אַ מאַמען?

דריי איך מיך אָפּ צו דער וואַנט און שלוכץ.

„אַ מאַמען"...

אַן עולה! נישט געדאַרפט דאָ איר נאָמען דערמאַנען, דאָ נישט אויפשרייבן... ווי קומט זי, די פרומע, די ציכטיקע, די הייליקע אַהער?

אָבער אויסמעקן קאָן איך נישט, עס פאָלגט נישט די האַנט...

אָט ליגט זי אומבאַהאָלפן, די האַנט איבערן טישל... אַ בלאָלעכע, רויטלעך געשפּרענקלט...

— — — — — — — — — — — — —

און געמיינט האָב איך, אַז דאָס וועט מיך מיידן...

אַז איך בין זינדיק געוואָרן מיטן לייב, האָט זיך מיין נשמה אומגעקערט צו גאָט. אין גימנאַזיע פון חברים און חברטעס אַזוי פיל שלעכטס און אויסלאַכעניש וועגן גאָט געהערט, אַזוי פיל קעגן אים אין ביכלעך געלעזן; — פאַרזינדיקט האָב איך אַלץ מיט אַמאָל פון קאָפּ, פון האַרץ אַרויסגעוואָרפן און אָנגעהייבן צו דאַוונען. אַלע תעניתים געפאַסט, יום כפור זיך אָפּגעשלאָסן. קיינעם נישט

אַרייַנגעלאָזט... און אַזוי פיל צוליב דעם צדקה געגעבן, אַלע מתנות, וואָס איך פלעג באַקומען; אַלע קליידער, וואָס איך האָב אויסגעטאָן, אָרעמערע חברטעס אַוועקגעגעבן. און אַלץ אין איינעם זיך געבעטן: באַרמהאַרציקער פאָטער, איך זינדיק, איך האָב בירושה אַ שלעכט און זינדיק בלוט באַקומען, — שטראָף מיט וואָס דו ווילסט, נעם מיך אינגאַנצן צו, נאָר דאָס נישט, דאָס נישט!

ער איז נישט קיין גוטער!

און אפשר בין איך מיר שולדיק אַליין. נישט געדאַרפט אַוועקגעבן חברטעס, זיי זאָלן בעסער געפעלן אין גאַס... געדאַרפט שענקען אַלמנות, יתומות: אויסזוכן אַמאָל אַן אָרעמע כלה און געבן אַ קלייד צו דער חופה...

ציינד וועל איך שוין וויסן, זאָל נאָר דער דאָקטאָר קומען, לאָמיך נאָר אַרויס פון דאַנען.

און אפשר קומט עס מיר פאַר איר טויט...

נישט געקאָנט איבערטראָגן: די פרומע. די הייליקע...

דאָס וואָרט, וואָס יאָגט זיך פון האַרץ אַרויס צו די ליפן, וויל איך נישט אַרויססאָגן, דאָ שוין מער נישט אויפשרייבן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ענדלעך געקומען דער דאָקטאָר...

אַ ברונעטל, עטוואָס פאַרזילבערט. גאָלדענע פענסנע. אַ צוגעשפּיצט בערדל, פון וועלכן ער הערט נישט אויף צו צופּן. שטייענדיק מיט דער באַרמהאַרציקער שוועסטער, שלינגט ער זי מיט די אויגן, און זי, קוים — קוים זי רויטלט זיך און רייסט אַלץ די האַנט אויס פון זיינע.

ער שעפטשעט איר:

— אַלץ ווענדט זיך אָן אייך! נאָר אָן אייך!

זי ענטפערט נישט און שטויסט אים צו מיין בעט צו.

ער ווערט אויך דערשטוינט:

— טאַקאַ סקראָמנאַ נאַ טוואַרזשי!

— אַ פּנים פון אַ הייליקער! — גיט ער צו.
— לעסטער-מויל! — שרייט אים אָן די שוועסטער.
— פאַרדאָן! — און הייבט מיך אָן באַטראַכטן.
אַרויסגייענדיק נאָכן פאַרשרייבן, מאַכט ער צו דער שוועסטער אין טיר:
— פול גיפט.
אַזוינע, ווי איך, האָבן שאַרפע אויערן...
זייער גוט; איך וויל אָן מיר אַ נקמה דערלעבן...
איינס נור: דאָס פּנים וואָלט מיר דאָך אַ שאָד געווען.

— — — — — — — — — — — — —

דאָס פּנים האָב איך פון דער, וואָס איך וויל דאָ נישט דערמאָנען... פון דער הייליקער, וואָס האָט מיין שאַנד און זינד נישט געקאָנט איבערלעבן...
מיין זינדיק בלוט פון ווּעמען?
געוויס פון אַנטלאָפענעם טאַטן...
איך דערמאָן מיך, אונטערגעהערט אַמאָל אַ געשפּרעך צווישן צוויי חברים שילער אין גימנאַזיום-גערטל. זיי זענען אויף דער באַנק געזעסן, איך בין הינטער-אַרום צוגעקומען, געוואָלט איינעם, דעם, וואָס איז מיר אַזוי געפעלן, הינטען-אַרום די אויגן פאַרשטעלן. הער איך, ווי דער צווייטער זאָגט:
— אוי, האָב איך ליב מאַניען!
דאָס האָט ער מיך געמיינט, און דער, וואָס איך האָב כמעט ליב געהאַט, ענטפערט לאַכנדיק:
— נו... נישט ווייט פאַלט דאָס עפּעלע פון בוים...

— — — — — — — — — — — — —

— פאַרוואָס ביסטו צו מיר אַזוי גוט, שוועסטער?
— דו האָסט געוויס אַזוי פיל געליטן...
זאָג איך דעם אמת: — נישט נאָר געליטן... געווען פרייד אויך... אַפילו שאַמפּאַניער...
— רעד אויף זיך נישט קיין בייז, איך בין זיכער, מען האָט דיך...

— פֿאַרגוואַלטיקט ? אמת . אין גימנאַזיום , דער רעליגיאָנס-לערער !

— אוממעגליך ! — שפּרינגט זי אונטער .

— דיר , שוועסטער , וועל איך קיין ליגן נישט זאָגן . דאָ , איבערהויפּט , זאָג איך און שרייב קיין ליגן נישט . פֿאַר ליגנערנס מאַכן אונז די מענער... אָבער דאָס איז נאָר אַן אָנהייב געווען... און אויך .

— ווילסט הערן שוועסטער ?

„זי מוז !"

— מער שולדיק , שוועסטער , איז מיין זינדיק בלוט . איך האָב דאָך געוואוסט , אַז ער וויל מיך...

זי לייגט מיר די האַנט איבער די ליפּן , און די אויגן בעטן זיך :

— זאָג נישט אַרויס !

— איך האָב עס , ווי אין אַ בוך אויף זיין ברוין-היציק געזיכט געלעזן , — אין זיינע ווילד-פֿלאַמענדיקע אויגן , מיט וועלכע ער פֿלעגט אויף מיר קוקן... אָן זיינע ווילדע הענט און פֿאַרציטערטע פינגער , מיט וועלכע ער פֿלעגט טאַפּן אַרום מיר די לופֿט... אָן זיין ברענענדיקן אָטעם , מיט וועלכן ער פֿלעגט , ביים טרעפֿן זיך אין קאָרידאָר , אויף מיר בלאָזן...

— און ?

— און גאַנצע נעכט געפֿיבערט פֿאַר טויט-שרעק פֿאַר דעם , וואָס קאָן , וועט און דאַרף קומען...

— האָסט אים ליב געהאַט ?

— פֿיינט געהאַט...

זי פֿאַרשטייט עס נישט .

— זינדיק בלוט , שוועסטער !

— געוואוסט און אָנגעהייבן אַליין אָוונט-צייט אַרומגיין אין פּאַרק , וואו ער פֿלעגט אַמאָל שפּאַצירן , אָדער זיצן ערגעץ אין די אָפּגעלעגנסטע אַלייען , טאָמער וועט ער מיך באַגעגנען... געזעסן און געפֿיבערט...

— פאַר וואָס האָסטו דיך פאַר דער מאַמען נישט פאַרטרויט?
— פאַר דער היילי קער? אויף קיין פאַל!
— פאַר אַ חברטע?
— נישט געהאַט... אַלע האָבן מיך געמיטן... אַלץ, געוויס צוליב מיין טאַטן...

און איינמאָל — ער גייט!

מיך באַפאַלט אַ שרעק און פאַל אויף אַ באַנק; ער גייט פאַרביי און זעט מיך נישט; אין שאָטן פון איין אַקאַציע בין איך געזעסן... ער גייט פאַרביי, און פון מיר, אָן מיין וויסן, רייסט זיך אַרויס עפּעס אַ פרעמד, הייזעריק געשריי, גאָר נישט מיין שטום! ער קערט זיך אום, דערקענט און גיט אויך אַזאַ ווילד געשריי... נור אַ העכערס! עס שניידט מיך דורך מיט אַ קאַלטער שרעק... און איז שוין ביי מיר...

ווי אַ ווילד טיר ברומט ער. מיט די משוגענע הענט רייסט ער פון מיר די קליידער אַראָפּ, בריט מיך מיטן אָטעם, רייסט מיך, קושנדיק מיט די ציין...

און איך, פאַר עקל און שרעק, וועהר מיך, ווער מיך מיט ציין און נעגל, וויקל זיך ווי אַ שלאַנג, און טיף, טיף אין האַרצן ברענט עפּעס ווי אַ פייערל דער וואונש — ער זאָל זיגן...

ער זיגט, און די אַקאַציע באַשיט אונז ביידע מיט אירע שנייעלעך...

אַהיימגיין שוין נישט געקאָנט...

— פאַרוואָס? אַ מאַמע איז אַלץ מוחל...

— שוועסטער! נישט געקאָנט צו איר קומען אַ פ אַ ר ז י נ ד י ק ט ע... אויף קיין פאַל; בעסער דער טויט. איך האָב מיר גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן, איך זאָל פאַראומרייניקן מיט מיין זינדיקן אָטעם איר לופט... איך טאָר נישט זיין מיט איר אין איין שטוב: דאָס האָב איך געפילט, געוואוסט!

צו דער היים, אַן אָפּגעריסענע, צעקראַצטע, מיט אַקאַציען־שנייעלעך באַשיטע, בין איך געלאָפן, אָבער נאָר צום פענסטער; צו דער שויב מיט די ליפּן צוגעפאַלן...

זי איז אין שטוב ביים טיש געשטאַנען, די פרומע, די הייליקע, גאָט געבעטן האָט זי... אירע ליפּן האָבן געוויס געמורמלט: טאַטע־פאָטער, באַרמהאַרציקער פאָטער, דערבאַרם זיך איבער אונז... דערבאַרם זיך, ווי אַ טאַטע דערבאַרמט זיך איבער זיין קינד... פאָטער אין הימל...

— ביין אייך זאָגט מען אויך אזוי?

זי וואונדערט זיך! ווי קיילעכדיק גרויס זי האָט די אויגן געעפנט!

און בין אַנטלאָפן, שוועסטער...

— וואו אַהין?

— אויס דער שטאָט אַרויס, אין דער וועלט אַריין... ווייטער און ווייטער פון איר; זי נישט צו באַליידיקן, זי נישט צו פאַרשעמען... זאָל זי מיינען, כ׳בין ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, אַ חיה האָט מיך צעריסן... און בין ווייט ווייט אונטערן שטעטל, אויפן שאָסיי געפאַלן...

איז עמעץ דורכגעפאָרן, אפשר מיין אייגענער טאַטע...

— וואָס רעדסטו, קינד!

— קאָן זיין...

אַן אַלטער מאַן מיט קאַצענע אויגן, זיך אָפּגעשטעלט, מיך אויפגעהויבן און אין וועגעלע אַריינגענומען... אופן וועג נאָך אַמאָל מיך געשענדט... צו דער סטאַציע צוגעפאָרן, בילעטן געקויפט, אַהער מיך געבראַכט, ביי זיך געהאַלטן אַ צייט און דערנאָך פאַרקויפט...

אַ בלאַסע, אַ צעשיטערטע וויל זי אַוועקגיין...

— וואַרט, שוועסטער, טרינק אויס מיט די הייוון! דו מוזט דאָך? לאָזט זי אַראָפּ דעם קאָפּ און בלייבט.

— זי, די פרומע, די הייליקע מיינע, איז געוואָר געוואָרן, מיר נאָך די שפּורן נאָכגעקומען, אַוועקגעפאַלן און — געשטאָרבן...

און זי ליגט הי אויפן בית עלמין באַגראָבן...

און איך האָב געוואוסט, און נישט געקומען און ביי איר בעט נישט געשטאַנען... נישט איך האָב איר די אויגן פאַרמאַכט... נאָך איר לויה נישט נאָכגעגאַנגען, נישט איר קבר געזען...

נישט געקאָנט; איך קאָן נישט, איך טאָר נישט!

און געגאַנגען בין איך פון האַנט צו האַנט, פון הויז צו הויז און – געטרונקען פיל...

— — — — — — — — — — — — — — —

דער דאָקטאָר האָט אויך משוגענע הענט, לאַנגע פינגער און טאַפּט אויך די לופט אַרום דער היילקער שוועסטער.

דערנאָך ערשט קומט ער צו.

— שוין, דאָס געזיכט פאַרנעמט זיך אויך... מאַכט ער צו דער שוועסטער, אָן אַ פונק באַרמהאַרציקייט.

זי גנבעט מיר דערווייל דאָס שפּיגעלע פון אונטערן קישן אַפּער, איך זע און מאַך מיך נישט זעענדיק...

— — — — — — — — — — — — — — —

היינט האָט ער געזאָגט, אַז עס וועט שוין לאַנג נישט דויערן...

– קינד, מאַכט זי צו מיר נאָך זיין אַוועקגיין – צייט זיך „אויסצוגלייכן" – שלום צו ווערן מיט גאָט...

– באַ, – גיט זי טרויעריק צו – וואָלסטו פון אונזער רעליגיע געווען...

און זי דערציילט, ווי גוט, ווי באַרמהאַרציק איר גאָט איז. אַלץ איז ער מוחל... אַבי מען טוט נאָר תשובה, אַבי מען האָט נאָר חרטה... ער אַליין עפנט די טויערן פון הימל...

– כ'וויל נישט אין הימל אַריין, שוועסטער!

– וואָ – אָס?

– דאָרט איז מיין מאַמע!

שריי איך אויס, אין טויט-שרעק זיך פאַרגעסנדיק און איר נאָמען דערמאַנט.

זי שטייט אַ ווײַלע און גייט געריררט און לאַנגזאַם אַרויס, און שטעלט זיך אָפּ אויף דער שוועל:

— דאָך, טראַכט דעריבער, קינד...
און כאַפּט די הענט צו די אויגן און פאַרשווינדט.

— — — — — — — — — — — — — — —

איך טראַכט.

גאַנצע נעכט טראַכט איך. איך שלאָף אַזוי ווייניק און אַזוי שלעכט...

אָבער נישט וועגן תשובה און חרטה טראַכט איך...

אין גיהנום פאַרפאַלן ווערן וויל איך... מיט איר זיך נישט צו טרעפן! און מיך האָב איך אַזוי פיינט, אַזוי פיינט! אָן מיר וואָלט איך אַן אייביקע נקמה דערלעבט... איך וועל קיין תשובה נישט טון. איך האָב דאָך דאָ אויפגעהערט צו דאַוונען, וואָס עס איז ביי גאָט צו בעטן... איך זאָל אים קאָנען נאָך מער דערצערנען, וואָלט איך אים; זאָל ער נאָך מער, נאָך האַרטער שטראָפן!

מיט טויט-שרעק טראַכט איך, אָבער גאָר וועגן עפּעס אַנדערש.

איך וועל דאָ שטאַרבן, וועט מען מיך דאָ הי באַגראָבן.

אין איין ערד מיט איר ליגן וויל איך נישט... איך וויל די ערד, וואו זי ליגט, מיט מיר נישט פאַראומרייניקן... באין אופן נישט...

אַרויס מוז איך, אַרויס פון דאַנען אין דער וועלט אַריין.

— — — — — — — — — — — — — — —

— דאָקטאָר, שרייבט מיך אויס פון שפּיטאָל...

— נו, פּרוב אַראָפּ פון בעט...

— דאָקטאָר, — שלאָגט איבער די שוועסטער — פאַרשרייבט איר בעסער אַ מיטל צו שלאָפן, זי שלאָפט אַזוי ווייניק און שלעכט.

ער פאַרשרייבט, און זי ברענגט מיר — מאָרפיום.

— דאָס איז אַ שרעקלעכער סם, — זאָגט זי, — מער ווי צוויי, דריי טראָפּן מיט אַמאָל — זאָל גאָט היטן!

און דאָס פלעשעלע איז אַזוי אומשולדיק ווייס, און די שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון שפּילן זיך דערמיט...

ווייטער און אין ג ער־יל צעשפּילט זיך אַ פויגל...

איך האָב קיין טראָפּן נישט גענומען, און קיין אויג נישט צוגעטאָן...

אויפן יידישען בית עלמין באַגראָבן ווערן,— נישט און נישט!

און באַלד צו מאָרגנס:

— שוועסטער!

— וואָס, קינד? – וויפיל רחמנות פאַר שטאַרבענדיקע!

— שיק נאָך אַ גלח...

— וואָס הייסט?

— איך וויל אָננעמען דיין רעליגיע.

זי גלייבט נישט; איך באַשטעטיק:

— איך וויל צו דיין גאָט, צו דיין באַרמהאַרציקן גאָט...

דערפרייט, פּייל פון בויגן לויפט זי; איך שריי איר נאָך; פון מיר אַרויס שרייט, איך קאָן מיך נישט איינהאַלטן:

— געשווינדער! איך טאָר נישט ליגן אויפן יידישן בית־עולם... בשום אופן!

צום גליק, הערט זי שוין נישט.

און נאָך דעם זעלבן טאָג איז עס געשען...

פאַרן טויט, איילט מען זיך; אַ נשמה נישט צו פאַרלירן...

קומט צו מאָרגנס דער דאָקטאָר, ווייסט ער שוין און וואַרפט מיר צום בעט צו, נאָך פון טיר:

— פּאַסקודסטוואָ!

ווי האָב איך באַלד נישט דערקענט, אַז עס איז אַ ייד? און ווי קומט ער צו דער הייליקער שוועסטער?

— אַזאַ שווייַנעריי פאַרן טויט!

— געשוויגן זאָל זיין! – שרייט אים אָן די שוועסטער.

אַ ייד! אַ ייד! אַזוי שרייט מען אויף אַ ייד... און וואַרפט אים צו אַ בליק פול מיט האַס... און ווי שיין זי איז אין צאָרן.

ער קאָן אָבער נישט שווייגן; שום שפּריצט אים פון מויל:
— ווען אויף דער שוועל פון לעבן... אַ יונגער מאַן... פאַרליבט זיך...
— דאָס איז ביין אייך געווען דער פאַל?
איך דערקען איר שטימע נישט; אַ סיק פון אַ שלאַנג...
ער מיטיגירט זיך נישט:
— און ווען צוליב קאַריערע?! נישט כדאי, צוליב אַ נאַרישקייט, צוליב אַזאַ אידיאָטיזם, ווי רעליגיע איז, אַ גאַנץ לעבן צו ליידן...
— שווייג!
פער „דו״!
איך קריג רחמנות אויפן דאָקטאָר, וואָס ציטערט פאַר אויפרעגונג אויפן גאַנצן לייב.
— אַ שאָד — שרייט ער הייזעריק — אַ שאָד!
עס איז אים אַ שאָד, וואָס עס איז קיין גאָט נישטאָ, קיין הימל, קיין גיהנום; וואָס דאָס אַלץ איז אַן אויסגעטראַכט שפּינוועבס, נשמות-פליגן צו כאַפּן... מיר צוליב, פאַר מיר און פאַר אַזוינע, ווי איך, וואָלט געדאַרפט זיין אַ הימל און אַ גאָט אין הימל, און אַ גאָט, וואָס שטראָפט. פאַר אונז דאַרף זיין אַ גיהנם, אַן אמת גיהנם, מיט קעסלען פיל סמאָלע, און אַן אייביק פייער זאָל אונטער זיי ברענען, נישט אויפגעהערט...
— הלואי, דאָקטאָר!
קוקט ער מיך אָן צעמישט און אַנטלויפט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די באַרמהאַרציקע שוועסטער האָט איר קריסטלעכע פליכט געטאָן און צו וויסן געטאָן וואו מען דאַרף, אַז דער דאָקטאָר, אַליין געטויפט, רעדט אָב פון דער הייליקער רעליגיע. און קומט שוין צו מיר מיט אַן אַנדערן. —
מיט אַן אַלטן, גאָלן ציטער-קאָפּ, אַ צעשמייכלטן.
זי האָט רויטע, אָנגעשוואָלענע אויגן — פאָרט נישט געשלאָפן;
זיינע אַלטע אויגן גלעטן אַזוי גוט איבערן געזיכט...

— ערגער! (עס הייבט זיך נישט אָן) אומזיסט מיין היציקער קאָלעגע איבערגעשראָקן... אייערע זענען אַזוי פאַנאַטיש. און מערקווירדיק — די געטויפטע נאָך מער... נישט וואונדערלעך, שוועסטער?

זי שווייגט.

— עס וועקט זיך אין זיי נאָך שטאַרקער....

— אָבער — ווענדט ער זיך צו מיר — באמת — אַלץ איינס... אונזער גאָט איז דער גאָט פון אַלע באַשעפענישן, זיין רחמנות וועקט זיך אויף אַלע גלייך. אַלץ איינס, וואָס פאַר אַ רעליגיע... אַלע זענען מיר גאָטס קינדער... איין הימלישער פאָטער פאַר אַלע... און פאַר אַלע, אייב מיט גאָט זיך פאַראייניקט, איז אָפן דער הימל... פריער אָדער שפעטער...

ער פאַרשרייבט אַ ניי רעצעפּט, גייט, שמייכלענדיק, אַרויס — איך פאַרהאַלט די שוועסטער. און אין טויט-שרעק פרעג איך זי:

— אמת?

— אמת, קינד!

— און קיין זינד איז נישט אימשטאַנד אויף אייביק אין גיהנום אַריין צו וואַרפן...

— קיין? פאַראַן... צום ביישפּיל, אַז מען נעמט זיך דאָס לעבן אַליין... מען שטאַרבט אָן וידוי, מען באַקומט נישט קיין קריסטלעך באַגרעבעניש... ווי אַ הונט ווערט מען באַגראָבן...

— איך בין שלעפעריק, שוועסטער!

זי קושט מיך אין שטערן אַריין (זי האָט קיין מורא נישט), גייט אַרויס און איך כאַפּ מיך צום מאָרפיום...

— אויף אייביק אין גיהנום אַריין! לכל הדעות! מיט מיין מאַמען (צום לעצטן מאָל איר נאָמען דערמאָנט), זיך אין ערגעץ נישט טרעפן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַשולדיקט קיינעם נישט אין מיין טויט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# נעילה אין גיהנם

(הומאָרעסקע)

איין מאָל, אין אַ גאַנץ געוויינלעכן טאָג, אָן אַ יריד, אָן אַ טאַרג, האָבן די מאַרקלייט דערהערט אַ געקלאַפּעריי פון רעדער און אַ געשפּריצעריי פון בלאָטע הינטער דער שטאָט. אינטערעסאַנט, ווער עס פאָרט אָן. אַ פערד און בודקע קומט! באַלד אָבער, ווי די פערד און בודקע איז אין מאַרק אַריין, האָבן זיך אַלע אָפּגעווענדט אָן אַ זייט מיט אַ געמיש פון אָפּשיי, שרעק און צאָרן. מען האָט די פערד און בודקע דערקענט. דאָס פאָרט דורך פון דערבייאיקן שטעטל אין גובערניע אַריין — דער מסר פון דאָרט! איין גאָט ווייסט, וועמען ער וועט צו רעכט מאַכן.

פּלוצלונג ווערט עפּעס שטיל. נישט ווילנדיק קוקט מען זיך אום: די בודקע שטייט, דאָס פערד מיטן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ ניפּט פויל פון בלאָטע־וואַסער, און דער מסר איז אַרונטערגעפאַלן אויפן געזעס און ליגט אויסגעצויגן.

פאָרט אַ נפש, לויפט מען צו — טויט, ווי אַלע טויטע. דער אָנגעקומענער מומחה זאָגט: פאַרטיק! חברה־לייט נעמען זיך צום מת מצוה...

גייט פערד און בודקע אויף קבורה־געלט, מען באַהאַלט דעם מסר, וואו עס איז אים געקומען, און לאַפּיטוטן, וואָס וואו מען זייט זיי בישט, גייען זיי אויף, כאַפּן די נשמה צום גיהנם אין גיבן זי איבער צו די טויער־לייט.

פאַרהאַלט מען דעם מסר אַ ווייַלע אין טויער, און דער טויער־לאַפּיטוט, וואָס פירט די ביכער פון אַ ריין און אַרויס אין גיהנם, פרעגט אויס, געלאַנגווײלט און געביצענדיק, און

פאַרשרייבט מיט אַ פּוילער פּען אין בוך אַריין: ווער, ווען און וואָס.

דער מסר — אין גיהנום אויס בריה! — ענטפערט:

דאָרט און דאָרט געבוירן, דאָ און דאָ אַן איידעם געוואָרן, קעסט געגעסן, נאָך קעסט געלאָזט דאָס ווייב אַן עגונה מיט קינדער און אַריבערגעכאַפּט זיך אַהין און אַהין און האָט זיך גענומען צו דער פּרנסה, וואָס ער האָט געפירט, ביז עס איז נישט פול געוואָרן די מאָס.

פונקט איז ער דעמאָלט דורכגעפאָרן אויף זיין פערד און בודקע איבערן מאַרק פון לאַ-האַ-דאַ-ם — —

דאָ איז פּלוצלינג דער לאַפּיטוט, וואָס פירט אין גיהנום-טויער די מעטריקל-ביכער, אין מיטן פון אַ גענעץ פאַר-אינטערעסירט געוואָרן:

— ווי זאָגסטו? לאַ — האַ — —

— לאַהאַדאַם! — חזרט איבער דער מסר.

דער טויער-לאַפּיטוט רויטלט זיך אויפן פּנים, אין די אייגעלעך באַווייזן זיך ליכטלעך פון פאַרוואונדערונג:

— געהערט פון אַזאַ שטעטל? — ווענדט ער זיך צו זיינע געהילפן.

יענע דריקן די אַקסל, שאָקלען מיט די קעפּ אין דער ברייט מיט אַרויסגעשטרעקטע צינגער.

— נישט געהערט.

— פאַראַן אַזאַ שטעטל?

אין גיהנום האָט יעדעס קהלה איר בוך, אויסגעשטעלט זענען די ביכער לויטן אַלף-בית. יעדעס אות האָט איר שאַנק. מען קוקט דורך אַלע ביכער פון דער למ״ד: לובלין, לעמבערג, לייפּציג — וואָס איר ווילט, קיין לאַהאַדאַם!

— דאָך פאַראַן! — זאָגט דער מסר, — אַ שטעטל אין פוילן!

— פון נעכטן, פון אייערנעכטן?

— ניין. שוין פון אַ יאָר צוואַנציג. דער פּריץ האָט אויפגעבויט, צוויי ירידים געגעבן. פאַראַן אַ שול, אַ בית המדרש, אַ באָד, און אַ מקוה... צוויי טרפהנע שענקען...

— איז שוין אַמאָל עמיץ געוועזן פון להד"ם? — פרעגט איבער דער טויער-מאַן זיינע געהילפן.

— קיינמאָל נישט! — ענטפערט מען.

— וואָס, דאַרט שטאַרבט מען נישט? — פרעגט מען דעם מסר.

— פאַרוואָס זאָל מען נישט שטאַרבן? — פרעגט ער גאַנץ יידישליך צוריק. — ענגע און דושנע חדרים, אַ מקוה, וואו מען קאָן דעם אָטעם נישט כאַפּן. דאָס גאַנצע שטעטל, ווי אַ זומפּ!

עס איז אַרויף אויף מסר-לשון...

— אַ בית-החיים פאַראַן! חברה קדישא שינדט די הויט. ערשט נישט לאַנג אַפילו (דערמאָנט ער זיך) אַן אונטערגאַנג געוועזן...

דעם מסר באַשטימט מען, וואו מען דאַרף, און וועגן דעם שטעטל לאַהאַדאַם גיט מען צו וויסן, וואו מען דאַרף. עס מוז דאָך עפּעס זיין. אַ צוואַנציג-יאָריק שטעטל, און מיט אַן אונטערגאַנג — און קיין איין מת פון דאָרט.

שיקט מען אַרויף שלוחים געוואָר ווערן, וואָס דאָס באַטייט.

פליען די שלוחים אַרויף און קומען נאָך אַ צייט צוריק:

— אֶמת!

און די זאַך איז די: אַ שטעטל ווי אַלע שטעטלעך, מיט אַ ביסל מצוות און מעשים-טובים און אַ סך זינד. פּרנסה; דער יצר הרע גייט אויך נישט ליידיק. אלא וואָס דען? אַ בעל תפלה האָבן זיי שוין אַזוינעם! ער אַליין — גאָרנישט! ממש אַ קל! נאָר אַ קול נגינה האָט ער, אַזאַ וויינענדיק-האַרציק קול, וואָס זאַפּט זיך אַריין אין די הערצער פון אייזן און מאַכט זיי צעגיין, ווי אַ וואַקס. און קוים שטעלט ער זיך צום עמוד — טוט דער עולם מיט אַמאָל תשובה, און מיטן גאַנצן האַרץ, אַלע ווי איין מענטש און אַלץ ווערט אויבן אָפּגעמעקט און פאַרגעסן, און די טויערן פון גן עדן שטייען אָפן פאַר גאַנץ

לאַהאַדאַם. קומט איינער און זאָגט פון לאַהאַדאַם: פרעגט מען שוין נישט איבער!

פאַרשטייט זיך, אַז פאַרן גיהנם איז עס קיין עסק נישט, און דאָס געשעפט נעמט אויף זיך דער בעל דבר אַליין. ער וועט שוין מיט אים פאַרטיק ווערן.

וואָס טוט ער, דער בעל דבר?

לאָזט ער זיך ברענגען פון דער וועלט אַראָפּ אַ לעבעדיקן קאַלקוטער האָן מיט אַ קאַם רויט שברויט און שטעלן פאַר זיך אויפן טיש.

דער האָן, אַ צעשראָקענער און אָפּהענטיקער אין אַזאַ נייער סביבה, האָט זיך סיי ווי סיי קיין ריר נישט געטאָן, און דער בעל דבר נעמט נאָך, ימח שמו, און קרייט אים אַרום, און זיצט פאַר אים, און לאָזט פון אים און זיין רויטן קאַם קיין אויג נישט אַראָפּ, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז עס איז אָנגעקומען די „רגע-באַפּו", און דער רויטער קאַם איז ווייס געוואָרן ווי אַ קאַלך. זעט ער, אַז אויבן דער כּביכול איז אַריין אין רעכטן גרימצאָרן, גיט ער, ימח שמו, אַן אויסגעשריי:

— זאָל ער זיין קול נגינה פאַרלירן! ביזן טויט אַריין!

ווען ער האָט געמיינט, ווייסט איר דאָך, און איידער דער קאַם פון קאַלקוטער האָן איז צוריק רויט געוואָרן, האָט שוין דער בעל תּפילה פון להד"ם זיין קול נגינה פאַרלוירן. געשלאָגן געוואָרן דער האַלז, קוים וואָס ער ברענגט אַרויס אַ וואָרט.

געוואוסט, פון וואַנען די מעשה שטאַמט, האָט מען. דאָס הייסט: גוטע יידן האָבן געוואוסט. אויך אפשר נישט אַלע. נאָר ווער וועט אים אַזוינס אויסזאָגן, אַז מען ווייסט? — עס איז פאַרפאַלן. וואָלט דער בעל-תּפילה אַליין עפּעס געוועזן, וואָלט מען געקאָנט פועל-יוצא זיין, אָבער אַז ער אַליין איז אַ קל, אַ גאָרנישט...

פאָרט ער אַרויס פון איין גוטן ייד צום צווייטן — און גאָרנישט. איינמאָל האָט ער זיך אָבער צוגעשטעלט צום אַפּטער

צדיק, נישט אָפּצערייסן. ער וועט נישט אַרויסגיין פון שטוב. און אַ צער צוצוזען איז. וויל אים דער אַפּטער טרייסטן:
— זיי וויסן, זאָגט ער, אַז דיין הייזעריקייט וועט גאָר זיין ביז פּטירה. וידוי וועסטו זאָגן מיט אַ לויטער קול, אַז מען וועט הערן אין אַלע הימלען.
— און ביז אַהין?
— איז פאַרפאַלן!
שטייט ער נאָך אַמאָל צו:
— פאַרוואָס, רבי? פאַר ווען?...
און מאַטערט אַזוי לאַנג, ביז דער אַפּטער צדיק האָט אים אַלץ אויסגעזאָגט:
— אייב אַזוי — שרייט אויס דער הייזעריקער בעל תּפלה — וועל איך מיך נוקם זיין, — און לויפט אַרויס...
— ווי אַזוי און אָן וועמען?
רופט אים דער צדיק; זיין געביין איז שוין אָבער נישטאָ.
דאָס איז געווען דינסטאָג, אַנדערע זאָגן: מיטוואָך, און דאָנערשטאָג פאַרן אָוונט, די פישער פון אַפּט גייען צום וואַסער פיש כאַפּן לכבוד-שבת. די נעץ ווערט שווער, מען ציט אַרויס: דער בעל תּפלה, אַ דערטרונקענער!
ער האָט זיך פון בריקל אַראָפּ אין וואַסער אַריין געוואָרפן. פאַר וידוי זאָגן, האָט ער זיין קול בגינה, ווי דער אַפּטער צדיק האָט'ם מבטיח געווען, צוריק באַקומען, ווייל דער בעל דבר האָט געזאָגט: ביז'ן טויט אַריין! נאָר ער האָט אינם פאַלן און טרינקען קיין וידוי נישט געזאָגט, און דאָס קול אין זיך באַהאַלטן, און דאָס איז זיין נקמה געווען, ווי איר וועט ווייטער זען...
דעם בעל-תּפלה טוט מען זיין רעכט, ווי אַ מאַבד עצמו לדעת, און די לאַפּיטוטן כאַפּן די נשמה אין גיהנם אַריין. אין טויער, מען פרעגט, ער ענטפערט נישט. מען דערלאַנגט אים מיט אַ שפּיז, מיט אַ ברענעדיקער קויל — ער שווייגט.
— נעמט אים אַזוי!
מען ווייסט דאָך, ווער, און וואָס; מען האָט דאָך אויף

אים געלאָקערט. פירט מען אים אַריין, וואו מען דאַרף, שטעלט מען אים ביי אַ קעסל. וואָס מען הייצט אונטער פון זיינעט וועגן, ער וועט אויפקאָכן, וועט מען אים אַריינוואַרפן! און ער דערוויל גיט אַ כאַפּ דעם גראָבן פינגער צום גאָרגל און גיט אַ לאָז אַרויס:

— יתגדל!

דעם קדיש פון נעילה...

ער זאָגט — און דאָס קול שטאַרקט זיך און צעגייט זיך אויף אַלע זייטן, ווי אַמאָל, נאָך בעסער, נאָך זיסער, נאָך האַרציקער ווי אַמאָל... און אין די קעסלען, פון וואַנען עס האָט זיך געהערט ביז אַהער גערויש, געשריי אין געיאָמער, ווערט פּלוצלינג שטיל, דערנאָך הייבט מען אָן אונטערצעהאַלטן. די דעקן הייבן זיך אויף, קעפּ שטופּן זיך אַרויס, אָפּגעבריענטע מיילער האַלטן אונטער...

די לאַפּיטוטן ביי די קעסלען זאָגן נישט נאָך, אָבער פאַרטומלט און דערשראָקן האָבן זיי זיך אינגאַנצן פאַרלוירן, און בלייבן שטיין, ווער מיט אַ שייט האָלץ, צום אונטערוואַרפן, ווער מיט אַן אייזן צום אונטערשאַרן דאָס פייער, ווער מיט אַן אייזערנעם גאָפּל צום אויסמישן — אין די הענט, די מיילער אָפן, די צונגען אַרויסגעלאָזן, די פּנימער אויסגעקרומט, די אויגאָניס קיילעכדיק. אַנדערע פאַלן אַריין אין אַ מין נכפה און פאַלן, און וואַרפן זיך אויף דער ערד... און דער זאָגט נעילה און זאָגט... און דאָס פייער פון אונטער די קעסלעך גייט אויס, לעשט זיך... די מתים הייבן אָן אַרויסצוקריכן...

ער זאָגט, דער עולם נאָך, און מיט האַרץ, מיטן גאַנצן האַרץ. און די לייבער, וואָס ווייטער אין דער תפלה, היילן זיך, ווערן גאַנץ, פליישן באַהעפטן זיך, הויטן וואַקסן צוזאַמען, און אויסגעלייטערט ווערן זיי...

און ווען ער קומט אין דער הויכער שמונה-עשרה צו „מחיה-מתים”, ווערן פּלוצלינג אַלע ממש ווי לעבעדיק, ווי ערשט געקומענע. און זיי זאָגן מיט איין קול נאָך: אָמן.

און בײם – אָמן, יהא, שמיה רבא . . . װערט אַזױ געפּילדערט,
אַז די הימלען אין דער הױך עפענען זיך, און די תשובה
פון רשעים דערגרײכט צום זיבעטן הימל, צום כסא הכבוד
צו, אין אַ שעת רצון איז געװען, אַ פּנים, און אַלע רשעים,
שױן אײגענטלעך צדיקים, האָבן פלוצלינג פליגל באַקומען
און אײנס נאָכן אַנדערן פון גיהנם אַרױסגעפלױגן און די
טױערן פון גן עדן פאַר זיך אָפן געפונען . . .

געבליבן אין גיהנם זענען נאָר די לאַפּיטוטן, װאָס
האָבן זיך געװאָרפן אין דער נכפּה און געקװילערט זיך אױף
דער ערד, און דער בעל-תפלה אַלײן, װאָס װי ער איז
געשטאַנען, איז ער שטײן געבליבן . . .

אַלע, װי בײם לעבן, האָט ער צו תשובה געבערענגט, ער
אַלײן האָט קײן רעכטע תשובה נישט געקאָנט טון. און –
אַ מאַבד עצמו לדעת:

– – – – – – – – – – – – –

מיט דער צײט איז דאָך דאָס גיהנם צוריק פול געװאָרן.
מען האָט צוגעבױט, און ס'איז װידער ענג. –

---

# אָן נדן איז ערגער ווי פּאָקן

אין קופּע איז געווען פינסטער, און צוויי מענטשן האָבן געכראָפּעט. זיי האָבן זיך פאַרדריסלעך אויפגעכאַפּט, ווען דער אָבערקאָנדוקטאָר איז אַרייַנגעקומען מיט דער לאַמטערנע רעווידירן די בילעטן. ערשט דאַמאָלט האָבן זיי זיך איינס דאָס אַנדערע דערזען.

— יאש ? ! — האָט פרייִלעך אויסגערופן אַ פּיסטל.

— אַנדרזשעי ! — האָט געענטפערט אַ טענאָר.

זיי האָבן אָפּגענומען די בילעטן און זיך צעקושט.

— וואוהין ? — פרעגט יאַש.

— אין דער וועלט אַריין ! — ענטפערט טרויעריק דער טענאָר.

— איך אויך — ! — זאָגט דער פּיסטל — אַ שיינע וועלט ! דאָקטאָרייַ איז אויך שוין קיין געשעפט נישט... אויס גוטע צייטן.

— מיך האָט אַן אומגליק געטראָפן ! — קרעכצט דער טענאָר.

— מיך אויך... שערשע לא פאם... אַ „זי" ?

— א זי !

— נו, אַ ליבע ?

— אַן אומגליקלעכע ליבע, — קרעכצט דער טענאָר — גאָט זאָל היטן... אַזוינס טרעפט זיך איין מאָל אין הונדערט יאָר !

— איך האָב אויך אַ ליבע, איך אַנטלויף אויך דורך איר אין דער וועלט אַריין — ענטפערט דאָס פּיסטל — נאָר ביי מיר איז אַזוינס, וואָס עס טרעפט זיך יעדן טאָג זייער אָפט, אומאינטערעסאַנט... וואָס איז דיר געשען ?

דער טענאָר האָט אָפּגעקרעכצט, מיטן טיכל זיך אָפּגעווישט דעם שטערן און דערנאָך די נאָז מיט די ברילן. ער האָט

זיך פאַריכט די לאַצן, אויסגעגלייכט די טשופרינע, נאָך אַמאָל אַ קרעכץ געגעבן און פאַרציילט:

— געדענקסט דאָס הויז צימרינג אין פלאָצק?

— אייב איך געדענק? אָפּט אַ קערטל, אַמאָל אַ טענצל און שטענדיק גרויסאַרטיקער טיי מיט פּראַכטפולע שינקע!... אַ רייך הויז, עטלעכע מיידלעך... פאניא... פראַניא, און... און...

— אננא, — האָט דער טענאָר אַרויסגערעדט מיט געפיל.

— יאָ! יאָ! ווען נישט, וואָס איך בין אַריבער קיין קאַליש, וואָלט איך זיך זיכער אין איינער פאַרליבט! נאָר איך האָב אַלץ געקלערט צו וועלכער אויפהייבן מיינע ראָמאַנטיש-קעלבערנע בלויע אויגן, און איידער איך האָב געהאַט אַ ישוב, האָב איך געכאַפּט אַ צוויי פון לאַטיין. וואָס מאַכן זיי?

— דער אַלטער צימרינג איז געשטאָרבן.

— אַ שאָד אַזאַ פּאַרטנער! שטענדיק אַ פּאָר רובל פאַרשפּילט. ער שטייט מיר פאַר די אויגן, „ווער ליגט?" „איר!" „אויף וויפיל?" „אָן צוויי!" און ער האָט פאַרשריבן. ער האָט קיינמאָל נישט געוואוסט, אויף וואָס ער האָט אָנגענומען און וויפיל לעזן ער האָט געמאַכט. ווען האָט מען עס דאָס לעצטע מאָל אַריינגעלייגט און... פאַרשיט?

— ערשט אַ פּאָר יאָר.

— זי, די צימרינג, וואָס מאַכט? אַודאי איינגעמאַכטס? געדענקסט, זי פלעגט גאַנצע סלאָיעס דערלאַנגען, מען פלעגט מיט אַ פאַריזער לעפל שעפּן?

— זי איז דערנאָך בלינד געוואָרן.

— בלינד? און די קינדער?

— פאניא איז אויך געשטאָרבן.

— פאַניאַ, אַזאַ ריז?

— אויף סוכאָטע!

— און פראַניאַ?

— האָט חתונה געהאַט מיט אַ רייכן קאָמיסיאָנער.

— און אַננאַ, די בלאָנדינע מיט לאַנגע זיידענע האָר, ווי גייט עס איר?

— איך קראַנק אויף סוכאָטע, זיצט היינט אין די בערגער.

— אַננאַ?

דער טענאָר האָט ווייטער אַ קרעכץ געגעבן, ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט.

— דו האָסט זיך פאַרליבט אין אַננאַן?

— מיר האָבן זיך אמת אין שטאַרק ליב געהאַט, — ענטפערט טרויעריק דער טענאָר.

— טעמפּעראַטור? — שמייכלט יאַש.

— נאָר אָן חוזק, אָן דיינע מינעס. איך בעט דיך, שוויג! עס טוט מיר נאָך צו שטאַרק וויי. איך האָב זי אמת, אמת געליבט...

— נאַרעלע, דו מיינסט איך וועל לאַכן פון דיר? איך האָב אויך געליבט. דו אין פּלאָצק, איך אין קאַליש. דיינע, אַננאַ, האָט זיידענע. מיינע — סאַמעטענע האָר. די לבנה האָט אונזביידן גלייך געשיינט. געקושט האָבן מיר ביידע גלייך. דו אפשר נאָר די ווייסע הענטשו, איך — די רויטע ליפּן אויך... עס איז נישטאָ וואָס פון דיר צו לאַכן!

— נישט אויס מיר, אויס דער ליבע מיינער לאַך נישט. דאָס איז מיין איינציק פּאַמיאָנטעק אין מיין לעבן. איך וועל שוין מער נישט לעבן. איך שווער דיר!

— שווער נישט! איך האָב אויך געשוואוירן, איך האָב מיין אַמאַליע, כ׳לעבן, גאַנץ ערנסט, גאַנץ ערנסט, מיטן גאַנצן הארצן געשוואוירן. איך בין אַזוי גליקלעך געווען!

דאָס פּיסטל האָט געציטערט.

— איך בין אויך גליקלעך געוועזן, יאַש; באַלד נאָכן עקזאַמען האָבן מיר זיך דאָס וואָרט געגעבן! אָך! עס איז געוועזן אַזאַ שיינע, אַזאַ ליכטיקע נאַכט! מיר האָבן שפּאַצירט אין גאָרטן...

— נו, האָבן די פייגל געזונגען, די ביימער זיך געסודעט און אייערע הערצער האָבן געקוואָלן?

– ווייטער ? לאַך נישט, איך בעט דיך ! פייגל האָבן טאַקע גאַנץ אַנדערש געזונגען, מיר האָט זיך באמת געדאַכט, אַז די ביימער סודען זיך און ווייזן אויף אונז מיט די צווייגן... דאָס האַרץ האָט מיר געקוואָלן און זי האָט געוויינט... זי האָט יאָמערלעך געוויינט...

– געוויינט ?

– דאַמאָלט האָט שוין דער פאָטער נישט געלעבט. די עלטערע שוועסטער אויך נישט. די מוטער איז אַוועקגעפאָרן מיטן מאַן. זי איז געבליבן איינע אַליין מיט דער בלינדער מוטער, זי האָט זיך מיט מיר געזעגנט. אַך, ווי שיין זי איז דאַמאָלט געווען !

– וואַרט, איך וועל זי אויסמאָלן. מיינע האָט מיך אויך געזעגנט, זי האָט אויך געוויינט. זי האָט מיך אַרומגענומען מיט אירע דינע הענטלעך און אויפגעהאָנגען זיך מיר אויפן האַלז ! דורך די טרערן האָט זי מיר געקוקט אין די אויגן אַריין. עס איז טונקל געווען, נאָר איך האָב געזען אין די אויגן אַ תהום פון ליבע, פון גליק ! איר אָטעם האָט מער געשמעקט, ווי אַ גאַנץ יאָר... כ׳האָב זיך דאַמאָלט דערמאָנט אָן מיין טאַטנס „בשמים-שקעטעלע״, וואָס איך פלעג עס האַלטן צו דער הבדלה. די האָר... נאָר דיינע איז אַ בלאָנדינע, מיינע האָט געהאַט לאַנגע שוואַרצע האָר. זי האָט זיי מיר פאַרוואָרפן איבערן קאָפּ, מיר האָבן זיך אונטער דער נעץ געקושט !... עס איז נאָך טונקלער געוואָרן, נאָר אירע אויגן האָבן געלייכט, געברענט ! איך האָב זי געכאַפּט אויף די הענט, ווי אַ קינד. איך האָב זי צוגעדריקט צום האַרץ אַזוי שטייף, אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט אַזש אַ געשריי געטאָן פאַר ווייטאָג, און באַלד נאָך געבעטן זיך : נאָך אַמאָל, נאָך אַמאָל ! זי וויל, עס זאָל איר נאָכאַמאָל אַזוי דער אָטעם פאַרפעלן, אַזוי וויי טון !

ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געריבט צוגעגעבן :

– גלייב מיר, איך האָב עס גאַנץ ערנסט געמיינט !

– ניין ! – ענטפערט דער טענאָר, – דאָס האָב איך

קיינמאָל נישט געטאָן! איך האָב זי נישט צוגעדריקט צום האַרץ. ניין, איך האָב עס קיינמאָל נישט געקאָנט, קיינמאָל נישט געוואָלט. פאַר מיר איז גענוג געווען, אַז איך בין געזעסן צופוסנס און זי האָט מיר געגלעט די האָר! עלעקטרישע פונקען זענען מיר דורכגעפלויגן דורך די נערוון... און אירע אויגן, אירע אויגן — האָסט נישט אַביסל בראָנפן?

נאָכן ביסל בראָנפן האָט ער ווייטער דערציילט:

— דעם זעלבן אָוונט זענען געווען מיינע תנאים.

— צו דעם האָב איך ווייטער נישט צוגעלאָזט — וואַרפט אַריין דאָס פיסטל, — נאָר דער טענאָר מאַכט זיך נישט הערנדיק.

— מיר האָבן זיך ביידע געזעצט צופוסנס דער אַלטער מאַמען. די ברענענדיקע טרערן פון די בלינדע אויגן זענען אונדז אויף די קעפּ געראָנען.

— אָ, — ווערט דעם פיסטל גרינג אויפן האַרץ — שטילע תנאים, דאָס איז עפּעס אַנדערש! דאָס שאַדט נישט!

— די אַלטע איז אַזוי איינגעשלאָפן, און מיר זענען זיך אַזוי געזעסן ביז אין גרויען טאָג אַריין. מיר האָבן גערעדט פון אַלץ אין דער וועלט, פון אונדזער צוקונפט.

— מיינע — פאַלט אַריין דאָס פיסטל — האָט דווקא געוואָלט אַ גרינעם איבערצוג אויפן מעבל! אַ וואוינונג נישט אַנדערש, ווי מיט דרייערליי געניג.

— האָק מיר נישט איבער! מיינע האָט פון דעם נישט גערעדט... ווערנד די פינף יאָר, וואָס איך האָב שטודירט, האָט זי געזאָלט אַסך לעזן, אַסך שטודירן, כדי מיר זאָלן דערנאָך קאָנען אַרבעטן צוזאַמען.

— צוזאַמען אויסשניידן די אַלטע „פלוימען״? — האָט זיך נישט איינגעהאַלטן דאָס פיסטל.

דער טענאָר איז אויפגעשפּרונגען, גלייך אַ שלאַנג וואָלט געביסן:

— יאַש!!!

— אַנדרזשעי, אַנדרזשעי! מיין ליבער חבר! צי לאַך איך דען אויס דיר? אויס איר? אויס דער ליבע? גאָט זאָל היטן! איך לאַך אויס מיר. האָב איך דען נישט דאָס אייגענע געטאָן? האָט זיך דען מיר דער הימל נישט געעפנט אין אירע אויגן? און ווען עפנט זיך נישט דער הימל, ווען מען קריגט דעם אַטעסטאַט? און וועלכער פאַרליבט זיך דאַן נישט? אַנדרזשעי — מאַכט ווייטער דאָס פּיסטל — בייזער זיך נישט. זעסט, דו האָסט זיך געבעטן, איך זאָל נישט לאַכן, פאַרוואָס איז דיר איינגעפאַלן, אַז איך וועל לאַכן? לייג נאָר די האַנט נישט אויפן האַרצן, נאָר גראַבל דיר אין מוח... פאַרוואָס האָסטו געוואוסט, אַז מיר קאָן איינפאַלן, אַז עס איז גאָר מעגלעך צו לאַכן?

אַנדרזשעי לאַכט.

— אויף מיין וואָרט — בעט זיך ווייטער דאָס פּיסטל — איך לאַך נאָר אויס מיר! ביי מיר איז גאָר קיין תּנאים, אַפילו קיין שטילע נישט געווען! אירע עלטערן האָבן גאָרנישט געוואוסט דערפון, דער טאַטע, עפּעס אַ מין שלאַק, אַ גולם; די מאַמע, אַ כיטערקע, אַן איינגערעדטע חכמה, אַ פּראָסטע יידענע! נאָר זי אַליין איז געווען אַ וואוילע מויד! פלאַם-פייער! זי האָט פון קיין תּנאים נישט גערעדט. זי האָט מיר צופיל געגלויבט. איך בין אויך זיכער געווען. און מיר האָבן אויך גערעדט פון צוזאַמען צו אַרבעטן. אויף אַלע וואַקאַציעס בין איך געקומען.

— יאַש! — האָט אַנדרזשעי געשריען, — איך רעד נישט מער מיט דיר!

— פאַרוואָס?

— דו האָסט חתונה געהאַט מיט איר? — פרעגט דער דאָקטאָר.

— ניין!

— פאַרוואָס?

— דו ווילסט וויסן פאַרוואָס? גוט כ'וועל דיר פאַרציילן.

— ניין! איך וועל דיר פריער מיין געשיכטע דערציילן — ענטפערט דער טענאָר עררעגט. הער!

דאָס פּיסטאָל האָט צוגעלייגט דאָס אויער צום אָנלען, ער זאָל בעסער הערן.

— איך האָב זי אַ גאַנצע צייט נישט געזען, ווי דו... איך בין אויף וואַקאַציע אַהיים נישט געקומען, איך האָב לעקציעס געגעבן אַ גאַנץ יאָר, איך האָב געאַרבייט אַכטצן שעה אין מעת־לעת.

— וואָרום?

— זי איז אָרעם געווען... צימרינג האָט באַנקראָטירט באַלד נאָך זיין אַוועקפאָרן.

— און דו האָסט געוואוסט?

— יאָ, איך האָב געוואוסט, יאָ איך האָב געשיקט יעדן חודש די העלפט פון מיין פאַרדינסט, הערסט? ווערנד די פינף יאָר האָב איך פון איר, און זי פון מיר, אויסער דורך אַ געלעגנהייט, קיין באַגריף נישט באַקומען. עס איז אַ שאָד געווען מאַרקעס. איר מוטער איז אַ פּאָר מאָל קראַנק געווען. ווערנד די פינף יאָר האָב איך געאַרבייט שווער אַכטצן שעה אין מעת־לעת און די רעשט צייט פאַר וויטאָג נישט געשלאָפן. ענדלעך איז די אַלטע געשטאָרבן, איך האָב פאַרזעצט מיין פּאַלטאָ, איך האָב טעלעגראַפירט, זי זאָל קומען.

דער טענאָר האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און האָט זיך פאַרטראַכט אַביסל.

— דאָס איז געווען דעם זעקס און צוואַנציקסטן מאַי, — האָט ער נאָכהער אָנגעפאַנגען, — איך בין געזעסן אין שטוב, איך בין שוין אייביקע טעג גאַנץ פרי געווען אויפן וואָקזאַל און זי איז נישט געקומען. איינמאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס איז זי. איך האָב געזען אַ וואָאַלירטע דאַמע: עס האָט זיך מיר געדאַכט זי... נאָר די דאַמע האָט זיך אומגעדרייט און געגאַנגען אין אַן אַנדערער זייט. איך בין געזעסן אין שטוב, אויפן בעט, קיין בענקל איז ביי מיר נישט געווען... ביינאַכט, דאָס ליכט איז אויסגעגאַנגען.

— פאַרוואָס האָסטו זיך נישט געלייגט? זיך נישט אויסגעטון?

— איך האָב עס שוין אַ חודש נישט געטאָן... איך בין געזעסן און געשלאָפן... די ערגסטע חלומות האָב איך געהאַט. דאָס שטיבל איז אָן פענסטער, געדענקסט? דו ביסט אַמאָל ביי מיר געווען, איך האָב מיך רואינירט אויף ליכט בייטאָג!... די ערגסטע חלומות האָב איך געהאַט... מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט געמוזט קראַנק ווערן, זי מוז נאָך קראַנק זיין... גאָט! דו קאָנסט קיין באַגריף נישט האָבן.

דער טענאָר האָט געציטערט און דאָס פיסטל האָט שטילערהייט אָפּגעגענעצט. —

— אינמיטן האָב איך זיך אויפגעכאַפּט. איך זע, עמעצער קניט פאַר מיר, עמעצער האַלט מיך ביי דער האַנט און קוקט מיר אין פּנים אַריין. זי! זי! זי איז עס געווען! — נאָר זי איז אויפגעשפּרינגען און אַנטלאָפן אין צווייטן עק צימער אַריין.

— אַ האַלב איילנדיקער שפּרינג, — מאַכט דאָס פיסטל; אָבער דער טענאָר הערט נישט און דערציילט ווייטער:

— אַננאַ, אַננאַ! — רוף איך זי מיט פרייד און שרעק צוזאַמען; איך האָב דערקענט די וואַרעמע דאַמע... איך האָב געפילט, אַז עפּעס דרייט זיך מיר שרעקלעכעס אין מוח.

— אַננאַ! וואָס אַנטלויפסטו פון מיר? — זי רוקט זיך אַלץ אָפּ. איך וויל אויפשפּרינגען, דאָס האַרץ קלעמט. איך שטרעק אויס די הענט.

— זיץ! — האָט זי אויסגעשריען, — אום גאָטעס ווילן, זיץ! ריר זיך נישט פון אָרט. אייב דו הייבסט זיך אויף, שטאַרב איך!

דאָס בלוט האָט מיר געשטאַרט אין די אָדערן. איך האָב געפילט, אַז יעדעס וואָרט אירס שניידט מיך אין האַרצן, אַז מיין מוח ווערט מיר דול, פאַרווירט. —

— אַננאַ! אַננאַ! — האָב איך קוים אַרויסגערעדט — אַננאַ!

— איך האָב צו דיר אַ בקשה, — מאַכט זי אַזוי טרויעריק

און מיט אַזויפיל טרערן אין דער שטימע, אַז איך האָב געמיינט, עס פּלאַצט אין מיר עפּעס, אַז אָט, אָט איז אַן עק מיט מיר.

— זאָג...

— שווער מיר צו, אַז דו וועסט טון, וואָס איך וועל דיך בעטן. — איך האָב איר געשוואוירן.

— זיך, ריר דיך נישט... איך וועל צו דיר צוגיין. איך וועל דיר געבן אַ קוש. נאָר דו זאָלסט מיר נישט צוריקגעבן. הערסט? דערנאָך...

— וואָס דערנאָך? וואָס דערנאָך? — האָב איך געפרעגט דערשראָקן.

דערנאָך וועסטו זען. — האָט זי געענטפערט מיט אַ ווייטאָג — שווער מיר!

— איך שווער!

זי איז צוגעגאַנגען. זי האָט אינגאַנצן געציטערט. זי האָט זיך געוואַקלט. זי האָט פאַר מיר געקניט; געקוקט מיר אין די אויגן אַריין, כאָטש עס איז פינסטער געווען. ראַפּטום האָט זי זיך אויפגעהויבן, מיר אַ קוש געגעבן און אַ געשריי געטאָן פון האַרץ אַזוי הויך, אַזוי שטאַרק, אַזוי שניידנדיק. איך — זעסטו — האָב פאַרגעסן אָן דער שבועה, איך האָב זי געכאַפּט אויף דער האַנט — און זי האָט געחלשט! איך האָב זי געקושט, גערופן — זי הערט נישט. איך האָב זי געלייגט אויפן בעט... איך האָב קוים געפונען שוועבעלעך, קוים אָנגעצונדן און...

— און וואָס?

— הערסטו! הערסט! זי איז געווען געשטופּעלט, זי האָט געפּאָקט. זי האָט אַ פּנים ווי אַ ריב־אייזן! איך בין אַנטלאָפן פון שטוב!...

— און זי?

אַז איך בין צוריקגעקומען, איז זי שוין נישט געווען.

— און עד היום?

— עד היום...

— דו זוכסט זי.

— איך זוך זי.

— בײַ מיר — ענטפערט יאַש, נאָך אַ װײַלע שװײַגן — איז גאָר פאַרקערט! זי זוכט מיך, איך אַנטלויף... אפשר האָט מײַנע אויך געפּאָקט, נאָר איך װײס נישט... פאַרשטײסט? מײַן שיער־געװאָרענער שװער האָט באַנקראָטירט...

— נו?

— אָן גדן, ברודער, איז ערגער װי פּאָקן.

---

# ווי אַזוי די וואַלד־ישיבה איז בטל געוואָרן

(איבעראַרבעטונג)

עס איז געווען פֿאַרצייטנס...

פֿונדעסטוועגן איז פּונקט אַזוי ווי היינט פֿרימאָרגן אויפגעשטאַנען די זון, מען האָט געקלאַפּט אין שול, און ותיקין זענען געלאָפֿן דאַוונען; פּונקט פֿאַרנאַכט האָט זיך די־זעלבע זון געלייגט און אָנגעהייבן אונטערגיין און מען האָט ווייטער געדאַוונט. יעדן פֿרימאָרגן איז די ערד אויפגעשטאַנען, ווי תחית המתים, און די פֿייגעלעך האָבן געזונגען אַ שבח צום בורא עולם, וואָס האָט צוריק אָפּגעגעבן די נשמות, און פֿאַרנאַכט האָט זיך די ערד וואָס אַמאָל מער איינגעהילט אין אַ נעבל און איינגעשלאָפֿן, און די פֿייגעלעך האָבן אָפּגעזונגען זייער קריאת שמע און באַהאַלטן זיך אין די נעסטן... און דאַמאָלט ערשט איז לעבעדיק געוואָרן אין די בתי מדרשים. אינעווייניק האָבן געציטערט קליינע פֿלאַמלעך, ווי נשמה־ליכטלעך, און פֿון דאָרט איז אַרויסגעשוואומען אַ טרויעריק ווייכער נגון, ווי אַ הספד אויף דער געשטאָרבענער וועלט!.. אין מיטן — האָט מען געקלאַפּט צו חצות...

ווייטער נישט — איין טאָג איז גלייך געווען צום צווייטן, איין נאַכט צו דער צווייטער. נאָר טיילמאָל פֿלעגט זיך דער הימל פֿאַרציען מיט וואָלקן, פֿלעגט זיך צעהיצן, צעבייזערן — פֿלעגט מען זאָגן שכחו וגבורתו... אויסלייגן ספֿרים ביי די פענסטער און פֿאַרשטעקן זיך אונטערן איבערבעט...

ווי היינט פלעגט טרעפן, אַז אינמיטן דער שטילער נאַכט, גייענדיק צו חצות, האָט אַ ייד, נישט ווילנדיק, אויפגעהייבן די אויגן צום הימל, און געזען, ווי אַ שטערן גליטשט זיך אויס, פאַלט אַראָפּ. גאָט ווייסט וואוהין, אין ים צי אין שאול תחתיה אַריין; פלעגט ער אָפּזיפצן: אַ שטערן גליטשט זיך אויס, מכל־שכן אַ בשר ודם! — —

און מען האָט ווייטער געלעבט. איין טאָג איז גלייך געווען צום צווייטן, איין נאַכט צו דער צווייטער; שטיל און רויק — אויסער, אַז עס זענען דורכגעגאַנגען זעלנער און מען האָט אויף עטלעכע טעג צעשטעלט זיי אין די הייזער, פלעגט זיך הערן געשרייען פון טיר און פענסטער — אָדער, אַז אין בית־המדרש האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ גלות־ליידנדער פרוש און האָט דערציילט מעשיות פון ל״ו צדיקים אָדער פון לצים, וואָס האָבן אים גענאַרט אויפן וועג...

עס פלעגט זיך אויך טרעפן, אַז עמעץ איז נפטר געוואָרן. פלעגט זיין אַ לויה, פלעגן אין דער שטילער גאַס קלינגען זילבערנע צדקה־פושקעס, דער שמש פלעגט רופן: צדקה תציל ממות, קרובים האָבן געוויינט, ווייבער — מער און שטאַרקער...

פונקט אַזוי, ווי היינט!

נאָר אַזוינע ישיבות, ווי דאַמאָלט זענען געווען, איז שוין היינט נישטאָ!

---

די באַרימטע ישיבה איז געווען אַ פרושים־ישיבה אין אַ ווילדן וואַלד.

די ישיבה איז געווען אין סאַמע מיטן וואַלד, נאָר אַרומגעצוימט על פי קבלה מיט אַ שם... קיינמאָל האָט אַהין קיין חיה רעה נישט פאַרבלאָנדזשעט, קיין יעגער־קויל נישט געטראָפן און עטלעכע וויאָרסט אַרום האָט אַפילו קיין פויגל נישט געזונגען, מען זאָל זיי נישט שטערן אין

לערנען. געלערנט האָט מען ווינטער אין היילן, זומער אונטערן פרייען הימל. יעדער פרוש האָט זיך געהאַט זיין קלעצל פון אַ בוים. אַז עס פלעגט אַמאָל קומען אַ נייער תלמיד, האָט זיך תוך כדי דבור אונטערגעשניטן אַ בוים, איבערגעלאָזט פאַרן נייעם תלמיד דאָס „קלעצל" און איז זיך אַוועקגעגאַנגען און האָט שטיל זיך אַוועקגעלייגט אין אַ זייט.

געגעסן האָבן זיי שוואָמען, וואַלד-אויבס, רויזן-בלעטלעך, פאַרשיידענע וואָרצלען — ערב שבת ויום טוב פלעגט זיך באַלד אין דערפרי הערן אַ געבלעקעריי, וואָס פלעגט קומען אַלץ נענטער און נענטער; דאָס האָט דער וואַלד געשיקט דער ישיבה קרבנות — עטלעכע ווידער לכבוד שבת, און דער ראש הישיבה פלעגט אַליין שחטען און די תלמידים כשר מאַכן...

טאָג און נאַכט האָט מען געלערנט, נאָר אין אַ יומא דפגרא האָט מען דערציילט פון משיחס צייטן, פון די עשרת השבטים, פון די נסים אויפן ים הקדוש! און וויפיל תלמידים אַזויפיל ברילאַנטן האָבן אונטער די שטערן געלייכט; אויפן ראש הישיבה האָט נישט אַנדערש, ווי די שכינה גערוט!

און טעם גן-עדן האָט מען געפילט, ווען מען איז געקומען צו רבה בר בר חנהס מעשהלעך...

„איינע האָט אים אויסגעשטעלט אַ פליגעלע... די צווייטע אַ פיסעלע"...

מיט אָפענע מיילער האָט מען געהערט.

---

איינמאָל אָבער איז די הייליקע שטילקייט פון דער ישיבה צערודערט געוואָרן.

ווי פון די עולמות העליונים איז עמעץ אַראָפּ מיט אַ קאָזשיקאָלעק און געפאַלן דעם ראש ישיבה צו די פיס!

עס פלעגט טרעפן, אָבוואָל זעלטן, אַז פון פּרושים, וואָס ליידן גלות, פלעגט אַמאָל איינער זוכה זיין צו ד ע ר ז ע ן די ישיבה און אַריינגעלאָזט צו ווערן פון שם הקודש...

— אָבער נאָך וואָס קאָזשיאָלקעס? — בייזערט זיך אַביסל דער ראש ישיבה.

דער געפּאַלענער הייבט זיך אויף, עפנט דאָס מויל, דער ראש ישיבה מיינט, ער וויל בעטן מחילה און מאַכט אַוועק מיט דער האַנט:

— נו, נו, בטול תורה — זעץ דיך און לערן!...

עס איז אָבער אַ טעות געווען. קיין בוים האָט נישט „מפנה מקום" געווען, און דער אויפגעהייבענער האָט געזאָגט:

— איך בין נישט קיין פּרוש, רבי, אַ דאָרף-שניידער בין איך!

די פּרושים קוקן זיך איבער איינער מיטן צווייטן.

— ווי דען קומסטו אַהער איבער דעם צוים? — פרעגט דער ראש ישיבה.

דאָס שניידערל זאָגט, אַז ער האָט קיין צוים פאַר די אויגן נישט געזען...

עס האָט זיך אים אויסגעלאָזט די אַרבעט אין א י י ן דאָרף, איז ער געגאַנגען איבערן וואַלד אין אַ צווייט דאָרף אַריין, איז עס אָבער ביינאַכט געווען, האָט ער זיך, גייענדיק, פאַרדרימלט, פאַרבלאָנדזשעט און פאַרטאָג איז ער געקומען אין אַ פרעמד דאָרף אַריין. דער ערשטער פרעמדער הונט איז אים באַפאַלן, איז ער צוריקגעלאָפן אין וואַלד, דער הונט נאָך, ער לויפט, דער הונט לויפט נאָך. פּלוצים האָט ער אים אָנגעכאַפּט ביי אַ פוס, האָט ער זיך געגעבן אַ ריס אויס, געמאַכט אַ קאָזשיאָלעק און —

— בין איך געקומען אַהער — האָט דאָס שניידערל מיט

אַ געלעכטערל געענדיקט – האָט איר עפּעס צו נעמען אין מויל אַריין?

קינד מיינס, – זאָגט דער ראש ישיבה ערנסט, – עס איז נאָך צייט צו רעדן פון חומר... נאָר זיי וויסן, קינד מיינס, אַז די ישיבה איז אַרומגעצוימט מיט אַ שם־הקודש, אַז קיין שום מענטש און קיין שום חיה ועוף קאָן די צוים נישט אַריבער – קוק אַרויף צום הימל! זעסטו דאָ אַ צייכן פון אַ פייגעלע? עד „רום רקיע" האָב'מיר זיך פאַרצוימט, און אייב דו ביסט אַריבער, איז עס אַ סימן, אַז עס איז נישט פשוט, – עס איז קיין פרעמדער דאָרף געווען, קיין פרעמדער הונט געווען – עס איז מעשה־נסים! דאָס האָט דיך זכות אבות אַהער געטריבן. פאָלג מיך, נעם אַ ספר און זעץ דיך און לערן!

אַ נאָנטער בוים האָט געהערט דעם ראש־ישיבהס רייד און האָט זיך אָנגעהייבן צו שאָקלען, אַ סימן, אַז ער וויל אָפּטרעטן דעם אָרט דעם נייעם תלמיד, נאָר דאָס שניידערל ענטפערט:

– לא מיט אַ ספאָדעק, רבי'ניו! איך האַלט גאָרנישט פון אייער זיצן און לערנען...

– אַ גרויסע קונץ – מאַכט ער ווייטער – צו זיצן אין וואַלד! אָן דאגת פרנסה, אָן ווייב און קינד און לערנען! גייט בעסער אין שטאָט אַריין, און טוט עפּעס! איר ווילט אַראָפּברענגען משיחן, וואָס? אומזיסט אייער אַרבעט, אייערע צוואַנציק – דרייסיק נייען דעם מאַנטל פאַרן מלך המשיח, יאָ? און דאָרטן זיצן הונדערטער און טויזנטער, וואָס טרענען אויף, וואָס איר נייט!

און דאָס שניידערל מאָלט זיי אויס, וואָס אין שטאָט טוט זיך, ווי דער יצר-הרע האָט אַריינגעצאַרט דעם גאַנצן עולם אין אַ זאַק אַריין און מען בייסט און מען ווערגט זיך איינס דאָס אַנדערע איבער דער פינסטערער פרנסה...

זיין שוואַרץ שפּיציק בערדל ציטערט, די אויגן ברענען,

ווי קוילן, די הענט ציטערן און וואַרפן זיך, פייער שיט זיך אים פון מויל — —

— סדום־ועמורה — זאָגט ער — ניין און ניינציק מענטשן הונגערן און פּאַרקויפן די נשמה פאַר אַ שטיקל טרוקן ברויט. דער הונדערטסטער זיצט, ווי אַ פליג אויף אַ פלאַסטער האָניק און ווערט אָנגעשוואָלן און פאַרזינדיקט זיך די יאָרן...

מענער פאַרקויפן די נשמה, ווייבער דאָס לייב; מען קייקלט זיך באַרג אָפּ אין גיהנום אַריין — וואָס וועט העלפן אייער תורה?

דער ראש־ישיבה מיט די פרושים לאָזן אַראָפּ די קעפּ.

— וואָס העלפט דאָס אַראָפּלאָזן די קעפּ? — לאַכט דאָס שניידערל — אייב איר ווילט דוקא משיח זאָל קומען, הערט אַ שניידערשע עצה אָדער שווייגט און זינדיקט מיט, וועט ווערן „כלו חייב", אָדער גייט און זאָגט מוסר, „גוואַלט, רוצחים" און זייט „מחזיר למוטב", וועט זיין „כלו זכאי"... אַניט — וואַנצן! — און דערווייל — אַדיע! דער הונט איז שוין אַודאי צוריק אין דאָרף אַריין.

---

עס געדויערט אַ ווײַלע, איידער די פרושים זענען צו זיך געקומען און האָבן מיט אַ געשריי: עזות־מחוצף־פּנים, זיך אַ וואָרף געטאָן „קורע כדג" צו זיין דאָס שניידערל...

דאָס שניידערל האָט אָבער שוין צייט געהאַט צו מאַכן אַ קאָזשיאָלעק צוריק, און איז נעלם געוואָרן צווישן די ביימער.

— אַזאַ רשע, אַזאַ רשע! — קריצן די פרושים מיט די ציין.

דער ראש־ישיבה אָבער גיט אַ ציטער, זיי זאָלן שווייגן.

— שווייגט, קינדער, — זאָגט ער טרויעריק — ער איז גערעכט, דאָס שניידערל, (אייב עס איז נאָר אַ פּראָסטער שניידערל געווען, נישט אליהו הנביא!) ער האָט אונז געזאָגט, וואָס מען דאַרף טון, וואָס איך דאַרף טון!

די פרושים שווייגן, טראַכטנדיק: אפשר טאַקע

אליהו... אַזוי געשווינד נעלם געוואָרן... און דער ראש־ישיבה הייסט זיך דערלאַנגען דעם שטעקן.

— איך גיי אין שטאָט, קינדער! איך וועל טון, ווי דאָס שניידערל האָט געהייסן! איך וויל מיך פּרובן ראַנגלען מיטן ס"ם – און איר בלייבט דאָ און לערנט און בעט פאַר מיר רחמים!

אַלע זאָגן צו, און מען דערלאַנגט אים דעם שטעקן, ווי ער האָט באַפוילן.

ער איז געגאַנגען גלייך פאַר זיך און די הייליקע באַהאַלטענע צוים האָט אים דורכגעלאָזט!

---

שוין דריי מאָל האָבן די פּרושים מחדש געווען די לבנה, און דער ראש־ישיבה האָט זיך נישט געוויזן, ערשט נאָכן פּערטן קדוש החודש ביים שלום עליכם, עליכם שלום! האָט ער זיך באַוויזן, די תּלמידים זענען אים אַקעגן געלאָפן מיט פריידּ – נאָר ער האָט זיי אָפּגעשטעלט מיט דער האַנט, און איז, אַ וואָרט נישט רעדנדיק, אַריינגעגאַנגען אין זיין הייל אַריין.

זיבן טעג האָט ער געהאַט התבודדות, זיבן טעג און זיבן נעכט זענען די תּלמידים געשטאַנען נישט טויט נישט לעבעדיק און געוואַרט און ערשט אויפן אַכטן טאָג איז ער אַרויסגעקומען פון דער הייל, און האָט זיי דערציילט, וואָס עס איז מיט אים אין די דריי חדשים געשען.

און דעם וועג פון ישיבה אין שטאָט אַריין האָט ער דערציילט שטיל, געלאַסן און אפילו מיט אַ שטיקל נחת...

גייענדיק האָט ער געלערנט אויסענווייניק הלכות סוכה!...

ביי טאָג און ביי נאַכט האָט אַרום אים געברילט פון חיות רעות, צווישן די ביימער איז געווען אַ רעשנדיק פליערײַ, לאַ־כערײַ, געיאָגערײַ, ער האָט זיך אָבער נישט אומגעקוקט און ווייטער געלערנט. — אַ פּאָר מאָל איז אים עפּעס געפלויגן איבערן קאָפּ, וואָס אַמאָל נידריקער און נידריקער,

געקלאַפּט מיט די פליגל, עפּעס געקראַקעט, ער האָט אַפילו קיין אויג נישט אויפגעהויבן... מערסטנטיילס איז ער מיט פאַרמאַכטע אויגן געגאַנגען און איינגעגאַנגען איינמאָל — דורך אַ פרעמדע מחשבה, וואָס האָט זיך אים מיט געוואַלד אַריינ־געריסן אינמיטן גמרא אַריין, זיך אָנגעשלאָגן מיטן שטערן אָן אַ בוים. ער האָט זיי אַ צייכן געוויזן. פאַרטאָג נאָר האָט ער געהאַט גובר צו זיין גרויסע מניעות — די פייגעלעך מיט זייער שירה! עס ווערט אַזאַ געשריי, אַ געליאַרם!... נאָר מען איז אים בייגעשטאַנען (ער וואַרפט אַ דאַנקבאַרן בליק צו די תלמידים) און די פייגל־שירה האָט אים נישט שטאַרק מבלבל געווען... אַ פּאָר מאָל האָט זיך עפּעס אַ טייכל פאַר די פיס פאַרוואַלגערט, האָט ער זיך אָפּגעטובלט און אַריבער־געגאַנגען. טיילמאָל האָט ער קיין ערד נישט געפילט אונטער די פיס, נאָר געגאַנגען איז ער — מען האָט'ן אַרויסגעהאָלפן (ווייטער אַ דאַנק די תלמידים מיט אַ ליבלעכן בליק).

איינמאָל איז ער אָבער נישט אַרויס מיט גרויס נצחון...

אין זיבן טעג נאָכן אַרויסגיין פון אָרט... ער איז געקומען צו אַן אָרט, וואו דער וואַלד איז מקטיר זיין קטורת צום רבונו של עולם... עס זענען אַרויסגעפלויגן ריחות, עס האָבן זיך ממש געהוידערט בשמים, זיי האָבן זיך אים איינגעזאַפּט דורך אַלע אברים, און ער איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, דאָס לערנען האָט זיך איבערגעריסן („צי האָט איר גראָד דאַמאָלט נישט מבטל תורה געווען, קינדער“), איין בורא עולם ווייסט, צו וואָס ער וואָלט געקומען, ווען נישט, וואָס עמעצער האָט זיך באַוויזן אין פריצישע קליידער, אויף אַ פערד, און האָט אים דערלאַנגט מיט עפּעס אַ וויכס איבער די אַקסל... דאָס האָט אים אויפגעוועקט...

און אַזוי ווייטער, ביזן שטאָט אַריין.

---

אַז ער איז אָבער געקומען צו דער שטאָט, האָט זיך דער קול ווי איבערגעבראָכן, טיילמאָל הייזעריק געוואָרן. די

אויגן האָבן טרוקן געבּרענט און איבּער די פּרושימס פּנימער איז געלאָפן זיין הייסער אָטעם — —

— טאַקע סדום ועמורה! — קרעכצט דער ראש-ישיבה — פון טיר צו טיר איז ער געגאַנגען — קיין רעכטער ביסן!

רבּנים — רבּונו של עולם — רבּנים! אַרבּעטן מיט דער תּורה, ווי מיט אַ האַק... זיי אַרבּעטן מיט איר טאָג און נאַכט, בּיז זי ווערט שטימפּיק, און זיי שאַרפן זי נישט... פּרעסן אויף חתונות, בּריתן און אַלערליי סעודות און פּסקנען פון „חיי-אָדם״... דער פּראָסטער עולם איז פאַרגרעבּט, קינדער גייען אַרום אָן תּורה, אָן עברי... די בּעלי-בּתּים — רחמנא לצלן — פרעסער און זויפער און וואָכערניקעס... מען טרעט די תּורה מיט די פיס... ווייבּער אין די אייגענע האָר... יונגען גייען אַרום און פייפן, די מיידן לערנען זיך קלעזמער זיין און שפּילן אויף אַלע כּלים...

און ער זאַמלט די זינד און פאַרשרייבּט זיך אין זכּרון, סוף כּל סוף וועט ער גיין אין בּית-המדרש און וועט זיי זאָגן, הייסע סמאָלע וועט ער זיי גיסן אויף די קעפּ...

צולעצט אָבּער האָט ער גאָר אויף אַ מאוסע זאַך געטראָפן...

ער איז אַרויסגעגאַנגען התבּודדות אין גאַס און אויסגעלייגט זיך אין קאָפּ די חטאים, און פון אויבּן בּאַשמירט יעדן חטא מיט זיין עונש אין גיהנום, פּלוצים גיט אים אַ בּליץ פאַר די אויגן... צוועלף ליכטיקע פענסטער מיט אַמאָל... אַ סעודת מצוה צי וואָס?... ער גייט אַריין... אַ וואָלקן רויך, ער זעט גאָרנישט... אַרויסשלאָגט אַ ליכט פון שבעת הימים און איבּעוויינִיק אָן ענן כּבד... עס בּייסט זיך די אויגן... צו וואָס אָבּער געוויינט זיך נישט אַ מענטש?... ער האָט אָנגעהייבּן צו זען...

און דער ראש-ישיבה פאַרבּרעכט די הענט, צעוויינט זיך, ווי אַ קליין קינד און דערציילט, וואָס ער האָט געזען...

געפרעסן און געטרונקען האָבּן זיי, בּיי קליינע און גרויסע טישלעך געזעסן... און זכרים און נקבות צוזאַמען...

און געגעסן אומגעוואַשן, אויפגעשטאַנען אומגעבענטשט...
אויפן אָרט פון תורה – נבול פה געזעדט, און אויף אַלערליי לשונות, וואָס ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, נאָר אין די זינדיקע אויגן געלעזן... חלשותדיקע חצופות מיטן גאַנצן פאַסקודסטווע אינדרויסן האָבן אַרומגעטראָגן שוימענדיקע קופּל ביר, גלעזער ווײַן... דער רויך איז געווען פון פּאַפּיראָסן מיט ציגאַרן, אפילו ווײַבער האָבן גערויכערט, און פון דאַמפּענדיקע מאַכלים — אינדיקעס, גענז, קאַפּהענער און אַנדערע – אודאי עופות טמאים... דאָס האָבן אויך מיידן אַרומגעטראָגן... און איינער גיט זיי אַ קניפּ, דער צווייטער אַ כאַפּ אויף דער שויס, דער דריטער אַ טשמאָקטש אין באַק... רבונו של עולם, רבונו של עולם... ווילסט טאַקע כולו חייב?

און די פרושים האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געזיפצט און דער ראש-ישיבה דערציילט ווייטער:

דערנאָך האָט עפּעס אַ קונצן-מאַכער קונצן געמאַכט, אין לופטן געפלויגן, דורך רייפן, פייער געשלונגען און גלאַט חוזק געמאַכט – אַריבערגעשפרונגען אַ שטרוי וכדומה, און דער עולם לאַכט, קוקט און פּאַטשט מיט די הענט, און זינגט עפּעס אַזוינע פּאַסקודנע שירים. תיפלות רחמנא לצלן...
און דאָס האַרץ וויינט אין מיר... רבונו של עולם, די שיינע קולות, וואָס דאַרפן דיך לויבן, וואָס טוען זיי? און אין דער זייט איז געשטאַנען אַ מין קאַסטן, אַ גרויסער שיינער קאַסטן, אודאי פון פּימסנהאָלץ... און פון פאָרנט זענען געשטאַנען צוויי מנורות, רעכטס אַ מנורה און לינקס אַ מנורה מיט אָנגעצונדענע ליכט... און פלוצים איז איינע, אַ חצופה, צוגעגאַנגען, אָנגעטאָן, ווי אין תכריכים, די ווייסקייט האָט געבלענדט... און זי איז צוגעגאַנגען, געעפנט אַ שטיק קאַסטן און אָנגעהייבן קלאַפּן אין קאַסטן אַריין מיט לאַנגע פינגער, און פון קאַסטן אַרויס האָבן אָנגעהייבן אַרויסצימבלען שדים ורוחות, און עס האָט געצימבלט און געקלונגען, טיילמאָל ממש געדונערט, טיילמאָל האָט עפּעס

אַרויסגעווײנט, ווי אַ נשמה בעט זיך תּקון — — — זע איך שוין, וואָס דאָ טוט זיך, ווי דער כּשוף גייט! לויף איך אין דערמיט אַרײן, כאַפּ אַ בענקל, שפּרינג אַרויף מוסר זאָגן — צושמעטערן..

די שטימע פון ראש ישיבה האָט זיך ווייטער אָפּגעבראָכן, און מיט נאָך אַ גרעסערן געוויין האָט ער צוגעגעבן:

— ווייס איך נישט, צי איך האָב אַ שלעכטן שפּרונג געטאָן — וואָרים ווען שפּרינג איך? — צי איז דאָס בענקל לאָם געווען — — —

אַראָפּגעפאַלן בין איך...

און דאָס גאַנצע גיהנום איז אויפגעשפּרונגען און עס ווערט ווייטער אַ געפּאַטשעריי... די רשעים האָבן געמיינט, עס איז ווייטער אַ קונצנמאַכער, וואָס פאַלט פאַר חוזק וועגן...

איינע פון די חצופות אָבער האָט געזען, אַז עס איז נישט קיין כּשוף מאַכן...

און דער ראש-ישיבה צעגיסט זיך שוין מיט געוויין:

און זי איז צוגעגאַנגען, און האָט מיך אויפגעהייבן, און האָט מיך מיט די פאַסקודנע פינגער בעגלעט איבערן פּנים און האָט מיך מיט אַ פאַסקודנע זינגענדיק פויגל-קול געפרעגט, צי האָב איך מיך, חס-ושלום, נישט עפּעס געטאָן, און אַז איך האָב אַ שיינע באָרד, און אַז אַלטע לייט האָט זי ליב...

און זי האָט מיך, רחמנא לצלן, מטמא געווען, דער מוסר איז מיר פון קאָפּ אַרויס... איך בין אַנטלאָפן אין וואַלד, ש״י טבילות געמאַכט, איך האָב מיך געבאָרעט אפילו מיטן שם, ער זאָל מיך אַריינלאָזן...

און ער וואַרפט אַן אומגליקליכן בליק אויף די תּלמידים:

— אפשר האָט איר פאַר מיר נישט ערנסט מתפּלל געווען?

נאָר די תּלמידים האַלטן אַלע אַראָפּגעלאָזן די קעפּ און שווייגן... די פּנימער זענען געראָטלט, אַ פּנים בושה...

— בין איך צוריק געקומען — ענדיקט דער ראש ישיבה — היינט, קינדערלעך, איז שפּעט... וועלן מיר גיין שלאָפן

אין די היילן. מאָרגן, נאָר מאָרגן פֿאַרטאָג וועל איך אייך וועקן — אַהין גיין וועל איך שוין נישט, ניין — צו דעם דאַרף מען פֿאַרצייטיקע צדיקים... נאָר דאָ וועלן מיר מאַכן תקונים, סגופֿין... תפֿלות... מויערן וועלן מיר ברעכן..

---

צומאָרגנס אָבער איז אויסער דעם ראש-ישיבה שוין קיינער נישט געווען...

אומזיסט האָט ער גערופֿן און געוועקט... דער עולם איז בייַנאַכט אין שטאָט אַריין..

און אַזוי איז די ישיבה בטל געוואָרן..

עס קאָן, חס-ושלום, בלייבן ביי אונז כולו חייב....

---

# דער חשוב ביים קאַנאָניק

חשיבות איז דאָך אַ גרויסע זאַך.

דער רבונו של עולם באַשאַפט די רפואה פאַר דער מכה: האָט ער באַשאַפן גלות, האָט ער באַשאַפן די מטבע, וואָס פאַרגרינגערט דעם גלות און האָט צובאַשאַפן חשיבות, וואָס העלפט אפילו ביי אַ נקי כפים.

נושא חן דאַרף מען זיין!

אָט מיין מאַמע, עליה השלום, האָט נושא חן געווען ביי אונזער קאַנאָניק... פון אייביק אָן האָבן מענטשן מיילער, האָבן זיי גערעדט. יידישע מיילער וועט קיינער נישט פאַרשטאָפן, נאָר אַזאַ יאָר זאָל איך האָבן, סאַרא כשרע יידענע מיין מאַמע איז געווען...

און וואס איז אַרויסגעקומען פון חשיבות?

ערשטנס פּרנסה: צום קלויסטער, וואו דער קאַנאָניק איז קאַנאָניק, געהערן ביי אונז צוועלף געוועלבער, האָט די מאַמע, עליה השלום, געהאַלטן איין געוועלב פאַר זיך, און עלף האָט זי פאַרדונגען, און האָט, פאַרשטייט זיך, דערצו נישט צוגעלייגט. היינט, זייט די מאַמע, עליה השלום, איז נפטר געוואָרן, האַלט איך די געוועלבער!

און איך טו אויך אַזוי: איינס האַלט איך פאַר זיך, עלף פאַרדינג איך.

פאַרשטייט זיך, אַז דער עולם שוויגט נישט: יאָר ביי יאָר, אַז עס קומט פאַר יאָהאַנע, באַוואַרפט מען דעם קאַנאָניק מיט בריף, מיט הוספות, נאָר ער ענטפערט נישט קיינעם. אַז מען קומט צו אים אהיים, אָדער, אַז מען פאַלט צו אים צו אין גאַס – אַ פּראָסטער מענטש איז ער – לאָזט ער צו זיך

רעדן — ענטפערט ער: פּאַרפּאַלן; דבורהס זון האָט שוין אַ „הייזאָווקע״ — מיין מאַמע, עליה השלום, האָט געהייסן דבורה רחל, זאָגט ער בקצור דבורה, און „הייזאָווקע״ איז אונזער „חזקה״; אַז זיי נעמען ביי אונז אַ וואָרט, מאַכן זיי דערפון קוידערניש!

מען האָט אַפילו פּרובירט אונטערמסרן, שרייבן צום ביסקופּ, איז אָבער ביי זיי, להבדיל, אחדות, ענטפערט דער ביסקופּ אַ וואָרט און שיקט אָפּ צום קאַנאָניק!

מען האָט נאָך דערנאָך געפּרובט אונטערהעצן די „מיעשטשאַנעס״. היות, דער קאַנאָניק מאַכט בדיל הדל דעם קלויסטער, און מען האָט אויך נישט געפּועלט. ביי זי, אַז מען איז, איז מען, מישט זיך נישט ווער עס וויל אין רעליגיעזע זאַכן, ווען מען הייסט מאַכן חאָגע, איז חאָגע, און וואָס דער קאַנאָניק טוט, קומט אים אַ קוש אין האַנט אַריין.

אונזערס אַ רב, להבדיל אלף אלפי הבדלות, וואָלט עס געדאַרפט טון! מען וואָלט אים אָן באָרד און פּאות אַוועקגעשיקט, וואו דער פּעפער וואַקסט!

באַ! זאָל ער פּרובן האַלטן אַזאַ גאָספּאָדיניע, ווי מיין קאַנאָניק האַלט!

הכלל, מען האָט פּרנסה!

נאָר פּרנסה איז נישט דער עיקר. קודם כל איז פּרנסה אַ גאָט זאַך, און וואָס טו איך, אַז דער קאַנאָניק גייט אַוועק פון דער וועלט? ער איז אַ זיבציקער און אפשר אַן אַכציקער. נו, מיינט איר די וועלט וועט אונטערגיין? איך האָב נאָך אַזויפיל בטחון אין זיין ליבן נאָמען, אַז איך וועל אַפילו קיין איבריקן קרעכץ נישט געבן — דער עיקר איז, די טובה, וואָס מען קאָן אַמאָל טון אַ ייד, אַז מען איז אַ חשוב!

אויסרעכענען די טובות, וואָס איך האָב געטאָן דער שטאָט און אַזוי איינצעלנע בעלי־בתים ביי מיין קאַנאָניק, בין איך נישט אימשטאַנד, און בטבע האָב איך מיך פיינט צו באַרימען, נאָר פון איין טובה מוז איך אייך דערציילן, ווייל עס האָט שוין אָנגערירט גאָר טיף, גאָר טיף!

## און הערט, וואָס עס קאָן זיך טרעפֿן:

---

אַ יידענע האָב איך, זאָל זי געזונט און שטאַרק זיין, איז זי באמת אַ גרויסע חכמה, טאַקע קלוג, ווי דער טאָג. עס איז דאָך נאַריש, אין די אויגן אַריין וועל איך איר דאָס נישט זאָגן; אין די אויגן אַריין, ווער שמועסט אויב עמעץ איז דערביי, בין איך דער מאַנספּאַרשוין, האַלט זי דאָס מויל! איך האָב פיינט, אַז אַ יידענע גייט אין ספּאָדיק! נאָר איך מעג דאָך אייך זאָגן: זי וועט נאָך צען מאַנספּאַרשוינען אַריינגנאַרן אין זאַק אַריין!

אַ שפּאַס, מיין טרייגע ביילע!

שטייען מיר, איך און טרייגע ביילע, אַזוי אין געוועלב; אַ זומער-טאָג איז עס געוועזן. ליידן אין שניט-צייט האָט זיך נישט געלייזט, מען זעט נישט קיין פויער פאַר אַ מיליאָן, — שטייען מיר אַזוי און קוקן ביידע אין גאַס אַריין, קעגנאיבער צום קאַנאָניקס הויז.

פלוצים כאַפּט מיך טרייגע ביילע אָן ביי דער האַנט.

— הערסטו — זאָגט זי — משה, ביים קאַנאָניק איז נישט פּשוט! דאָרט טוט זיך עפּעס.

— וואָס איז?

— ערשטנס, — זאָגט זי — זענען די פאָרהאַנגען אַראָפּ־געלאָזט.

זאָג איך: פאַר דער זון.

זאָגט זי: ניין, נעכטן איז אויך אַ הייסער טאָג געוועזן און די פאָרהאַנגען זענען געוועזן צעשפּרייט, מען האָט געקאָנט זען, ווי די דיקע גאָספּאָדיניע איז אַרומגעגאַנגען באָרוועס און האָט זיך געפאָכעט און געפּאָכעט.

— און די פענסטער — זאָגט זי — זענען פאַרמאַכט.

זאָג איך: פאַרן שטויב.

— נעכטן — זאָגט זי אָבער — איז אַ גרעסערער שטויב געוועזן, און די פענסטער זענען געשטאַנען אָפן!

— הכלל, וואָס איז?

האָט זי אָבער, מיין טריינע ביילע, נאָך געזען, ווי וואָס אַמאָל באַווייזט זיך די גאָספּאָדיניע אויף דער שוועל, האַלט הינטער זיך די טיר, קוקט זיך אום אין אַלע זייטן און ווערט צוריק פאַרשוואונדן.

— זי ווערט אודאי אויף געסט — זאָג איך.

זאָגט זי: ניין, עס שטעקט עפּעס דערינען!

זאָג איך איר: עט, וואָס אַ נאַרישער יידענע פאַלט איין!

פונדעסטוועגן גיי איך צו צו דער טיר פון געוועלב, שטעל מיך אויף דער שוועל, די גאָספּאָדיניע באַווייזט זיך, כאַפּ איך אַראָפּ די כובע, שריי איר אַריבער „גוט מאָרגן", פאַרשטייט זיך, אויף פּויליש, און זי ענטפערט מיר נישט קיין וואָרט, פאַרשווינדט און פראַלט צו די טיר.

טוט עס מיר שוין אַ פּיק אין האַרץ; טריינע ביילע, אַפּנים, איז גערעכט.

איזן איז זי בטבע אַ שטילע, דרך ארץ פאַר אַ מאַן האָט זי, ענטפערן וועט זי נישט, נאָר גערעכט, זע איך שוין, איז זי.

טוט מיר שוין באַנג, וואָס איך האָב איר געזאָגט נאַרישע יידענע, צי אפשר שלימזלניצע, איך געדענק שוין אַליין נישט וואָס; נאָר מילא, איך וועל מיך דאָך נישט גיין פאַרענטפערן פאַר אַ יידענע, הייב איך מיך אויף און גיי אין גאַס אַריין.

אפשר, קלער איך, ווייס מען עפּעס אין גאַס.

אין איינוועגס רינגל איך אַרום דעם קאַנאָניקס הויז און דערזע, אַז אויף יענער זייט, ביי דער קיך, שטייט אַ פור. די פערד זענען פאַרשוויצט, ווי פון אַ שווערן וועג, שטייען אונטער דערעס און קייען פריש היי.

דערקען איך די פערד. דאָס זענען דעם וואָלקאָוויסקער — אַ דאָרף ביי אונז — דעם וואָלקאָוויסקער שרייבערס פערד.

דער שרייבער קומט אָפט אין שטאָט אַריין, פאַרפאָרט צו מיר און קויפט סחורה (אַ צאָלער איז ער אויף אַלע שונאים

געזאָגט !) ; טיילמאָל קומט ער צום קאַנאָניק און ברענגט אים מתנות : אייער , פּוטער , הינער , אינדיקעס און גענז . אַמאָל האָזן אויך , — דער שרייבער גייט אויף „פּאָלאָוואַניע !״.

נו , הכלל — איז ער היינט פאַרפאָרן צום קאַנאָניק , האָט ער מתנות געבראַכט , נו , וואָס זשע איז דער סוד ? וואָס הענגען אַראָפּגעלאָזט די פאָרהאַנגען און וואָס איז די גאָספּאָדיניע אַזוי פאַר מיר אַנטלאָפן ?

שטעל איך מיך אָפּ און וואַרט אויפן שמייסער .

קומט ער אַרויס פון קיך , ווישט זיך מיטן אַרבל דאָס מויל . אודאי נאָך אַ פּעט שטיקל כשר פלייש , ווי דען ! און איך פרעג אים : יאַנטעק , וואָס טוסטו דאָ ?

איך קען אים , דעם יאַנטעקן . אַז דער שרייבער קויפט און גייט אַרויס אויף דער פור , באַקומט ער אַ טרונק בראָנפן , צי אַזוי אַ מטבע !

היינט פאַרריקט יאַנטעק די כובע . ער האָט גאָר קיין צייט נישט צו מיר !

איך לאָז מיך פאָרט אַריין מיט אים אין אַ שמועס .

— וואָס האָט איר געבראַכט דעם גלח ?

שווייגט ער .

— אַ מתנה ?

ער שווייגט .

— אייער , אינדיקעס , האָזן , פּוטער ?

יאַנטעק שווייגט און דרייט זיך אַוועק .

אינמיטן ווערט ער גאָר בייז און כאַפּט די בייטש .

— גייסט נישט אַוועק ? — מאַכט ער .

עס פאַרדריסט מיך אַפילו , איך זאָל נישט קענען אויסנאַרן ביים „חמיל״ , וואָס איך דאַרף ; נאָר וואָס זאָל איך טון ? קעגן אַ בייטש און אַ הונט בין איך קיין בריה נישט !

לאָז איך מיך טאַקע אין גאַס .

טרעף איך דעם וואָלקאָווישקער שרייבער אַרויסגיין פון אַ טראַקטיר .

ער וואַקלט זיך אַביסל. אָט, אָט, טראַכט איך, פאַלט ער, דער דראָנג; ער איז טאַקע הויך און דאַר, ווי אַ דראָנג... און די אויגעלעך, ווי מאַנדעלעך זענען שטאַרק פאַרלאָפן.

הייב איך פאַר אים אָפּ דאָס היטל און פרעג, צי ער האָט געבראַכט דעם קאַנאָניק אַ שיינע מתנה.

זאָגט ער: זייער אַ שיינע.

און שמייכלט זייער גנביש: זייער אַ שיינע!!

פרעג איך אים: וואָס? צום עסן?

זאָגט ער: ניין!

צום טרינקען?

לאַכט ער ווייטער: ניין!

זאָג איך: עפּעס אַריינצושטעלן אין שטוב אַריין?

קוקט ער מיך ווייטער אָן פון אויבן ביז אַראָפּ.

– יאָ, – זאָגט ער – אין שטוב, נאָר עס מוז נישט שטיין. אַמאָל, בפרט ביינאַכט, ליגט עס.

און צעלאַכט זיך מיט אַ געלעכטער:

— אוי, ביסטו אַ נאַר, שמואליק!

מילא, לויף איך צוריק צו זוגתי אין געוועלב און דערציייל איר אַלץ, מלה במלה.

ווערט זי רויט און בלאַס און גיט אַ פרעג:

– לייבל וואָלקאָוויסקער האָט אַ טאָכטער?

– דאַכט זיך – זאָג איך – יאָ!

גיט זי אַ געשריי: איז זי ביים קאַנאָניק!

און אַזוי ווי זי שרייט אַרויס, רירט מען דעם פאָרהאַנג ביים קאַנאָניקס פענסטער, און איך דערזע מיט מיינע אייגענע אויגן אַ שאָטן פון אַ נקבה, וואָס דרייט זיך אַרום אין שטוב.

און איך בין זיכער, אַז עס איז נישט די גאָספּאָדיניע!

ערשטנס, איז דער שאָטן אַ דינער געווען; צווייטנס, טראָגט די גאָספּאָדיניע שטענדיק אַ טיכל אויפן קאָפּ, און דאָ האָב איך דערזען בלויזע האָר.

אַז בלויזע האָר איז עס דאָך אַ מיידל, און ווייסן

ווייס איך, אַז לייבל וואָלקאָוויסקער האָט פון ערשטן ווייב אַ מיידל חתונה צו מאַכן — ווערט מיר טאַקע פינסטער אין די אויגן! ערשטנס, לייבל, נעבעך, אַ גוטער פריינד, אפילו אַ שטיקל קרוב, צווייטנס — אַ יידישע נשמה.

לויף איך גלייך צו שמעלקען דעם אייער־הענדלער.

— האָט איר נישט ביי זיך אַ טרינק בראָנפן?

— לחיים, לחיים!

עס איז מיר שוין טרוקן געוואָרן אין האַלז.

יאָ, וואו האַלט איך?

בין איך געלאָפן צו שמעלקע אייער־הענדלער.

שמעלקע אייער־הענדלער קענט איר דאָך אודאי, כל מום־רע איז ער, דער שמעלקע, אַ זולל וסובא, אַ שטיקל מסר דערצו און איז שוין דריי מאָל געזעסן, נאָר דאָס ווייב זיינס, שפרינצע ביילע, איז אַן אַמתע אשה צנועה, טאַקע אַ כשרע יידענע און ליידט זיך פון אים אָן צרות צרורות... אַ גיהנום האָט זי ביי אים.

און די שפרינצע ביילע איז מיין ווייבס אַ „שמעלקע שבשמעלקע", און לייבל וואָלקאָוויסקער גאָר אַ נאָענטע קרובה, אַ שני בשלישי, דאַכט זיך. פון וואַנען דען, מיינט איר, קומט מיין משפחהשאַפט מיט לייבל וואָלקאָוויסקער?

קלער איך, אַז אייב עס איז עפּעס, מוז מען שוין ביי שמעלקען וויסן.

וכך הוה. עס איז שוין אַ שליח מיוחד געוועזן! מילא, שמעלקע איז דאָך שמעלקע, זיצט ער זיךביים טיש און טרינקט טיי, נאָר אַ פּנים האָט ער געהאַט, אויף אַלע שונאי־ציון. שפרינצע ביילע אָבער, טאַקע שענערע לייגט מען אין קבר אַריין! נאָר חלשן וויל זי! און איך האָב איר נישט וואָס פאַראיבל צו האָבן. מען האָט אַ זון צו דער חופּה, אַ מיידל וואַקסט אויך אונטער, נאָכן מיידל גייען ווייטער יינגלעך! איז ווייניק „יחוס עצמי" פון שמעלקען, דאַרף זיך נאָך טרעפן אַזאַ מעשה!

און אַז שמעלקע דערזעט מיך, שפרינגט ער אויף:

— הערסט, — זאָגט ער, און אַ קול האָט ער ווי פון גרוב אַרויס — הערסט, גיי צום קאַנאָניק, זאָל ער זי אַרויסלאָזן!

עס איז לייכט צו זאָגן: גיי צום קאַנאָניק, ווי אַזוי גייט מען, אַז מען פאַרהאַמערט זיך?

— איך גיב אַ הונדערטער אויפן קלויסטער! — שרייט שמעלקע.

— מילא, — טראַכט איך, — איך וועל פּרובן.

— נאָר שטיל — זאָגט ער.

שטיל איז שטיל, איך וועל אפילו בייטאָג נישט אַרייַנגיין.

איך לאָז מיך אין בית-המדרש אַריין, לערן מיר אַ פּרק משניות, און דאַוון מיר אָפּ מנחה און פאַר מעריב לאָז איך מיך צום קאַנאָניק.

אויפן וועג טרעט איך אָפּ אין געוועלב, נעם אונטער דער פּאָלע אַ טערקיש טוך — נהרג ווערט זי דעם קאַנאָניקס גאָספּאָדיניע פאַר אַ טערקיש טוך — און גיי!

איך געדענק אפילו נישט, צי איז דאָס מיין איינפאַל געווען מיטן טערקישן טוך, צי טרייַנע ביילעס. נאָר געטראָפן מיטן טוך האָב איך.

ביי דער שוועל האָט זי מיך געוואָלט פאַרהאַלטן.

„דער קאַנאָניק איז נישט אין דער היים.“

זאָג איך: איך האָב אים יאָ געזען דורכן פענסטער.

זאָגט זי: ער איז מיד.

זאָג איך: אויף מיין וואָרט, אַ נויטיק געשעפט! און ווייז איר דאָס טערקישע טוך.

לאָזט זי אַריין.

דער קאַנאָניק איז זיך געזעסן אין דער ערשטער שטוב ביים טיש, מיט אַ לאַנגער אַנטיפּקע אין מויל און האָט זיך געזופּט טיי; און דער קאָפּ זיינער שאָקלט זיך אים אַזוי און שאָקלט זיך, און ער הערט נישט, אַז איך בין אַרייַנגעקומען.

זאָג איך אים: גוט נאָווענט!

דרייט ער זיך איבער און זאָגט: גוט יאָר, מיין קינד!

אַזוי איז ביי זיי דער מנהג, יעדער גלח איז אַ פּאָטער

און אַלע פֿון זיין קלויסטער זענען זיינע זין, אַי וואָס גאָרנישט, זון זאָל זיין זון.

בעט ער מיך זיצן און שמייכלט.

— ווילסט זי אַרויסנעמען?

איך זאָג אייך, אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פֿון האַרצן. איך האָב מיר געבראָכן דעם קאָפּ און אפילו זיך מתיעץ געווען מיט טריינע ביילן, פֿון וואָס מען הייבט אָן, פֿון פּרנסה צי פֿון פּאָליטיק און ווי אַזוי מען שלאָגט זיך דערנאָך צו צום עסק און ער פּשוט: ווילסט זי אַרויסנעמען? פֿרעגט ער.

— מן-הסתּם, זאָג איך, יאָ.

און בין נאָך מטעים די זאַך, אַז איך האַלט אים פֿאַר אַ קלוגן, וואָס גלויבט נישט אין די אַלע נאַרישקייטן... און וואָס דאַרף ער אויף דער עלטער, מיט איין פֿוס אין קבֿר אַריין, צו טון לייבל וואָלקאָוויסקער אַזאַ עוולה! און דאָס מיידל, זאָג איך אים, וועט אויך אודאי חרטה האָבן, און לאָז מיך אַריין אין אַ שמועס, אַז אַלע האָבן דאָך איין גאָט, נאָך וואָס, נאָך ווען? וכדומה. גלעט ער מיך מיט אַ שמייכל איבערן היטל און ווייזט מיר אָן אויף דער טיר אין דער צווייטער שטוב אַריין, דאָס הייסט, גיי, רעד מיט איר.

פֿרעג איך פֿונדעסטוועגן: מעג איך?

שאָקלט ער מיטן קאָפּ אויף יאָ.

און אייב זי וועט באַשטיין — זאָגט ער — גנבֿע זי ביינאַכט אַרויס. נאָר שטיל! עס זאָל הייסן, זי איז אַנטלאָפֿן! וואָרים די מיעשצאַנעס וועלן דיך צערייסן.

און איך הער אים מיט איין אויער. איך שטיי שוין אויף דער שוועל, און איידער איך עפֿן די טיר, טראַכט איך מיר:

רבונו של עולם, זיי דו מיט מיין צונג! לערן דו מיר, וואָס צו זאָגן, איך זאָל טרעפֿן צו איר האַרץ!

און ווי איך טראַכט אַזוי, קריג איך פּלוצים אַ גרויסן בטחון. אַז פֿריער גאָט און דערנאָכדעם איך, וועל זי ראַטעווען און איך גיב אַן עפֿן אויף די טיר, און ווי זי דערזעט מיך

גיט זי אַ געשריי: גוואַלד! אַז די פּיס האָבן אָנגעהייבן אונטער מיר צו ציטערן!

איך מאַך מיר אָבער נישט דערפון און גיי גלייך צו איר צו.

---

די טיר האָב איך הינטער זיך פאַרמאַכט; וואָס דאַרף ער דאָרט צוהערן, וואָס איך וועל איר זאָגן? טאָמער וועל איך רעדן אויף זיין אמונה.

און צו איר ווינק איך: שאַ, שאַ!

— איך וועל דיר, זאָג איך, חס ושלום, גאָרנישט טון! עס וועט דיר, חס ושלום, קיין האָר נישט געקרימט ווערן!

זעט זי דאָך, אַז איך רעד מיט איר ווייכע דבורים, און קיין פּנים פון קיין גזלן האָב איך אויך נישט, פאַרשווייגט זי און זעצט זיך אַוועק. קוק איך אַזוי אויף איר, אַ מיידל פון אַ יאָר זעכצן-זיבעצן, מילך און בלוט, און זי זיצט אַזוי פאַר מיר און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און פינטלט, זע איך מיט די אויגן, און האַלט זיך איין מיט אַלע כּוחות נישט אַרויסצולאָזן קיין געוויין.

„סימן טוב ומזל טוב", טראַכט איך מיר. איך וויל דאָך אָבער דאָך וויסן, אין וואָס עס גייט, הייב איך ווייטער אָן מיט ווייכע דבורים.

איך בין דיינס אַ קרוב, זאָג איך, דיינס אַ נאָנטער קרוב (פאַר אַזאַ ליגן וועט מען מיך אויף יענער וועלט נישט הענגען ביי דער צונג), האָב איך, זאָג איך, טאַקע רחמנות אויף דיר.

אַ יונג מיידל, זאָג איך, אַ נאַריש מיידל, פאַלט איר עפּעס איין, טוט זי, דערנאָך רייסט מען פון זיך שטיקער.

הייבט זי אויף מיר די אויגן מיט אַזאַ מין צער, מיט אַזאַ פּחדיקן צער, אַז עס נעמט מיך ביים האַרץ.

וואָס קאָן דאָס זיין? קלער איך.

— צי גלויבסטו טאַקע, אַז יענץ איז בעסער?

שאָקלט זי דעם קאָפּ אויף ניין.

– האָסטו זיך, חס ושלום, אין איינעם פון זיי פאַרליבט?
היינטיקע צייטן, טראַכט איך, איין ייד אין דאָרף
ווייטער ניין.
– מען האָט דיך אַרויסגעגנבעט?
– אויך נישט.
– וואָס דען?
וויינט זי בדמעות שליש, און דערציילט מיר אַזאַ מעשה
אַ שלעכטע שטיף־מאַמע האָט זי.
צרות צרורות האָט זי פון איר.
קיין גלייך וואָרט האָט זי נאָך נישט געהאַט פון איר.
און דאָס ברויט האָט זי באַהאַלטן, פאַרשלאָסן דאָס ברויט
און דאָס מיידל האָט געהונגערט! און לייבל – גאָרנישט!
וואו זענען זיינע אויגן געווען, ווייס איך נישט!
אַ כלה־מיידל, האָט מען זי געלאָזט אַרומגיין נאַקעט און
באָרוועס, קיין פריש העמד אויף שבת נישט אַרויסגעגעבן!
סוכות, פסח – פאַר קיין גראָשן נישט געמאַכט.
און וועגן אַ תכלית קלערט מען גאָרנישט.
צוויי זין און אַ טאָכטער האָט ער חתונה געמאַכט:
לייבל איז, קיין עין הרע, אַ ייד אַן עושר, געגעבן צו
טויזנט רובל נדן, לייטישע חתונה־קליידער געמאַכט – נאָר
דאַמאָלט האָט נאָך אַ מאַמע געלעבט! היינט דערציילט זי,
נעבעך, אַז עס קומט אַ שדכן, – דער פאָטער איז פאַריאָגט
שטענדיק אויף פערד און ביטקע – שאַפּט אים די שטיף־מוטער
אָפּ מיט גאָרנישט! גיט אים אַ טרונק בראָנפן און גיי ווייטער!
איינמאָל האָט זיך געטראָפן אַזאַ מעשה:
די שטיף־מאַמע האָט איר דערלאַנגט אין באַק.
איין מאָל און דאָס צווייטע מאָל, אַ פאַרביטערט האַרץ האָט
דאָס מיידל געהאַט, האָט זי איר אָפּדערלאַנגט.
ביינאַכט, אַז לייבל איז אַהיימגעקומען, אויסגעהערט פון
דער שטיף־מאַמע די מעשה פון איר צד, אַזוי ווי זי האָט
דערציילט; דאָס מיידל איז שוין געלעגן אין בעט, פרעגט
ער זי נישט איבער, רעדט נישט קיין וואָרט, גייט צו דער

שוועל, טוט אויס אַ שטיוול, גייט צו צום מיידלס בעט און הייבט אָן שלאָגן! און נישט מיט דער כאַליעווע, נאָר דוקא מיט דער צווייטער זייט, און וואו ער האָט געטראָפן.

דאָס מיידל האָט עס איבערגעקרענקט.

און אַז זי האָט דערזען, אַז דער פאָטער האָט אויך אויף איר קיין רחמנות נישט, וועגן אַ תכלית קלערט מען נישט, איז איר איינגעפאַלן — שמדן זיך! פאַרטרויט האָט זי זיך פאַרן שרייבער, וואָס פלעגט אַריינקומען צו לייבן, און ער האָט זי אַהערגעבראַכט.

און אַזוי רעדנדיק, פאַלט איר אַרונטער דער קאָפּ, עס ווערט איר, לא עליכם, נישט גוט, זי הייבט אָן חלשן...

וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? אַז זי האָט פון נעכטן נישט געגעסן! דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז זי איז נאָך נישט פאַרפאַלן, אַז גאָט קאָן איר נאָך העלפן, און זי האָט נישט טועם געווען נישט ביים שרייבער, נישט ביים קאַנאָניק, קיין פּת־עכו"ם, אַפילו קיין ביסל וואַרעמע וואַסער אין מויל נישט געהאַט

ברענג איך איר אַ גלאָז וואַסער.

מילא — זע איך דאָך מיט וועמען איך האָב צו טון, מיט אַ כשר קינד! אַ יידישע טאָכטער, זי זוכט, נעבעך, אַ תכלית — גיב איך איר מיין ערלעך וואָרט און שווער איר ביי די ציצית, אַז אייב זי וועט זיך לאָזן אַרויסנעמען, מאַכט מען איר חתונה כיד המלך.

פאַלט זי מיר צו די פיס און הייבט מיר אָן קושן די שיך.

---

פון וואַנען, מיינט איר, פאָר איך אַצינד?

פון מיידלס תנאים.

באותו הלילה האָט מען דאָס מיידל אַרויסגעצויגן דורך אַ פענסטער; איך האָב זי גלייך אָפּגעפירט צו שפּרינצע ביילען, לייבל מיט זוגתו זענען דאָרט געווען.

וואָס זאָל איך אייך זאָגן?

האָט דער ייד געטאַנצט פאַר שמחה! האָט דער ייד געגאָסן מיט הייסע טרערן פאַר פרייד, האָט די שטיף-מאַמע געכאַפּט דאָס מיידל און געהאַלזט און געקושט און טויזנטער מאָל די הענט איר געקושט, און שפּרינצעביילע האָט אָפּגעקאָכט אַ וועטשערע, אָבער אַ וועטשערע!

וואָס זאָל איך אייך זאָגן — שמחת בית השואבה!

און וואָרט האָב איך געהאַלטן.

באותו הלילה האָט לייבל איינגעלייגט ביי מיר אַ שטר חוב קוויטל אויף צוויי טויזנט קאַרבוינים, צוזאַמען נדן מיט הוצאות החתונה, און בגדים, ווי עס דאַרף צו זיין, צוגעזאָגט קעסט. די שטיף-מאַמע האָט אַוועקגעגעבן איר גאַנצע צירונג, שמעלקע האָט איינגעלייגט ביי מיר הונדערט רובל, וואָס ער האָט געוואָלט געבן אויף ווייס איך וואָס, פאַר דער כלה דרשה־געשאַנק. —

און מען איז אַהיים געפאָרן — איין לעבן. —

און היינט זענען די תנאים געוועז, שיינע תנאים, אַן אמתע שמחה! און אַ וואוילער חתן!

פאַרשטייט זיך פון ווייט, פון טיף רוסלאַנד ערגעץ; נאָר אַ יונג מיט ביינער, אַ בן תורה אַפילו — טריינע ביילע און שפּרינצע ביילע (זיי הייסן ביידע נאָך איין באָבען) האָבן זיך נישט מיט וואָס צו שעמען.

אפילו איך, ברוך השם, אויך נישט.

און דאָס אַלץ האָט געמאַכט, וואָס? חשיבות ביים קאַנאָניק! אַן אַנדערן וואָלט ער ריק און לענד געבראָכן.

און ווייסט איר, וואָס איך וועל טון?

איך האָב מיר אַ נדר געטאָן, איך קום אַהיים, גיי איך נישט אין שטוב אַריין, און פאָר מיר גלייך מיט דער דראָשקע דורך דעם מאַרק, מיין טריינע ביילע קוקט מיך אַוודאי אויס און וועט מאַכן גרויסע אויגן, מאַכט נישט אויס! איך וועל גלייך

פאַרפאָרן צום בית עולם, גיין אויף דער מאַמע, עליה השלומס, קבר, און אָנזאָגן איר די בשורה, אַז ביי לייבלס טאָכטער איז תנאים געוועזן!

און עס קומט איר! פריער גאָט און דערנאָך איר זכות... ווען נישט זי, וואָלט איך אפשר געהאַט אַזאַ דעה ביים קאַנאָניק, ווי איר.

---

# אַ קלעזמער טויט

אַ סקעלעט ליגט אין בעט. אַ סקעלעט איבערגעצויגן מיט אַ געלער, דאַרער, טרוקענער הויט; מיכל כלי־זמר שטאַרבט אַוועק. נעבן אים אויף אַ קאַסטן זיצט מירל, זיין ווייב, מיט געשוואָלענע אויגן פאַר געוויין. אין ענגן שטיבל זענען צעשפּרייט זייערע אַכט זין, אַלע — כלי־זמר. שטיל, קיינער רעדט נישט צום צווייטן; עס איז נישטאָ פון וואָס צו רעדן. דער דאָקטאָר האָט שוין לאַנג אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, דער רופא אויך. אַפילו ראובן פון הקדש, דער אמתער מומחה, האָט אויך געהייסן שרייבן דריי פּ׳ען... קיין ירושה וועט נישט זיין, די חברה קדישא וועט געבן תכריכים און אַ קבר, די חברה נושאים — וועט נאָך צוגעבן אַ טרינק בראָנפן... אַלץ איז אָפן און דייטלעך, נישטאָ פון וואָס צו רעדן. איין מירל וויל נישט זיך אונטערגעבן!... זי האָט נאָך אַלעם ערשט אויפס ניי גאָר געוואַלדיק איינגעריסן די שול. ציינד קומט זי ערשט פון קברים־מעסטן. זי האַלט זיך אירס — „ער שטאַרבט דורך די קינדערס זינד. זיי זענען נישט פרום, הולטאַיען, דעריבער נעמט זיי גאָט, ב״ה, דעם טאַטען צו״... „די קאַפּעליע פאַרלירט די קרוין; עס וועט שוין קיין שום חתונה קיין פּנים נישט האָבן, עס וועט ביי קיין ייד שוין קיין אמתע שמחה נישט זיין״.

גאָטס רחמנות איז דאָך גרויס. מען דאַרף שרייען, בעטן, וועקן! און זיי, די קינדער, די קלעזמער־יונגען, „האָבן גאָר קיין רחמנות נישט, גייען אָן לייבצודעקלעך״... ווען נישט די גרויסע זינד, האָט זי אַ פּעטער — אַ שוחט אין הימל; ער מוז דאָרטן זיין גאָר דאָס אייבערשטע פון שטייטל, ער וואָלט איר נישט אָפּגעזאָגט! ביים לעבן, זכרונו

לברכה, פלעגט ער זי שטענדיק גלעטן... ער איז איר אַוודאי היינט אויך נישט שלעכט. ער וואָלט זיך געמיט, ער וואָלט אַלץ געטאָן... נאָר די זינד — שרייט זי — די זינד! „מען פאָרט אויף גוישע בעלער, מען עסט דאָרט ברויט מיט פוטער, גאָט ווייסט וואָס נאָך!... אָן ארבע כנפות... ער וועט דאָך נישט דורכברעכן קיין מויער... ער טוט אַוודאי זיינס... אוי, די זינד, די זינד!"

די זין ענטפערן נישט, זיי קוקן אַראָפּ אויף דער ערד; יעדער אין זיין ווינקעלע.

— עס איז נאָך צייט! — כליפּעט זי, — קינדער! קינדער! געוואַלט, קינדער! תשובה טוט!

מירל, מירל, — רופט זיך אָן דער קראַנקער, לאָז געמאַך, מירל, עס איז שוין פאַרפאַלן, איך האָב שוין מיינס אָפּגעשפּילט, מירל. הער אויף, מירל, איך וויל שטאַרבן!

מירל ווערט אונטערגעצונדן!

— „אַ רעכטע, שיינע, ריינע!... שטאַרבן וויל ער, שטאַרבן! און יעך, און מעך... ניין, איך וועל דיך נישט לאָזן שטאַרבן, דו מוזט לעבן... דו מוזט... איך וועל אַזוי שרייען, אַז עס וועט נישט קאָנען קומען צו יציאת נשמה!" עס זעט אויס, אַז אין מירלס האַרץ האָט זיך געעפנט אַן אַלטע, נישט פאַרהיילטע וואונד.

לאָז געמאַך, מירל, — בעט זיך דער קראַנקער — מיר האָבן זיך ביידע שוין גענוג אָנגעשאָלטן ביים לעבן... גענוג... פאַרן טויט פאַסט נישט אַזוינס... אוי, מירל, מירל, איך האָב געזינדיקט, דו האָסט געזינדיקט... נאָר אַן עק!... שוויג בעסער! איך פיל כסדר, ווי דער קאַלטער טויט קריכט מיר אַרויף פון די שפּיץ פינגער פון די פיס ביז צום האַרץ, עס שטאַרבט אַ צאָל נאָך אַ צאָל... שריי נישט, מירל... עס איז גלייכער אַזוי!

— ווייל דו ווילסט מייַנער פּטור ווערן, — פאַלט אַריין מירל אין די רייד, — אוי, דו האָסט שטענדיק געוואָלט פּטור ווערן, — וויינט זי ביטער — שטענדיק! די שוואַרצע פּעשע

איז דיר נאָר געלעגן אין האַרץ... דו האָסט שטענדיק געזאָגט, אַז דו ווילסט שטאַרבן... ווי צו מיינע יאָר... ער טוט אַפילו צינד קיין תשובה נישט... אַפילו צינד... צינד...

— נישט נאָר די שוואַרצע פּעשע, — שמייכלט ביטערלעך דער קראַנקער, — עס זענען אַסך שוואַרצע פּעשעס געווען, און ווייסע אויך, און געלע אויך... נאָר דיך, מירל, האָב איך קיינמאָל נישט געוואָלט פּטור ווערן... אַ מויד איז אַ מויד, דאָס איז שוין אַ קלעזמערישע זאַך... עס ציט ווי אַ בלאָטער, עס איז עפּעס אַ מין טשעקאַוואָסטש... אַ ווייב איז דאָך אַ ווייב! דאָס זענען צוויי גאָר אַנדערע זאַכן... געדענקסט, אַז די שוואַרצע פּעשע האָט דיר גערעדט אַ שלעכט וואָרט, האָב איך זי אינמיטן גאַס אויסגעטשאַסקעט אויף אַלע זייטן...

— שווייג שטיל, מירל! אַ ווייב איז אַ ווייב! אויסער, — אַז מען גט זיך... אויך — טוט ווי דאָס האַרץ... גלויב מיר, מירל, איך וועל בענקען נאָך דיר... נאָך אייך אויך, קינדער! איר האָט מיר אויך גענוג צרות אָנגעטאָן, נאָר גאָרנישט... דאָס ליגט שוין אינם פּידעלע — אינם קלעזמער לשון... איך ווייס, איר האָט מיר נישט ערלעך געהאַלטן, דאָך ליב געהאַט, אַז איך האָב אַמאָל געטאָן אַן איבריקן טרונק־בראָנפן, האָט איר געוואָרטשעט „שכור“... מען טאָר נישט אַזוי, אַ טאַטן טאָר מען נישט... מילא... איך האָב אויך געהאַט אַ טאַטן און האָב אים אויך נישט בעסער באַהאַנדלט... נאָר אַן עק פון דער זאַך!... איך בין אייך מוחל...

ער איז מיד געוואָרן רעדנדיק.

— איך בין אייך מוחל, — האָט ער נאָך אַמאָל אָנגעהייבן נאָך אַ פּאָר סעקונדן. ער האָט זיך אַביסל אונטערגעהייבן אויפן בעט און באַטראַכט דעם עולם...

— זע נאָר, — זאָגט ער פלוצלונג, — די ביקעס! אַריינגעשלאָגן די אויגן אין דר׳ערד אַריין, גלייך עס קאָן קיין צוויי נישט ציילן!

– האַ? פּאַרט אַ שאָד אַ טאַטע! כאַטש אַ שכור, האַ?

דער ייִנגסטער זון האָט אויפגעהייבן די אויגן. אין דער אייגענער רגע האָבן אים די ברעמען אָנגעהייבן ציטערן, און ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ געוויין. די רעשט ברידער זענען אים נאָך. אין אַ מינוט אַרום איז דאָס גאַנצע פיר-איילנדיקע שטיבל פול געווען מיט יללה...

דער קראַנקער האָט געקוקט און געשעפּט נחת.

– נו, – מאַכט ער ראַפּטום מיט אַ פרישן כּח, – גענוג! איך האָב מורא, עס וועט מיר צופיל אַ שאָד זיין! גענוג, קינדער! פאָלגט אַ טאַטן!

– רוצח! – שרייט מירל, – רוצח, לאָזן זיי וויינען, זייערע טרערן קאָנען העלפן, רבונו של עולם...

– שוויַיג, מירל, – האַקט איר דער קראַנקער איבער, – איך האָב דיר שוין געזאָגט, איך האָב מיינס שוין אָפּגעשפּילט... גענוג... ע! חיים, בערל... יונה... אַלע! הערט! געשווינד, נעמט די כּלים!

אַלע גלאָצן אויס די אויגן.

– איך הייס, – מאַכט דער קראַנקער, – איך בעט אייך! טוט מיר צוליב, נעמט די כּלים און קומט צו צום בעט!

די קינדער האָבן געפאָלגט און אַרומגעשטעלט זיך בײַם בעט; דריי פידל, איין קלאַרנעט, אַ באַס, אַ טראָמפּייט...

– לאָז מיך הערן, ווי די קאַפּעליע וועט שפּילן אָן מיר... – מאַכט דער קראַנקער.

– מירלשי, איך בעט דיך, רוף דערווייל אַריין אונזער שכן.

דער שכן איז געווען דער שמש פון דער חברה נושאים. מירל האָט נישט געוואָלט לכתחילה גיין, נאָר ער האָט אויף איר געקוקט מיט אַזאַ מין געבעט, אַז זי האָט אים געמוזט פאָלגן. שפּעטער האָט זי דערציילט, אַז דער „מירלשי" און דער קוק פאַרן טויט זענען געווען גאָר להבדיל די אייגענע ווי באַלד נאָך דער חופּה... „איר געדענקט, קינדער, מאַכט זי, זיין זיס קול און זיינע אויגן!"

דער שמש פון דער חברה נושאים איז אַריינגעקומען,
ער האָט געוואָרפן אַן אויג אויפן חולה און געזאָגט:

— זייט מוחל, מירל, רופט אַריין אַ מנין.

— מען דאַרף נישט, — רופט זיך אָן דער קראַנקער, —
וואָס טויג מיר אַ מנין? איך האָב מ י י ן מנין, מיין קאַפּעלע!
גיי נישט. מירל, איך דאַרף נישט קיין מנין...

און אויסדרייענדיק זיך צו די קינדער, מאַכט ער:

— הערט, קינדער... שפּילט אָן מיר, ווי מ י ט מיר,
שפּילט גוט... זייט נישט קיין שקצים אויף אָרעמע חתונות...
האַלט ערלעך די מוטער, און צינד — שפּילט מיר אָפּ די ווידוי...
אונזער שכן וועט פּאָרזאָגן...

און — די פּיר־איילנדיקע שטוב איז געוואָרן פול
מיט מוזיק.

---

# דער עפּל

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ באַנקיר)

די אַלטע פּעלקער פּלעגן זיך פאָרשטעלן וואונדערלעך צוזאַמענגעזעצטע ברואים, האַלב מענטש האַלב פּיש, אַ פערד — מיט פליגל פון אַן אָדלער, אַ קעלבערדיקן קאָפּ מיט אַ שלאַנגען-עק... צי ווערט היינט אַנדערש געפּאָרט?

צום ביישפּיל, איך און מיין ווייב פילאָמענע!

איך בין בריק-באָג עט קאָמפּ. און זי — פּי-לאָ-מע-נע! דער נאָמען אַליין איז גענוג!

מיט אַ וואָרט, מיט אַ מאַך מיט דער האַנט, מיט איין שטריך מיט דער פּעדער, טראָג איך איבער טויזנטער קאָרץ ווייצן, טויזנטער צענטנער מעטאַלן, טויזנטער וואַגאָנען קוילן פון איין עק וועלט אין דער צווייטער! איך זיץ דאָ און מיין נעץ איז פאַרשפּרייט אויף בערלין, פּאַריז און לאָנדאָן, אין ניו-יאָרק אַפילו קלינגט מיין נאָמען! אַז איך גיב אַ טופּ מיטן פוס, ציטערט די בערזע, פּאַלן באַנקירס, ווי פוילע עפּל! דאָס בין איך, און זי קושט בלומען און ווײנט פאַר דער לבנה!

אמת, אַ פּאָר?

און ווער האָט אונז געפּאָרט? אַ בערלינער פּראָפעסאָר האָט מיר געזאָגט, אַז יעדער מענטש באַזונדער אַנטוויקלט זיך פּונקט אַזוי, ווי די גאַנצע מענטשן-וועלט. דאַמאָלט האָב איך געלאַכט: פון וואַנעט ווייסט דער פּראָפעסאָר, ווי אַזוי די מענטשן-וועלט האָט זיך אַנטוויקלט? היינט

זע איך — עס איז אמת... מיט פופצן יאָר צוריק בין איך באמת אַ ווילדער מענטש געווען...

איר וועט גלויבן? איך האָב אפילו פּאָעטיזירט... אייגנטלעך האָב איך אַרויסגעשלעפּט אַביסל פון דאַנען, אַביסל פון דאָרט, נאָר פּאָעטיזירט האָב איך... אויגן, ווי שטערן, ווי בלימלעך, ליפּן, ווי קאַרמעלקעס און נאָך אַזוינע נאַרישקייטן... איך האָב אַפילו איבערן בעט מיר אויפגעהאָנגען אַ פּיסטאָלעט, וואָרום טאָמער זאָגט זי „ניין"? נו, ווי אַזוי לעבט מען, ווי אַזוי ווייזט מען זיך אויף דערי גאַס?

און היינט? זע איך אַ קניפּל צעיאָרענע נערוון, קעלבערנע גרויסע אויגן... מיט דער צייט איז נאָך צוגעקומען אַביסל רויטס און ווייס און אַביסל גאָלד אין די ציין אַריין — און דאָס אַלץ צוזאַמען איז פּילאָמענע!

איך האָב דאָך ביי איר קיין קאָפּיקע נישט גענומען!...

אַ חלום, נאָר אַ טייערער חלום איז עס געווען!

פּי! פּי!

---

נאָר „טייערער" איז וואַנצן! בריק-באָג עט קאָמפּ. קאָן זיך אַזוינס ערלויבן. און ווען באמת „אייבּיקע ליבע", וואָלט עס גאָר קיין שלעכט געשעפט נישט געווען! פּילאָמענע אַליין אַרט מיך נישט. איך גיי מיר מיין וועג — פּאַרדאָן — איך פּאָר מיר אויף גומי-רעדער מיט ווייסע אַראַבער מיין וועג, און זי בלאָזט זי קעגן דער לבנה איר וועגס! דאַרף מען, מאַכט זי דעם האָנער אין סאַלאָן, ווי אַן אמת געבוירענע גרעפין... ביינאַכט, ביי עלעקטרישער באַלייכטונג און נאָך שאַמפּאַניער, געפינען זי טייל נאָך היינט פּיקאַנט און נישט איינעם קומט די סלינע אין מויל אַריין!

נאַר — וואָס וועט אַרויס פון טראַנפאַלגער, פון יונגן בריק-באָג עט קאַמפּ.?

וואָס פאַר אַ בריאה וועט אַרויס פון אַלטן בריק-באָג עט קאַמפּ. מיט דער אייביק יונגער פילאָמענע?

הו! אַ קעלט גייט מיר דורך די ביינער, אַז איך דערמאָן מיך, ווען איך לאָז איבער דאָס הויז! נישט איין מאָל חלומט זיך מיר, אַז אַלץ פאַלט צוזאַמען, אַלץ, אַלץ, און איך כאַפּ מיך אויף באַדעקט מיטן קאַלטן שוייס!

---

נעכטן האָב איך אים אַ נאָוואַליע געבראַכט, אַ שיינעם עפּל.

— אַך, ווי שיין איז דער עפּל! — צאַפּלט ער.

איך דערציייל אים, אַז ער איז געבראַכט פון איטאַליען און קאָסט דרייסיק קאָפּיקעס.

ער הערט מיך נישט, און רופט די מוטער און ווייזט איר „ווי שיין, ווי פּראַכטפול שיין דער עפּל איז”. הונגעריקער ווערטער האָט ער געהאַט פאַרן שיינעם עפּל, און די אויגן האָבן אים געגלאַנצט, געפלאַקערט!

— ווירקלעך שיין, — מאַכט פילאָמענע מיט איר זיסער שטימע.

— אָ, עס! — זאָג איך.

— ניין! — מאַכט ער — ניין!

דער עפּל איז צו שיין, דער עפּל, זאָגט ער, לעבט. עס וועט אים ווי טאָן, אַז ער וועט אַריינבייסן!

— נאַר, — ווער איך בייז, — דער עפּל לעבט נישט, עס וועט אים נישט ווי טון.

— ניין, ער לעבט! ער האָט אַליין געזען, ווי עפּל וויינען, אַז מען בייסט זיי, אָדער אַז מען שניידט זיי מיט אַ מעסער! דעם עפּל וועט ער עס נישט טון!

— נאַר, עס! ווער איך בייזער.

— ניין, ניין, ניין,

ער וועט דעם עפּל קיינמאָל נישט בייסן! אייביק, אייביק וועט ער אים האַלטן ביי זיך (ער האָט אים צום האַרץ צוגעדריקט). ער האָט דעם עפּל ליב באַקומען! אייביקע ליבע!

— נאַר, אַז דו וועסט אים צו דער צייט נישט אויפעסן, וועט ער פאַרפוילט ווערן!

די ווערטער האָבן אים שווער געטראָפן! ער האָט אַ ציטער געטאָן, איז בלאַס געוואָרן און מיט טרערן אין די אויגן צוגעלאָפן צו דער מוטער, באַהאַלטן דאָס בלאַסע געזיכט אין איר שויס.

— אמת, — שטאַמלט ער, וויינענדיק, — אמת... דער עפּל לעבט שוין נישט... מען האָט אים אָפּגעשניטן פון בוים...

און זי האָט אויך טרערן אין די אויגן... זי גלעט אים די האָר און די האַנט ציטערט איר...

— גאָט, — טראַכט איך, — זאָל איך אַ סקאַנדאַל מאַכן?!

— נאַר, — שריי איך אין איין כעס! — מען זאָל דעם עפּל נישט אָפּרייסן, וואָלט ער אַליין אַראָפּגעפאַלן!

און ער האָט זיך ערשט צעוויינט אויף אַ קול!

---

ווייס איך, וואָס זי טוט מיט אים? וואָס זי זאָגט אים? וואָס זי רעדט אים איין? וויל איך אים אַוועקשיקן — חלשט זי!

גאָט, גאָט, וואָס וועט אַרויס פון אים!

---

פילאָמענע האָט מיך אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין קאַבינעט. וואָס איך האָב פון איר געמאַכט, זאָגט זי, איז

שוין פאַרפאַלן. זי וויל, איך זאָל ווייניגסטנס אויפן קינד רחמנות האָבן!

געפעלט איך דער פּלאַן?!

מיר האָבן זיך צערעדט...

— האָסט חרטה? — פרעג איך זי.

— וואָס העלפט חרטה? — ענטפערט זי טרויעריק און פאַרחלשט, — האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז דער עפּל מון שטאַרבן, מוז אָפּגעריסן ווערן פון בוים...

— דאָך וואָלסטו געוואָלט אַנדערע הענט. —

זי האָט נישט געענטפערט, איז אַרויסגעשוואומען פון שטוב און איבערגעלאָזט עפעס אַ מאַטן זיס-זויערן ריח...

נאָר וואָס ווער זיין פון אים? פון טראָנפּאָלגער? פון יונגן בריק-באָג עט קאָמפּ.?

---

# ס'הערצל צאַפּלט

פרייליין מאַריע איז געווען האַלב ראָמאַנטיש, האַלב פּראַקטיש און אינגאַנצן אַ גאַנץ שיין מיידל; אַביסל פּיאַנע, אַביסל פראַנצויזיש; געשמאַקפול געקליידט, אַן אויפגעריסן נעזל, און אויגן, וואָס זענען אַמאָל העל און אַמאָל טונקל-בלוי געווען.

איינמאָל האָט זיך איר געחלומט אַ זעלטענער חלום.

זי האָט געזען פון הימל אַראָפּהענגען אַ וואָגשאָל. זי האָט זיך געוואַקלט אַהין און אַהער, נישט געפינענדיק קיין גלייכגעוויכט —

און וואָס איז געלעגען אין די שאָלן?

צוויי מלאכים האָבן אויף זיי געשיט און געשיט...

אין איין זייט — אַ שוואַרצער מלאך (אין צילינדער און פּראַק) האָט געשיט פּערל, בריליאַנטן און גאָלד.

אין דער צווייטער זייט — אַ ווייסער פאַרקלערטער מלאך — טרערן, זיפצן און לידער...

אויפן צינגל אין דער הויך איז געווען אויפגעשטאָכן איר אייגן הערצל... זי האָט עס באַלד דערקאָנט...

און עס האָט געצאַפּלט און געוואָרפן זיך איר הערצל און אַלע מאָל זיך צוגעבויגן צו אַן אַנדער וואָגשאָל...

„וואָס ווילסטו הערן?

געלדער קלינגען,

לידער זינגען, —

ווילסטו פּערל אָדער טרערן?"

אַזוי זינגען די מלאכים, און דאָס הערצל צאַפּלט און ווייסט נישט, וואָס צו קלייבן. —

ראַפּטום איז זי געפֿאַלן אויף אַ שכל (אונזערע דאַמען האָבן אין חלום אויך שכל!). זי איז אַרויפֿגעשפּרונגען רייטנדיק אויף דער וואָגשאָל מיט די פּערל, בריליאַנטן און גאָלד, און נישט אַראָפּצופֿאַלן, האָט זי זיך, תּוך כּדי דבור, מיטן קאָפּ געוואָרפֿן אויף דער צווייטער וואָגשאָל...

דאָס געזעס איז געווען אויף גאָלד, זילבער און בריליאַנטן, דער קאָפּ-אויף טרערן, זיפֿצן און לידער; נאָר דאָס האַרץ האָט אייביק, אייביק געצאַפּלט אין דערמיט...

# אויף אַ קרבן

## אַ מעשה

(ווי אַזוי אַ פּרוש, אַן אַלטער, מיט אָפּגענומענע
פּיס, איז געפֿאַלן אין קלויז בשעת מלחמה.)

אַ קלויז-זיצער איז ער שטענדיק געווען, אַ תּם אַ קלויז-זיצער... נאָר אַ דירה געהאַט, און אַ רוישנדיקע דירה מיט זין און שניר, טעכטער און איידעמס. פֿאַרן גערויש פֿלעגט ער טאַקע אַנטלויפֿן פֿון דער היים און אָפּזיצן גאַנצע טעג אין קלויז איבער אַ ספֿר. דאָס הויזגעזינט האָט געשפּייזט זיין אשה חנהלע פֿון שפּייז-געוועלב...

פֿיר וועגן האָט דאָס שטעטל אין דער וועלט אַריין: אין צפֿון-זייט אַ בריק איבערן וואַסער. מזרח און מערב — אַ שאָסיי, וואָס לויפֿט איבער דער שטאָט, דורכשניידנדיק דעם מאַרק. אין דרום-זייט — אַ פּוילישן שליאַך. און אויף די אַלע פֿיר וועגן זענען אים איינציקוויז די קינדער אין דער וועלט אַריין... דערנאָך חנהלע אָן אַ וועג צום בית-עלמין... אַ קרובה האָט זיך אין שפּייז-געוועלב געשטעלט און אים געשפּייזט... דערנאָך האָט אים עפּעס די פּיס אָפּגענומען, הילצערנע פּיס באַקומען. דאָס ביסל סחורה אין שפּייז-געוועלבל האָט זיך אויסגעלאָזט, און דער בעל-הבית פֿון הויז, אַ ייִד מיט אייזערנע הענט, האָט אים גענומען מיטן געלעגער און געטראָגן אין קלויז אַריין און געלייגט אויף אַ באַנק הינטערן אויוון; מילא, ער האָט די דירה באַדאַרפֿט... און קיין רעה האָט ער אים נישט געטאָן... די קלויז האָט אים אויסגעהאַלטן בכבוד. זעלטן אַ טאָג, למשל, אַ יריד, אַ טאָרג — אַז מען האָט אָן אים

פאַרגעסן. די ייִנגלעך פון קלויז — וואוילע בחורים — האָבן איבער אים משמורת געמאַכט. יעדן טאָג האָט אַ משמר פון צוויי ייִנגלעך אין דער פרי, אַראָפּגענומען אים פון געלעגער היניערן אויוון צום כיור און אָפּגעגאָסן די נעגל און פון כיור צו דער דרום-וואַנט ביים פענסטער און דערלאַנגט אַ ספר אין דער האַנט אַריין... „טעג" האָט מען אים פון שטעטל געשיקט, אויך אַ משמר געמאַכט... אַזוי פלעגט ער זיצן גאַנצע טעג, קוקן אין ספר אַריין און רעדן מיט די, וואָס זענען נעבן צוגעקומען... מען פלעגט אַמאָל פון שטאָט זיך אַן עצה האַלטן... אַ זקן און בן-תורה און „אויסגעטוענער"...

לעצטנס האָט מען אָן אים אָנגעהייבן צו פאַרגעסן...

רעדלעך האָבן געוואַרשט: מלחמה, מלחמה.

זייער דאַגה: מלחמה...

דערנאָך: היי און האָבער, וואַרעמע זאַכן, רובלס. מאַרקן, קראָנען...

זייער באַבעס דאַגה...

ציינד זעט ער, זיצנדיק ביים פענסטער, ווי דאָס גאַנצע שטעטל לויפט... אַנשים, נשים וטף... אַלע לויפן און אויף איין וועג...

אַז עס איז פאַרטאָג אויפגעשפּרונגען די בריק איבערן וואַסער פון צפון-זייט, זענען די ייִנגלעך, וואָס האָבן אים אויפגעהויבן און נאָר וואָס געזעצט, אַנטלאָפן און אים אפילו קיין ספר אין האַנט אַריין נישט געגעבן — האָט ער געמאַכט: „שכחו וגבורתו" איבער אַ דונער, אַ שטאַרקער דונער געוועזן...

צו שחרית איז קיינער נישט געקומען... ציינד לויפן זיי... וואוהין? ער מוז אָבער צוריק אויסדרייען דעם קאָפּ צו דער קלויז. רירן קאָן ער זיך נישט, און דער אויסגעדרייטער האַלז, טוט שוין צו שרעקלעך ווי... און קיין ספר אין דער האַנט אַריינצוקוקן האָט ער נישט, און עפּעס קלערן קאָן ער אויך נישט. ביים קלערן איז ער געוואוינט די באָרד צו צופּן. און אָן אַ ספר האָט ער נישט, וואו די האָר פון דער באָרד אַהין צו טון. כאַפּט ער איין

האַנט אין דער צווייטער, פאַרפלעכט די פינגער פעסט, וואָס עס וועט זיין – וועט זיין... און אין אַלטן מח קריכן דאָך אַרום געדאַנקען. אַליין... פון זיך.

פאַרגעסן האָט מען אים צינד גאָר אינגאַנצן...

וועט אים אויסקומען, הייסט עס, אויסצוגיין... איז נאָר אַ קלער: פאַר הונגער צי פאַר דורשט?

אין כיור מוז נאָך זיין אַביסל וואַסער... קעגנאיבער אויף דער וואַנט הענגט דער ערוב תבשילין... נאָר וואו נעמט מען פיס?

סיי ווי סיי, פאַר הונגער צי פאַר דורשט – מיתה, און מיתה משונה. צי קומט עס אים? אַז עס וועט קומען, קומט אים, ער געדענקט נישט פאַרוואָס, אַ בשר ודם האָט שכחה...

אָבער נישט אַזוי געשווינד! שמייכלט ער.

ער וועט זיך לאַנג ראַנגלען מיט אים, דעם מלאך המות. שני וחמישי פאַסט ער מנעוריו... לעצטנס פלעגט צוקומען נאָך אַ תענית איבער אַ וואָך, אַמאָל צוויי... ביי חנהלן פלעגט זיך עס נישט טרעפן. די שטאָט פאַרגעסט!

דער האַלז האָט זיך אָפּגערוט, ער וויל אויסדרייען דעם קאָפּ צום פענסטער, צי מען לויפט נאָך, דערהערט ער אָבער גערויש פון רעכטס און לינקס... טריט, מענטשן-טריט, פערד-טריט... רעדער פון וועגן שווערע. עס מוז זיין חייל... פון רעכטס חייל און פון לינקס חייל... ווייט נאָך ווייט, נאָר עס ציטערט שוין די ערד... צוויי חיילות קומען זיך אַקעגן... פון איין זייט אונזערער, פון דער צווייטער – דער שונא. פון וועלכער זייט עס קומט דער און פון וועלכער זייט יענער, ווייסט ער נישט... אָבער אין דערמיט צווישן צוויי חיילות איז ער... און עס קאָן זיין, אַז ער וועט אומקומען נישט פאַר הונגער און נישט פאַר דורשט...

ער הייבט אָן שטיל צו זאָגן וידוי און פלוצלונג:

טראַך, טראַך!

עס האָט זיך אָנגעהייבן טרוקענע קלעפּ פון ביידע זייטן. דאָס, אַ פנים, שיסט מען פון ביקסן... קוילן מוזן פליען פון

איין חייל צום צווייטן. אַז מען כאַפּט נישט אַוועק דעם קאָפּ...
טראַך, טראַך, טראַך...

אַ ציטער פאַר שרעק איז אים דורכגעלאָפן דורך די אָפּגעשטאָרבענע קניען און אַ ציטער פון פריידיקער האָפנונג דורכן אַלטן בלוט און די ענגע אָדערן. די פיס כאַפּן זיך. ער האָט געהערט, עס טרעפט זיך פאַר שרעק; נאָר ביידע ציטערן זעען פאַרביי. צוריק אָפּגעשטאָרבן די פיס. און צו וואָס פחד? ממה נפשך – איז ער חייב מיתה, מילא! אייב נישט...

טראַך, טראַך, טראַך... געדיכטער, פעסטער. און:
בום, בום, בום! שוין האַרמאַטן. ער געדענקט, ווי האַרמאַטן זעען אויס. ווי דאָס הילכט! און עס קומט אַלץ נענטער און נענטער, אָט רירט זיך די קלויז, עס ציטערן די ווענט, די גאַנצע קלויז פון גרונט ביזן דאַך ציטערט, וויגט זיך, וואַקלט זיך, שטיקער ציגל פאַלן אַרויס פון ווענט. אַביסל אַרויס, אַביסל אַריין, און אַלץ מער... ווען אַ ציגל טרעפט, איינער, אַ צווייטער און מער, וואָלט געוועזן: —
סקילה!

קומט אים סקילה? – ווער ווייסט? –

אַ פּנים נישט. די קלויז וואַקלט זיך, וויגט זיך, ציטערט אין אויר און האַלט זיך. אַ פּאַרצייטיק בנין... אַ זעצערײ פון דרויסן. אַנדערע הייזער פאַלן. אַ מערכה – ליידיקע. די קלויז האַלט! אפשר אין זכות פון אָרון קודש, פון די ספרים הקדושים, אין אָרון קודש... סיי ווי סיי – נישט סקילה...
טררר!

אַ שטיק פייער פון איבער דער קלויז האָט דורכגעריסן דעם דאַך און געפאַלן פאַרן אָרון קודש. אָנגעצונדן די פּאָדלאָגעס, אַלט האָלץ, אָנגעכאַפּט זיך. פייערדיקע צונגען לאָזן זיך אַראָפּ צו די טרעפּלעך. אַנדערע הייבן זיך און כאַפּן אַרום די טירלעך... זיי פלאַצן, פּראַלן אויף. די פייערדיקע צונגען כאַפּן אַרום די מענטעלעך... כתרים פאַלן אַראָפּ אין פייער אַריין. פאַרמעט הייבט אָן ברענען... מען דאַרף מציל זיין די ספרים הקדושים. נישטאָ קיין פיס. און זיי – אַנטלאָפן...

אים פֿאַרגעסן, די ספרים הקדושים פֿאַרגעסן... און די פֿייערדיקע צונגען שפּרייטן זיך רעכטס און לינקס און אַראָפּ אין קלויז אַריין. די "ספרים-שענק רעכטס און לינקס צום אָרון קודש ברענען... דאָס פֿייער קריכט צו אים נענטער. האָט אַרומגעכאַפּט די שטענדערס... אויסגעהלבטע, זיי פֿלאַקערן... עס גייט צום שלחן... אויך דאָס זעלבע... און עס גייט נענטער...

שרפֿה וועט זיין! שרפֿה!

— בום-בום!

אַ נייער קלאַפּ אין דאַך אַריין!

— נישט שרפֿה!

עס קומט אים, באַשיינפּערלעך, נישט קיין שרפֿה. דער דאַך פֿון אָרון קודש ביז איבערן שלחן איז אַראָפּגעפֿאַלן און דאָס פֿייער באַגראָבן... אָבער אינם הויפֿן ברענט ווייטער. פֿון צווישן די שטיקער סופֿיט גייט אַ רויך, אַ געדיכטער, און פֿאַרפֿולט פֿאַמעלעך, פֿאַמעלעך די קלויז. אַסך גייט אַרויס דורכן דאַך: אַסך בלייבט און שפּרייט זיך... עס בייסט אים די אַלטע אויגן אויס, אַ פֿול מויל מיט ביטערקייט, אָט אָטעם פֿאַרפֿעלט, נישט אָפּצוהוסטן...

— חנק וועט זיין, חנק!

נישט באַשערט געווען קיין חנק.

די טיר פֿראַלט אויף. אַ ווילדע בריאה, אַ קורצע נאָז, צעקאָכט-בלוטיקע אויגן אין געשויבערטן קאָפּ — אונזערער צי אַ שונא... ער ווייסט נישט...

פֿאַלט אַריין, חרב שלופֿה אין דער האַנט. אַ ווילד געשריי:

שפּיאָן! שפּיאָן! און —

אַ זעץ אין אַלטן האַרץ אַריין.

וואָס "שפּיאָן" איז טייטש, ווייסט ער נישט, נאָר איינס ווייסט ער אויף זיכער, די אויגן זאָגן!

הרג — און בסייף.

---

# באַנייט אַ תּליה

אין אַ געוויסער מדינה זענען געווען, ווי געוויינלעך, געוויינלעכע מענטשן, נישט אינגאַנצן גוט און פרום, נישט גאָר אינגאַנצן שלעכט, נאָר אַזוי — מיטלמעסיק; איינער אַביסל ערגער, איינער אַביסל בעסער, ווי אַ מענטש און ווי אַמאָל.

און דער מלך פון דער מדינה איז געווען זייער אַ קלוגער שופט, וואָס האָט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי שלום צו מאַכן צווישן גאָט און לייט, צווישן לייט און לייט, און עס איז קיינמאָל נישט געקומען צו קיין שאַרפע שטראָפן. ער האָט שוין אין זיך אַ כּח געהאַט צו שטילן דעם כּעס פון מענטשן: איינצוהאַלטן דעם בייזן, איבערצורעדן דעם איינגעשפּאַרטן, און נישט נאָר וואָס אין זיין צייט האָט מען קיינעם נישט געקעפּט, נישט געהאָנגען, נאָר פון תּפיסה אַפילו האָט זיך די מלכּה געמאַכט אַ הינער־שטייג — קיינער איז נישט געזעסן. אַ זינדיקן מענטש פלעגט ער הייסן אַריינוואַרפן אין פושקע פאַר אָרעמע לייט, שענקען אויפן שפּיטאָל און — געענוג.

— עס וועט קומען אַ צייט, — האָט דער מלך געזאָגט, — ווען מענטשן, קוקנדיק אויף דער תּליה, וואָס שטייט אינמיטן מאַרק, וועל בשום אופן נישט פאַרשטיין, נאָך וואָס מען האָט אַריינגעשטעקט אין דער ערד אַזאַ קלאָץ!

נאָר דאָס זאָגנדיק, האָט דער מלך אָפּגעקרעכצט, און קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס דער קרעכץ באַטייט.

דאָס האָט אָבער באַמערקט די בת מלכּה, דעם מלכס איין איינציקע טאָכטער, און האָט זיך איינגעשפּאַרט, דער פאָטער זאָל איר אויסזאָגן, וואָס ער מיינט מיטן קרעכץ.

און דער מלך האָט איר נישט געקאָנט אָפּזאָגן און האָט

איר אויסגעזאָגט בסוד סודות, אַז ער קרעכצט, ווייל ער האָט מורא פאַר צוויי מענטשן! די גאַנצע מדינה, זאָגט ער, קאָן מען פירן, ווייל דאָס זענען מענטשן, וואָס אין זיי איז דאָס גוטע מיט דעם שלעכטן אויסגעמישט, און ווען זיי קומען צו אים, פאַלט דאָס שלעכטע אַראָפּ און דאָס גוטע קומט אַרויף... צוויי מענטשן אָבער האָט ער אין דער מדינה, וואָס איינער האָט אין זיך סאַמע גוטס אַליין און דער צווייטער רשעות אַליין. אַז די ביידע – האָט דער מלך מורא – וועלן זיך אַמאָל צוזאַמענטרעפן, וועט זיין גאַנצע חכמה נישט העלפן, וועט מען ווייטער הענגען און קעפּן.

די בת מלכּה האָט זיך פאַרטראַכט, געקלערט און געקלערט און נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער מלך מיינט.

– עט, – מאַכט זי, אַוועקוואַרפנדיק מיט דער האַנט, – פּאָרט אַן אַלטער!

---

איינמאָל איז אין דער עיר־המלוכה, אין דער רעזידענץ, געווען אַ גרויסער יריד און עס זענען זיך צוזאַמענגעפאָרן און צוזאַמענגעקומען אַלע מענטשן פון דער מדינה. צווישן זיי זענען אויך געווען די צוויי מענטשן, פאַר וועלכע דער מלך האָט מורא געהאַט: דער גאָר גוטער, און דער גאָר שלעכטער.

און עס איז געשען אַזאַ מעשה:

אַז דער גאָר שלעכטער האָט דערזען די לערע תּליה אינמיטן מאַרק, האָט ער געזאָגט הויך פאַר אַלע:

– עולם, עס איז אַ רחמנות אויף אייך! איר האָט שוין לאַנגע יאָרן נישט געזען דעם נחת, ווי פּושעים הענגען און דריגען זיך אין דער לופטן...

– אמת, אמת! – האָט אָנגעהייבן דער עולם צו מורמלען.

דאָס האָט געהערט דער גאָר גוטער און האָט זיך אָנגערופן:

– עולם, מזל מיט ברכה איז מיט אייך! גאָט און שיינע מלאכים זענען מיט אייך! איר לעבט אַזוי גוט און

פרום, אַז קיינער פון אייך האָט נישט פאַרדינט מען זאָל אים הענגען.

– אמת, אמת! – האָט דער עולם ווייטער געמורמלט.

– ניין, – האָט זיך אָנגערופן דער גאָר שלעכטער, – די וועלט איז קיין הימל נישט. דאָ וואוינען קיין מלאכים נישט! עס איז בלויז זינד; נאָר דאָ זענען אַזוינע פושעים, אַזוינע רשעים, אַזוינע זינדיקע פאַר גאָט, אַז איינער האָט מורא דעם צווייטן צו פאַרקלאָגן, עס זאָלן זיינע אייגענע זינד נישט אַרויס אויף דער זון און דעריבער שטייט די תּליה ליידיק!

דער עולם שווייגט, און איז אַפילו אַביסל אין כּעס.

דער גוטער וויל אָנהייבן צו רעדן, נאָר דער שלעכטער לאָזט אים נישט קומען צום וואָרט...

– רבותים! – האָט ער ווייטער אויסגעשריען, – אייב איך זאָג נישט אמת, באַווייזט! לאָמיך זען, עמעץ פון אייך זאָל זיך פילן אַזוי גוט, אַזוי פרום, אַזוי ריין פאַר גאָט און פאַר לייט, ער זאָל קיין מורא נישט האָבן און אָנווייזן מיטן פינגער, וועמען מען דאַרף הענגען! מען זאָל קיינעם נישט דאַרפן הענגען איז אוממעגלעך!

דער עולם רוקט זיך צוריק, ווי דערשראָקן.

– איר זעט, פושעים! – שרייט דער שלעכטער, – איר זעט, ווי אמת מיינע ווערטער זענען! האַ! נו, וועל איך אייך באַווייזן, אַז איך בין ריין! אַז איך האָב קיין מורא נישט!

– אָט דעם דאַרף מען הענגען! – און ער האָט אָנגעוויזן אויף גאָר דעם גוטן.

דער עולם האָט זיך נאָך מער דערשראָקן.

דער גוטער וויל ווייטער רעדן, נאָר דער שלעכטער לאָזט אים ווייטער נישט קומען צום וואָרט.

– נישט אומזיסט האָט ער אייך געלויבט! נישט אומזיסט! די תּליה וויל ער אונטערברענגען! די תּליה, אָן וועלכער איר וואָלט אַראָפּ פון גוטן וועג און אייערע קינדער וואָלטן אָן גאָט פאַרגעסן. ווערגט אים! ווער וויל באַווייזן, אַז ער איז נישט

זיין קרוב. נישט זיין גואל — נישט זיין שותף, נישט זיין גלייכן, — ווער עס וויל נישט פֿאַרדעקן פרעמדע זינד, כּדי מען זאָל זיינע אויך פֿאַרדעקן, דער זאָל העלפֿן הענגען!

און אַז דער שלעכטער האָט אַרויסגענומען אַ שטריק פֿון בוזעם, האָבן זיך אויסגעשטרעקט הונדערטער הענט צו הילף און אין אַ רגע אַרום איז דער גאָר גוטער געהאָנגען...

נישט אומזיסט האָט זיך דער מלך געשראָקן — מען האָט די תּליה באַנייט...

---

# וועגן אַ שווימער, אַ דאַך־באַשלעגער און אַ פּאָרצעלייען מיידעלע

(דריי טרויעריקע געשיכטן)

פֿאַר אונזערע היימיש-געבאַקענע פֿילאָזאָפֿן מאַמריסטן דאָס הייסט פאַר די אַלע, וואָס רעדן פֿיל, און הערן אַזוי ווייניק, האָב איך דריי טרויעריקע געשיכטן צו דערציילן: וועגן אַן אויסטערלישן שווימער אויפֿן היימישן טייכל, וועגן אַ בלעכער, בעסער געזאָגט, אַ דאַך-באַשלעגער, וואָס האָט נישט געוואָלט אַראָפּלאָזן קיין אויג פֿון דאַך, און וועגן אַ שטיקל פּאָרצעלײ, וואָס מען האָט אַרויסגעוואָרפֿן פֿון אַ הויכן פֿענסטער...

און ראשית, דער שווימער איז אַן אויסטערלישער שווימער געווען. אַ פֿרייד געווען צו קוקן, ווי ער מאַכט מיט די הענט אויפֿן וואַסער-שפּיגל, טיילמאָל נאָר מיט די פ י נ ג ע ר פון די הענט, למשל,ביים שווימען אויפֿן רוקן, און טיילמאָל נאָר מיט די פֿינגער פון די פֿיס אַליין. מאַנכע פּאָליטישע מענטשן שאָקלען מיט זיי, על פּי סוד, אין די שטיוול, און דער — פֿראַנק און פֿריי איבערן היימישן טייך, וואָס פליסט שטיל און געלאַסן הינטער דער קהל-שטוב, מיט דער מקוה, שול און בית-המדרש צוזאַמען, און לאָזט זיך העט, העט ווייטער, פֿון וואַנען דאָס אַליין זעט זיך אַרויס. ווי שוואַרצע, ציטערדיקע פֿינטעלעך. נאָר נישט וועגן די פֿינטעלעך גייט עס; וועגן שווימער, וועגן דעם גרויסן, אויסטערלישן שווימער פֿון אויבן,

איבערן שפּיגל פֿון היימישן טייכל, אונטערן שפּיגל פֿון הויכן הימל! אַ פּעט מענטשל איז עס געווען, און ווי באַקאַנט איז פּעטס לייכטער ווי וואַסער, און דעריבער שווימען פּעטע אַזוי לייכט פֿון אויבן, און אַז ער פֿלעגט נאָך אָננעמען פֿולע לונגען מיט לופֿט, פֿלעגט ער בלייבן שטיל אויסגעצויגן אויפֿן שפּיגל פֿון טייך; אַפֿילו מיט די פֿינגער פֿון די פֿיס נישט גערירט! און אַזוי שטיל, אַזוי בשלום-ושלווהדיק: אַז פֿון ווייטנס האָט זיך געדאַכט: אַ טויטער וויגט זיך שטיל איבערן וואַסער... אַ דער-טרונקענער שווימט צום ברעג... נאָענט ערשט האָט מען געזען, אַז ער לעבט און האָט אָפֿענע אויגן; אָפֿענע בלויע, כאָטש נישט טיפֿע אויגן, וואָס קוקן אַרויף, אַרויף גלייך אין הימל אַריין... און נישט נאָר אויפֿן רוקן שווימט ער! באַרימט איז אויך געווען זיין „קלאַפּטער": אַ האַנט נאָך אַ האַנט, אָן גערויש, אָן אַ שפּריץ — קוים, קוים פֿון אויבן דאָס וואַסער געגלעט! אָדער „פּראָש-פּראָש", געשווינד, איילנדיק... נאָר דאָס פֿלעגט ער באַנוצן ביים אַוועק-שווימען ווייט, ווייט פֿון קהל-שטוב, פֿון מקוה, שול און בית-המדרש, צו וועלכע ער פֿלעגט דערנאָך צוריק קומען „קלאַפּטער", אויפֿצוזוכן זיינע מלבושים, צוריקצוקומען צו קהל...

מיט איין וואָרט: שיין פֿלעגט ער שווימען. אַמאָל אויך ווייט; אָבער קיינמאָל נישט טיף! אונטערטוקן זיך, אָדער ווי מען רופֿט עס: „נורקיווען" איז נישט געלעגן אין זיין נאַטור! ער האָט זיך איבערן טייכל ווי געגליטשט... פֿון אויבן, פֿון אויבן...

וואָס אונטן טוט זיך, ווי עס לעבט זיך אונטן, צווישן זאַמד און שליים און אָן אַ ליכטיקן שטראַל, — דאָס האָט אים קיינמאָל נישט אינטערעסירט... אונטן איז נישט שיין, אפשר גאָר — צו טיף...

אָבער בשעת ער פֿלעגט אַרומשווימען פֿון אויבן, האָט

אונטן נישט גערוט! גאָט ווייסט, פון וואַנען עס איז אויפן זאַמד אַ זאָמען געפאַלן, אַ לעבעדיקער זאָמען, און דערפון איז אַ וואַסער-פלאַנץ אַרויס... קיין ציטרין, קיין פּאָמעראַנץ, קיין אתרוג — דאָס מוז שטעקן אין פעטער ערד און באָדן זיך אין לופט, נאָר אַ קבצנישע וואַסער-פלאַנץ, וואָס איז יוצא מיטן גרינעם ציטריקן וואַסער-שיין און צעוואַקסט זיך אין דער נאַסער פינסטערקייט פון שעה צו שעה... און וואַקסנדיק צעשפּרייט זי זיך, פאַרוויקלט זיך און ציטערט ביי יעדער באַוועגונג פון שטילן וואַסער, און דאָך אַרבעט זיך עס פאַמעלעך, פאַמעלעך אַרויף אַ געמיינע, נאָר אַ פרוכטבאַרע וואַסער-פלאַנץ... אין דער לענג און אין דער ברייט וואַקסט זי... דערפון אָבער האָט דער אויסטערלישער שווימער נישט געוואוסט. און פון וואַנען? ער פלעגט זיך נישט אונטערטוקן, נישט טיפער אַראָפּלאָזן, האָט די וואַסער-פלאַנץ אָן זיין וויסן זיך צעוואַקסן און אָן זיין וויסן זיך געמערט, און אַז דער אויסטערלישער שווימער האָט פלוצלונג אָנגערירט זי מיט אַ פוס, איז עס נישט צו זיין גוטן געווען!

עס איז אים פלוצלונג איינגעפאַלן: „טריט וואַסער!"
ער פּרובט און גייט טריט וואַסער, און טרעפט צו דער וואַסער-פלאַנץ און פאַרטשעפּעט אַ פוס אין עפּעס קאַלטס, ווייכס און לענגליכעס. ער דערשרעקט זיך: פון וואַנען? וואָס? קען ער דען נישט דעם טייך? און שרעק איז דער ערגסטער יועץ!... ער האָט זיך אָנגעהייבן, אַרויסצואַרבייטן, אַרויסצעוויקלען זיך פון די לאַנגע, קאַלטע, ווייכע שלאַנגען, און האָט זיך אַליין אין זיי וואָס אַמאָל מער פאַרפלאָנטעט... וואָס מער ער האָט זיך געוואָרפן פאַר שרעק, מער פאַרוויקלט האָט ער זיך אין דער אָרעמער קבצנישער וואַסער-פלאַנץ, וואָס וואַקסט פון אונטן אַרויף, און אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער האָט עס אים אַראָפּ און אַראָפּ געצויגן... אָט זעט שוין דער הימל נישט מער פון גרויסן, ווייטן שווימער, ווי אַ קאָפּ; דער שיינער לייב איז שוין פאַרשוואונדן... אָט נישט מער, ווי שרעקלעכע, אָפּגעריסענע שווימער-

אויגן... אָט שוין נישט מער, ווי עטלעכע לענגערע האָר, וואָס קריכן איבערן וואַסער, ווי שוואַרצע ווערעמלעך. ענדלעך ווערט דאָס אויך פאַרשוואונדן...

אויס שווימער!

---

נישט בעסער האָט אויסגעפירט אַ געוויסער דאַך-באַשלע-גער, וואָס האָט זיך, נאָך יאָרן פון מי און מאַטערניש, צו אַ הויך הייזל דערשלאָגן. ביליק האָט ער עס געקויפט און באַלד זיך גענומען דעם דאַך צו באַנייען. פאַרוואָס גראָד דעם דאַך? ווייל דאָס קאָן ער, דאָס איז זיין מלאכה, צו דעם ברויך ער קיינעמס האַנט, קיינעמס עצה נישט!

פרעמדס האָט ער פיינט!

און אַז ער האָט באַנייט דעם דאַך, האָט ער שוין פון אים קיין פוס און קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט, ער איז און מוז בלייבן דער רייכסטער, דער שענסטער און דער שטאַרקסטער דאַך אין שטאָט. וואָס אין קעלער טוט זיך, איז נישט זיין זאָרג; דערויף איז ער קיין מבין נישט. וואָס עס הערט זיך נאָך טיפער, ביים פונדאַמענט, איז נישט זיין זאַך. אויפן דאַך, אין דער העכסטער הויך, איז פאַר אַ דאַך-באַשלעגער, אַזוי פריי, אַזוי גוט... און אַ דאַך פאַרלאַנגט אַן אויג! ווינטער מוז ער אָפּקערן דעם שניי... קוים עס פאַלט אַביסל שניי, ער שטייט שוין אויבן מיטן בעזעם! זומער-צייט האָט ער נאָך מער צו טון מיטן דאַך! אָט באַווייזט זיך אַ גרעזל (גאָט ווייסט, פון וואַנען דער זאָמען דערצו האָט זיך גענומען) אין אַ שפּעלטל צווישן צוויי בלעכן — רייסט מען עס אויס... אַניט צעוואַקסט זיך דער קבצן און צעשפּאַרט די בלעכן פון אויבן! אָט באַווייזט זיך ערגעץ אויף אַ בלעך אַ שטיקל שפּרענקעלע, אַ פלעקל אַ געלס, דאָס איז געפערלעך! עס הייבט אָן ראָסטן; און ער האָט מיט זיך אַ קליין טעפּעלע סמאָלע מיט אַ פּענזל און פאַרכאַפּט, און פאַרשמירט... אַמאָל בייגט זיך אויס אַן עק פון אַ בלעך, פון ווינט, צי

פון דער זון, עס וועט זיך באַלד איבערלייגן, ווי אַ „פּאָפּלעניק״ — געשווינד לויפט ער נאָך בליי און לייט־אייזן — די בלעך וועט זיך שוין נישט רירן!...

און אַזוי טאָג אויף טאָג, טאָג אויף טאָג! זאָל דער הימל זען, ווי ער היט אָפּ זיין אייגענעם דאַך און נחת האָבן פון זיין גלאַנץ...

אונטן האָט זיך דערווייל אויך עפּעס געטאָן...

אין קעלער אַריין איז וואַסער גערונען. רעגן־וואַסער, שניי־וואַסער און אַזוי פון גאַס — רינשטאָק־וואַסער... פון דעם ווייסט קיין דאַך־באַשלעגער נישט. פונדאַמענט און קעלער זענען נישט זיין פאַך... און ווען ער איז פּלוצלונג געוואָר געוואָרן... נישט צו זיין גוטן איז עס געווען!

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, כאָטש אָן זיין וויסן, איז דאָס וואַסער צו די פונדאַמענטן צו, און האָט זיי אונטערגעוואַשן, דורכגענעצט, צווישן ציגל און ציגל זיך אַריינגעדריקט און דעם גאַנצן פונדאַמענט צערודערט...

אויבן שטייט דער דאַך־באַשלעגער און קלערט: ווי גלאַנצט דער דאַך! ווען ער האָט לבנה און שטערן, וואָלט ער אַ הימל געווען! און אין דערזעלבער רגע: טראַך! נאָך אַמאָל: טראַך!

צי דונערט פון ריינעם, בלויען הימל?

ניין, דער ריינער, בלויער הימל איז רוהיק; נאָר דאָס הייזל פּלאַצט און פאַלט און באַגראָבט דעם דאַך־באַשלעגער אין זיך!

---

מיר בלייבט נאָך די דריטע, די לעצטע מעשה.

אַמאָל איז געווען אַ קאַרטאָפל־קינד... אין אַ הייל אין דער ערד איז עס געבוירן געוואָרן (גאָט ווייסט, פון וואַנען דער זאָמען האט זיך דאָרט גענומען!) און דאָרט האָט עס געלעבט און געקווענקעט, געלעבט און געקווענקעט.

דער זאָמען, וואָס גאָט ווייסט, פון וואַנען ער האָט

זיך געגומען, האָט נאָר אַ מוטער געהאַט. און די מוטער האָט אים קוים מיט קאַרטאָפל און נישט צו דער זאַט געשפּייזט, מער האָט זי אים נישט געקאָנט געבן, אַפילו קיין נאָמען נישט! קאַרטאָפל — דאָס ווייסט יעדער דאָקטאָר — פאַרמאָגט אין זיך ווייניק פאָספאָר, און אָן פאָספאָר קאָנען זיך די ביינער רעכט נישט אַנטוויקלען. ביינער דאַרפן: פיש, פליייש און דער עיקר — מילך. די האָבן אַסך פאָספאָר אין זיך און דער-פון ווערן די ביינער געבויט. דאָס קינד, וואָס האָט זעלטן אַמאָל אַביסל וואַסערדיקע מילך געזען, — און פליייש און פיש אין דער שענסטער שמחת-תורה-נאַכט אַפילו אין חלום נישט געזען, האָט דעריבער שמאָלע שוואַכע ביינדלעך געהאַט... און ווי מאָגער און ווי דאַר עס איז נישט געווען, ווי ווייניק פליייש עס האָט אויף זיך נישט געהאַט, האָבן עס די שוואַכע פיסלעך נישט געקאָנט דערטראָגן, זיי האָבן זיך געבויגן אונטער דער לאַסט; ווי צוויי פיילנבויגן האָבן זיי זיך אויסגעדרייט... און דאָס קאַרטאָפל-קינד האָט זיך אין דער נאַסער, פינסטערער הייל אויף אַלע פיר געראַשט...

טיילמאָל האָט זיך עס אויך פון דער הייל אַרויסגערוטשט. בפרט אין אַ שיינעם זומער-טאָג... עס האָט געבענקט אַרויס און אַרויס... און געבענקט האָט עס: נישט צו דער זון, נישט צו ליכט און וואַרמקייט אָדער צו פרייער ליכט... נאָך וואָס? עס האָט געבענקט צום קאַלך, וואָס מען האָט אַלס מיסט אויפן פרייען פעלד פאַר דער הייל צעשפּרייט... דעם קינדס אינסטינקט האָט אים אונטערגעזאָגט: עס קאַלך! עס האָט אים געיאָגט צום פאָספאָר אינם קאַלך!...

און עס האָט זיך געראַשט אויף אַלע פיר דאָס קאַרטאָפל-קינד אין דער נאַסער, פינסטערער הייל, און טיילמאָל האָט זיך עס אויף אַלע פיר אַרויסגערוטשט פון דער הייל, און זיך דער מוטערס וויסן — קאַלך געלעקט... זי וואָלט עס נישט דערלאָזט!

מיט אַמאָל אָבער האָט זיך דעם קינדס לעבן פאַרבעסערט

די מוטער איז נישט רייכער געוואָרן, האָט אויך קיין בעסערע אַרבעט נישט באַקומען. געשען איז עפּעס אין דרויסן: אַ שטאָט־עושר האָט זיך, נישט ווייט פון דער הייל, אַ זומער־וואוינונג, אַ קליין פּאַלאַצל געבויט; — די קיך פון פּאַלאַץ איז אויסגעקומען פּונקט קעגן דער הייל; און פאַר דער קיך איז זיך אַ בערגל מיסט געוואַקסן, פון טאָג צו טאָג, פון שעה צו שעה, און אין דעם בערגל איז פאַרן קאַרטאָפל־קינד אַ גן עדן, אַן אוצר געווען, אַן אוצר פון אַלערליי שיריים פון רייכן טיש...

דאַמאָלט האָט עס דעם קאַלך פאַרגעסן, און האָט זיך, ווי אַ וואָרעם, אין מיסט געגראַבלט, איבערן בערגל מיסט געצויגן און געשפּייזט זיך...

אויף יענער זייט פּאַלאַץ האָט זיך אַ גאָרטן צעוואַקסן, אַ גאָרטן מיט בלומען... נאָר אַזוי ווייט האָבן דעם קאַרטאָפל־קינדס פיסלעך נישט געטראָגן... און: נאָך וואָס בלומען? איבערן קאָפּ האָט זיך אַ ליכטיקער, בלויער הימל געצויגן; וואָס האָט עס צום הימל? אַזוי הויך הייבט דאָס קאַרטאָפל־קינד דאָס אָנגעלאָפּענע קעפּל מיט די וואַסעריקע אויגן נישט אויף!... אין בערגל פאַר דער קיך האָט עס געגראַבלט, גאַנץ אָפּט אַפילו די הענט נישט באַנוצט, און גלייך מיטן הונגעריקן מויל געשלונגען...

אויפגעהויבן דעם קאָפּ האָט עס שפּעטער, שפּעטער, ערשט אינמיטן זומער, ווען עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגע־געסן כמעט צו דער זאַט, ווען די פיסלעך האָבן זיך אַביסל געשטאַרקט און אויסגעגלייכט... און אויך דאַמאָלט, נישט צום הימל, נאָר צו די פענסטער פון פּאַלאַץ, פון איבער דער קיך... און דערזען האָט עס — ווייסע פאָרהאַנגען...

איינמאָל דאָך האָבן זיך די פאָרהאַנגען צערוקט און צווישן זיי האָט זיך עפּעס באַוויזן — אַ קליין, ראָזיק קינד, מיט גרויסע, גרויסע אויגן. אין אַ ווייס, מיט שטערנדלעך באַשאָטן, קליידעלע... פאַרציטערט איז דאָס קאַרטאָפל־קינד

אָדער דאָס מיסט-קינד געבליבן ... און האָט לאַנג, לאַנג פון פענסטער קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט. נישט געקאָנט אַראָפּלאָזן! דער פאָרהאַנג האָט זיך צוריק פאַרמאַכט, און ער האָט אַלץ געקוקט און געקוקט ... אין די וואַסעריקע אויגן האָט אָנגעהויבן אַ ליכטיקער שטראַל צו בלאָנדזשען ... ביינאַכט האָט ער וואונדערלעכע, נישט פאַרשטאַנענע, חלומות געהאַט; דאָס קליינע מיידעלע (עס איז אַ קליין מיידעלע געווען) איז פאַרשוואונדן געוואָרן, נאָר דאָס קאַרטאָפל-קינד האָט שוין אויפגענומען אין אָרעמען הערצל איר זיס געשטאַלט. ער האָט זי שוין נישט פאַרגעסן! ער האָט זי פאַרשלאָסן אין זיך, ער זעט זי באַטאָג, ער חלומט פון איר ביינאַכט ... אַ הייליקן סוד האָט ער אין זיך איינגעשלאָסן, און ער פלעגט זיך שוין אַרויסרוטשען פון דער הייל נישט צוליב דעם קאַלך, אַפילו נישט צוליב שיריים אין מיסט, נאָר צוליב דעם פענסטער מיט די ווייסע פאָרהאַנגען, צווישן וועלכע ער האָט אַמאָל דאָס בעסטע און דאָס שענסטע געזען און ער האָפט, און הערט נישט אויף צו האָפן, נאָך אַמאָל עס צו זען ...

און ער האָט זי דערזען נאָך אַמאָל.

נאָר דאָס איז שוין גאָר, גאָר סוף זומער געווען .. און אויך נישט צו זיין גוטן ...

מען האָט זיך פון פאַלאַץ אַרויסגעצויגן ... צוריק אין שטאָט אַריין ... מען האָט די פאָרהאַנגען אַראָפּגענומען, מען האָט אַ פענסטער געעפנט און פלוצלונג האָט אַ האַנט אָנגענומען דאָס קליינע געהאָפטע, געחלומטע מיידעלע און פאַרן קאַרטאָפל-קינד אין מיסט אַריינגעשליידערט ...

און דאָס קליינע געהאָפטע, געחלומטע האָט אויף אַ ביין געטראָפן, און עס האָט געפלאַצט דאָס געהאָפטע, געחלומטע פאָרצעלייענע מיידעלע, און עס איז אַרויס — אַביסל זעגעכץ! ...

---

און דער מוסר דערפון?

1) נעמט טיפער!

2) קוקט אויף די פונדאַמענטן און זייט וויסן, אַז –

3) פאָרצעלייענע אידעאַלן, וואָס מען וואַרפט פון דער הויך פאַר קארטאָפל-קינדער זענען פול מיט זעגעכץ...

---

# דער באַרד

אין די ערגסטע צייטן זענען פאַראַן גוטהאַרציקע מענטשן, וואָס האָבן ליב, ווייניקסטנס, גוטע בשורות אָנצוזאָגן, און אַז דעם דיכטער איז געבוירן געוואָרן דער ערשטער לעזער, האָבן זיך געפונען גוטע לייט, וואָס האָבן זיך אויפגעהייבן אויפן העכסטן שטאָק און זענען געקומען אין דיכטערס דאַך־שטיבל אַריין, אָנזאָגן אים אַ מזל־טוב:

— מזל־טוב דיר, דיכטער, מען הייבט דיך אָן לעזן און פאַרשטיין.

און אַז דער דיכטער האָט זיך נישט דערפרייט, האָבן זיי צוגעגעבן:

— אמת, איין שוואַלב מאַכט קיין זומער נישט, דאָך איז ער נישט ווייט; עס וועט קומען דער טאָג, ווען דיינע לידער וועלן אַרויסקלינגען פון אַלע פענסטער, דיינע מעלאָדיען וועלן געזונגען ווערן, און די הויף־מוטער וועט מיט דיין ליב־זיס געזאַנג איינשלעפן איר ליב קינד. דיינע געפליגלטע ווערטער וועלן זיין אין חתן־כלהס מויל און דער אָרעמער בלינדער בעטלער אין גאַס וועט פאַרהאַלטן די פאַרבייגייער מיט דיינע זיס־קלינגענדיקע ריימען.

אַזוי האָבן די גוטע מענטשן געזאָגט, און דער דיכטער איז דאָך נישט פרייליך געוואָרן און האָט זיי מיט אַ טרויעריקער שטימע געענטפערט:

— איך האָב אייך פאַר דער גוטער בשורה נישט מיט וואָס אויפצונעמען. נעכטן האָב איך מיך מיט מיין קאַנאַריק מיטן לעצטן שטיקל צוקער צעטיילט. פאַר דאָס, אייב איר ווילט, וועל איך אייך אַ מעשהלע דערציילן...

זיי האָבן אַ זיס-זויערלעכע מינע געמאַכט און זענען באַשטאַנען.

---

– אין אַלטע צייטן איז אין אַן אַלטער שטאַרקער בורג אַ יום טוב געווען — אַ דרייפאַכיקער יום-טוב. דער הער פון דער בורג האָט זיין נאָמען-טאָג געהאַט, ער איז צוריקגעקומען פון שלאַכט-פעלד אַלס זיגער און – ער האָט זיך מיטגעבראַכט אַ יפת-תואר – אַ געפאַנגענע.

אילומינאַציע.

אויף די גרינע, קאַלטע בריסט פון וואַסער, וואָס רינגלט אַרום די בורג, זענען ברענענדיקע פעסער סמאָלע געשוואומען. די אַלטע מויערן זענען באַהאָנגען געווען מיט גירלאַנדן און פאַרשיידן-פאַרביקע לעמפלעך ביז די העכסטע שפיצן. די איינוואוינער פון טאָל האָבן די גאַנצע נאַכט אויף די קליינע דעכלעך וואַך געהאַלטן, און די פונקען, וואָס זענען אויף זיי פון דער בורג געפלויגן — אָפּגעשאַרט. ווי מיט בלוט אָנגעגאָסענע רוחות אויגן, האָבן די גאָטישע פענסטער געפלאַמט...

און אין סאַלאָן, וואו די גרויסע סעודה איז געווען, בליצט! עס פלאַמען די שמעקעדיקע וואַקס-ליכט. עס פינקלען דיאַדעמען אויף די דאַמען-קעפּ, די גאַרטל ביי די העלדן. עס בלאַנקט זילבער, גאָלד און קריסטאָלן-געשיר אויפן טיש און פלאַקערן די פנימער פון וויין, די דאַמען-אויגן שלאָגן פונקען ———

און דאָך איז נישט היימלעך ביים טיש.

– וויין, ווייב איז דאָ – זאָגט מיט אַ געראונצעלטן שטערן דער באַראָן — וואו איז געזאַנג?

– גרויסער, מעכטיקער זיגער – האָט מען געענטפערט – עס זענען אין דיין לאַנד באַרדן געווען... האָבן זיי פאַר דיר פרעכע לידער געזונגען און מיר האָבן אויף דיין באַפעל זיי געהאָנגען!

– איז קיין איינציקער געבליבן, ער זאָל זינגען ביים טיש ?

די הויף-לייט שוויגן, נאָר אַן אַלטער קאַמערדינער געזעגנט זיך בוקנדיק און זאָגט:

– איינער, וואָס האָט נאָך נישט די ערע געהאַט פאַר דיינע אויגן צו זינגען, איז געבליבן; ער איז אין טאָל... זיין מוטער שטאַרבט, און ער זיצט ביי איר בעט און פאַריאָגט מיט זיין געזאַנג די שרעק פאַרן טויט פון אירע אויגן.

– ברענגט'ן! – קלינגט דעם באַראָנס קורצער באַפעל – און מען האָט'ן געבראַכט אין קייטן געשמידט.

---

— ווילסט מיך טויטן, – זאָגט דער באַרד – טו עס באַלד, זאָל זיך מיין נשמה מיט מיין מוטערס נשמה טרעפן אויפן וועג...

— זינג! – באַפעלט דער באַראָן.

— נעמט אים די קייטן אַראָפ! – ווענדט ער זיך צו די האַלאַבאַרדן, וואָס האָבן אים געבראַכט.

– וואָס זאָל איך דיר זינגען? – פרעגט דער באַרד.

– זינג פון מיין זיג – פון די שטעט, וואָס איך האָב פאַרברענט, פון די שלעסער, וואָס איך האָב צעשמעטערט, פון העלדן העלזער, אויף וועלכע איך האָב מיין פוס געשטעלט, פאַן די בלוטיקע קעפ אויף די שפיצן פון אונזערע שפיזן – פון גלאַנץ פון די טייערע אוצרות, וואָס מיר האָבן גערויבט!

— דאָס קאָן איך נישט, באַראָן! פאַרכשופט איז מיין ציטער, און ריר איך אָן אירע סטרונעס, וועלן די טייכן בלוט, וואָס דו האָסט פאַרגאָסן, אָנהייבן זידן... און דאָס געקרעכצעריי און געשעלטעריי פון די געטויטע וועט זיך וועקן, און דאָס געפייפעריי פון די פייערדיקע שלאַנגען, און דאָס פאַרשטיקטע כאָרכלעריי פון געשענדעטע פרויען און די שרעק-רופן פון געשפּאָלטענע קינדער – דאָס אַלץ וועט זיך וועקן – און נישט פרייד וועל איך אייך געבן, נאָר שרעק – שרעקלעכע אַנגסט. אייערע אויגן וועלן אייך פון די קעפ

ארויסקריכן, אייערע האָר וועלן זיך, ווי די שלאַנגען צעוואָרפן —

— שווייג! — באַפעלט דער באַראָן און זיך איינהאַלטנדיק זאָגט ער ווייטער:

— נו, זינג די שיינהייט פון מיין געפאַנגענער ליבשאַפט. זינג אירע אויגן, און פאַרגלייך זיי צו די שטערן, איר בלאַס געזיכט — און פאַרגלייך עס צום ריינסטן מאַרמאָר, איר שלאַנקן קערפּער — און פאַרגלייך עס — נו, געפין דו דעם פאַרגלייך.

— הייליק איז מיין ציטער און ריין — ענטפערט דער באַרד, — קיין שאַנד און זינד שפּילט זי נישט... עס וועט איין סטרונע פּלאַצן נאָך דער צווייטער... איר אומגליק נאָר קאָן איך זינגען — די וואונדן, וואָס וועלן איר אַרויסשפּראָצן אונטער דיינע זינדיקע קושן, דאָס פאַרלעשן פון אירע אויגן, וואָס דו וועסט אויסזויגן מיט דיינע שאַנד-דורשטיקע ליפּן.

— שווייג! — נאָר ער האַלט זיך ווייטער איין, ער וויל דעם דרייפאַכיקן יום-טוב זיך נישט צו שאַנדן מאַכן — זינג פון פרייד — פון ווייך, וואָס פערלט זיך אין גאָלדענע — —

— בלוט פּערלט זיך אין דיין בעכער — האַקט איבער דער באַרד — שווייס און בלוט זופּן דיינע ליפּן — —

און דער באַראָן גיט אַ ווינק, ער זאָל שווייגן, און ווענדט זיך צו זיינע הערן:

— דריי מאָל האָט מיר געענטפערט דער באַרד. צי האָט איר פאַרשטאַנען זיינע רייד?

— קיין וואָרט, — ענטפערן אַלע, ווי איין מאַן.

— איר האָט אים דאָס לעבן געראַטעוועט — זאָגט דער באַראָן — און אים פאַרשליסט!

און אין פינסטערן קעלער זיצט דער באַרד. דריי מאָל אין טאָג דערלאַנגט מען אים דורך אַ לאָך אין דער וואַנט ברויט מיט וואַסער. אין דער פינסטערקייט זעט ער אַפילו נישט די האַנט, וואָס דערלאַנגט עס אים...

— נעבעך! — זיפצן אָפּ די גוטע לייט, וואָס האָבן די בשורה געבראַכט.

— און דאָך — דערציילט דער דיכטער — איז ער גליקלעך געווען. ווייל גליק שטעקט אין דער מאַכט. ווער, האָט ער גערעכנט, איז שטאַרקער פאַר אים?

נישט קיין העלד געבוירן, קיין וואפן נישט געטראָגן, קיין הערשער־רעכט פון קיינעם נישט געירשנט, און דאָך ציטערט פאַר אים די בורג, ציטערט איר הערשער! מען ציטערט פאַר זיין וואָרט, פאַרן שטילסטן קלאַנג פון זיין צימער!

ער זיצט אין דער פינסטער, און זיין נשמה באָדט זיך אין ליכטיקן נחת: איך בין דער שטאַרקער, מיך איינעם מוזן זיי אַלע היטן, זיי, די שטאַרקע, די באַוואָפּענטע, די הערשער!

און עס פליסן אַוועק שטונדן, טעג, וואָכן, מאָנאַטן און יאָרן — ער ציילט זיי נישט; ער פילט נישט דעם גאַנג פון דער צייט! אירע שטילע פליגל באַרירן נישט זיין געזיכט, און זייער גערויש קומט נישט אין זיינע אויערן אַריין. ער פילט נאָר זיין אייגענע קראַפט און נאָגט פון איר שטילן און זיכערן תענוג! אַרמאַטן און טראָמפּייטן קאָנען זיין שוואַכע שטימע נישט פאַרשטילן! מען ציטערט פאַר אים, פאַר שרעק האָט מען אים איינגעמויערט —

ער שלאָפט נישט, דער באַראָן! לענדער האָט ער איינגענומען, בורגן צעשטערט — וועלדער ציטערן פאַר אים און זיינע הערשער, און ער ציטערט פאַר מיר; כל זמן איך לעב שרעקן אים ווילדע חלומות, וואַקלט זיין טראָן, איז פאַרגיפטעט זיין זינדיק לעבן...

— איך בין די קראַפט!

---

קעגן וואָס דערציילט ער עס? — וואונדערן זיך די גוטע לייט, וואָס האָבן די גוטע בשורה געבראַכט. און דער דיכטער רוט זיך אָפּ אַ ווײַלע און ענדיקט זיין ערציילונג:

אויף אַלץ קומט דאָך זיין צייט! און, נאָך לאַנגע לאַנגע

טעג און נעכט, וועקן אים טריט אין קאָרידאָר און אַ געקלאַנג פון אייזן.

– זיי קומען מיך טויטן! — מיינט דער באָרד און וויל אַקעגן גיין דעם טויט מיט פרייד. דער טויט פון שטאַרקן איז שטאַרקער פון זיין לעבן. פאַר זיין באַפרייטן גייסט, וועלן זיי מער ציטערן – איך וועל זיי צו חלום קומען!

נאָר ער האָט אַ טעות געהאַט.

– מיר זענען געקומען דיך באַפרייען! — רופט מען צו אים מיט פרייד און מיט אייזן ברעכט מען די טויער – אַ שטראָם ליכט יאָגט אַריין –

– ווי אַלט ער איז געוואָרן – באַמערקן די באַפרייער.

– ווי ווייס זיינע האָר!

– דאָך די אויגן ברענען!

נאָר די אויגן לעשן זיך און מיט אַ געבראָכענער שטימע פרעגט דער באָרד:

– באַפרייען ווילט איר מיך? מען האָט שוין פאַר מיר קיין פחד נישט? אַזוי אַלט בין איך?

און די באַפרייער ענטפערן:

– נישט מורא האָט מען פאַר דיר; מען האָט זיך צו דיר פאַרבענקט! יעצט פאַרשטייט מען דיך, און מען וויל עס הערן פון דיין מויל אַליין! דער באַראָן אַליין האָט זיך אָן דיר דערמאָנט... ער אַליין שיקט נאָך דיר. זיין נאָמענס-טאָג איז היינט און ביים טיש איז אָנגעגרייט, ביי זיין רעכטער האַנט, אַן ערן-שטיל פאַר דיר און גאָלדענע בעכער אויפן טיש. און די הויף-דאַמען זענען זיך אין די גערטנער צעלאָפן זוכן בלומען אויף אַ קראַנץ פאַר דיר... און די הערן זאַמלען אויף אַ געשאַנק פאַר דיר — אַן אייביק געדעכעניש... אַזוי הויך שעצט מען דיך. מען האָט דיך ליב באַקומען – זיינע לידער פון טאָל ווערן אין הויף געזונגען — —

– קום מיט אונז, דו האָסט דיין גליק דערלעבט...

– איך ווייס נישט, – ענטפערט דער דיכטער – ווי לאַנג איך האָב אויף דעם גליק, פון וועלכן איר רעדט, געוואַרט –

איך האָב די יאָרן נישט געציילט; נאָר איבער די צייט בין איך ווילד באַוואַקסן געוואָרן...

— מען וועט דיך שערן און קרייזלען און מיט שמעקנדיק וואַסער באַגיסן — —

— און צעפוילט זענען מיינע קליידער —

— נייע, זילבער און גאָלד-געשטיקטע קליידער וואַרטן אויף דיר — קום, געליבטער דיכטער, מיט אונז —

— ווי קאָן איך אָנטון — קלאָגט זיך ווייטער דער באַרד — די קעניגלעכע קליידער, אַז מיין לייב איז פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן און אומריין! — גוטע לייט, פירט מיך פריער צום וואַסער, וואָס פליסט אַרום שלאָס, און לאָזט מיך פריער זיך באָדן און וואַשן!

דערויף זענען די גוטע מענטשן באַשטאַנען.

דער באַרד איז אין וואַסער אַריין, אָבער מער אַרויסגעקומען איז ער נישט.

— ער האָט זיך דערטרונקען? — פרעגן די לייט דערשראָקן.

— געוויס!

— פאַרוואָס?

— נאָך וואָס האָט ער נאָך געזאָלט לעבן?

# יענקל פעסימיסט

איינמאָל גיט יענקל אַ רוק מיט כּעס דעם „חובת הלבבות״, וואַרפט אַרונטער דעם קאָפּ אויף דער אָנלען פון באַנק און פאַרגלאָצט די אויגן צום סופיט.

דערביי האָט ער געמאַכט אַזאַ זויער־לאַנגווייליקע מינע און האָט זיך אַזוי פאַרקרימט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס לעבן קריכט אים אויסן האַלז אַרויס.

— דאָס גאַנצע אומגליק איז, — זאָגט ער — וואָס בעל כּרחך אתּה חי! —

— יענקל, וואָס איז מיט דיר? וואָס פעלט דיר? אַ מאָנטאָג צי אַ דאָנערשטאָג?

— ער וויל מיך איינרעדן — ענטפערט יענקל בייז, אָנווייזנדיק אויפן אַוועקגערוקטן „חובת הלבבות״, — אַז איך בין די קרוין פון דער גאַנצער טבע, אַז מען מיינט נאָר מיך. איך וואוין מיר אין דער שענסטער דירה, די ערד איז מיין פּאָדלאָגע, זון און לבנה — מיינע הענגל־לייכטער, די שטערן — מיינע העסעס; די חיות, עופות און בהמות און אַפילו ווערים זענען מיינע משרתים! נו, פעלט מיר עפּעס?

— וועלכער טאָג פעלט דיר פּאָרט?

— ע! עס גייט נישט אין די טעג — האָט יענקל געענטפערט, — איך האָב אַ שבת ביי בערל קצב, איז ער מער ווערט, ווי ערגעץ אַנדערש אַ גאַנצע וואָך...

זיין וייב, די גראָבע שפּרינצע, שרייט נאָר: עס! עס! זי וואָלט מיך איינגאַנצן אָנגעפּילט ווי אַ קישקע!

— עס, עס, יונגערמאַן, — זאָגט זי, — ווערסטו כּח האָבן צו לערנען; וועט דער זכות פון דיין תורה אונז ביישטיין! איך מוז שטודירן ווייטער קישקע, ווייטער קוגל! אָבּער

יוצא זיין, אַבי דער זכות פון מיין תּורה זאָל זיי מציל זיין מדינו של גיהנום פאַר אַ בלייען אַ צולאָג, פאַר אַ פאַלשע וואָג, און אפשר נאָך פאַר אַ גוט אויג... ווייל איך זע, אַז זי וואַרפט אַמאָל אַן אויג...

— וואָס פעלט דיר פאָרט, יענקל? גאָט איז מיט דיר!

— עס פעלט מיר גאָרנישט, נאָר דאָס לעבן איז מיר נמאס ומאוס, דאָס לעבן!

— נו, ווער לאָזט דיך נישט, יענקל? מאַך אַן עק!

— בעל כּרחך אתּה חי! — דאָס זאָג איך דאָך! און ער לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פון סופיט.

— ווי הייסט בעל כּרחך? און וואו איז אַ מעסער, אַ חלף, אַ טייך, אַ שטריק? ווילסט אַ זיסן טויט? — קויף דיר אַ צוקער־שטריקל! אַ פרומען טויט? — הענג דיך אויף אַ הענגל־לייכטער קעגן אָרון־קודש!

יענקל האָט זיך ביטער צעלאַכט.

— הערט, — זאָגט ער, — איך האָב שוין דאָס געקלערט, נאָך אין דערהיים... איך האָב מיך געוואָלט, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אָפּגטן מיט דער וועלט! פאַרוואָס — וועל איך אייך אַן אַנדערש מאָל דערציילן. די שאלה איז נאָר געווען ווי אַזוי? אַמבעסטן — האָט זיך מיר געדאַכט — איז שיטן זיך!

איך האָב מיך געקענט מיט אַ יידישן זעלנער. נאָר אַז ער האָט געהאַלטן די ביקס אין דער האַנט, פלעגן מיר די פיס אַזוי ציטערן, אַז איך האָב באַין אויפן נישט געקאָנט צוגיין.

גלייך עמעץ האָט מיך צוריקגעשלעפּט ביי די האָר.

אַ טיר אַקעגן אַ טיר האָט מיט אונז געוואוינט אַ שוחט; איך האָב אַמאָל געפּרובט ביי אים אַוועקניפן דעם חלף... איך האָב מיך תּוך כּדי דבור סקאַלעטשעט אַ פינגער און שיער נישט געבליבן חלשות.

פאַר קאַלט וואַסער, ווייסט איר, האָב איך עד היום מורא.

איז ביי מיר געבליבן, איך זאָל מיך הענגען.

איך בין אַרויפגעגאַנגען אויפן שול־בוידעם, דערלאַנגט אַ שטריק און האָב שוין אַפילו געהאַט די פּעטליע אויפן האַלז,

בין איך אָבער פלוצלונג אַזוי דורשטיק געוואָרן, אַז איך האָב געמוזט לויפן טון אַ טרונק קוואַס.

דערווייל האָט מיך די מאַמע געשיקט קוילן אַן עוף און איך האָב מיך עד היום נאָך נישט געהאָנגען.

מיר האָבן זיך אַלע צעלאַכט: „ווער איז דיר שולדיק, אַז דו ביסט אַ בעל פחדן?"

— ווער? אפשר בין איך שולדיק? איך וויל עפּעס מורא האָבן? וואָס איז, איך ווייס דען נישט, אַז וואָס פריער איז געזונטער? איך גלויב באמונה שלמה, אַז דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס אַ מענטש קאָן טון אויף דער וועלט.

איך נעם צוזאַמען אַלע מיינע כּחות, איך זאָל קיין מורא נישט האָבן; דער „בעל כּרחך אתּה חי" ליגט אָבער ערגעץ טיף פאַרבאָרגן אין האַרצן, און אַז עס קומט צו עפּעס — שווימט ער אַרויס, איז ער דאָ!

מאַכט ער, עס זאָלן מיר ציטערן די פיס.

שלעפּט ער מיך ביי די האָר.

רומט ער מיר איין אַ סוד, אַז איך בין דורשטיק...

נישט איך בין שולדיק! —

— און אַמאָל — זאָגט ווייטער יענקל — האָב איך אַן אַנדער מין מורא: איך טראַכט מיר: ווער ווייסט? אפשר דאַרף איך ווייטער לעבן אויפן עולם הדמיון? זיין דאָרט אַ ישיבה-בחור; עסן דאָרט איין מאָל אין דער וואָך אויף זעקס טעג קישקע, אַבי מזכּה זיין בערל קצבס ווייב! אַ קשיא אויף אַ מעשה? און אפשר נאָך, נאָך די יסורי מות, נאָכן ביטערן טראָפּן און נאָך חבוט הקבר, וועל איך ערשט מגולגל ווערן אין אַן אָקס, אין אַ קאַלב, און מען וועט מיך פירן, הונגעריקערהייט, אויף אַ שטריק אין שחיטה-הויז אַריין?...

איך וועל אַרויסשטעקן די צונג צו יעדן גרעזל, צו יעדן טראָפּן וואַסער אין דער בלאָטע, און עמעץ אַ בערל קצב וועט נאָכגיין מיט אַ פּאַלקע און וועט טרייבן, טרייבן...

ערשט שפּעטער וועט קומען אַ פרומער ייד... וועט פאַרגלאָצן די אויגן, מאַכן אַ ברכה, און — כיק!

יענקל איז געוואָרן בלייך, ווי די וואַנט; אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַדעקט דעם שטערן.

— איר לאַכט, — זאָגט ער מיט אַ הייזעריקן קול, — איר לאַכט? באשר דער רמב״ם זאָגט נ י י ן? דער אר״י זאָגט דאָך אָבער יאָ! און שלמה המלך, דער אמתער חכם, זאָגט פאָרט נישט מער ווי „מי יודע?!״...

ווער ווייסט? ווער קאָן עס וויסן?...

---

# כבוד אָב

(אַ מעשהלע פון יוחנן המלמד)

כידוע, איז, בעונותינו הרבים, דער עולם בזמן הזה נישט זייער מדקדק און איז גאָר נישט געוואָרנט אין ענין פון כבוד אָב.

איך דאַרף אייך נישט זאָגן, ווי ווייט נישט קלוג עס איז, צו נעמען אויף זיך אַן אחריות פון זלזול הורים ומורים. מער נישט, וואָס דער בורא עולם איז אַן אֶל ארך אפים און שטראָפט נישט תוך כדי דבור, ווייל ער וואַרט אָפּ, טאָמער וועט דער בשר ודם חרטה באַקומען, תשובה טון און האָבן אַ כפרת עון... זעט נישט דעריבער דאָס אויג פון אַ בשר ודם, ווי דער עונש גייט נאָך דעם חטא און מיינט, אַז, חס ושלום, לית דין ולית דיין און די וועלט איז הפקר! טרעפט אָבער פאַר דאָס, אַז דער חטא איז אַ טראָפן, וואָס מאַכט פול די מאָס, — דעמאָלט זעט מען שוין בחוש דעם עונש, זאָגט מען: אָט די זינד און אָט — מדה כנגד מדה — די האַרבע שטראָף, ווי עס איז טאַקע געשען אין דער מעשה, וואָס איך וועל אייך דאָ פאַרציילן.

אַ מעשה אַ פשוטע:

געוועזן ביי אונז אַן אָדם גס: בוינעם-בער האָט ער געהייסן. אַ מגושמער נאָמען און אַ מגושמער ייד. אָן אַ ריח תורה, אָן אַ ברעקל יראַת שמים. וואוינט כמעט מחוץ למחנה — אין אַ באַזונדער הייזל, גאָר אין עק שטאָט. האָט עסקים נור מיט פויערים, קיין ייד שמעקט נישט אַריין. ביי די פויערים קויפט ער אויף פלאַקס, וואָס ער פאַרשיקט ערגעץ מיט פויערישע פורן, — און איזן איז ער — אַ גבר, אַ בעל גוף אַ שווערער

רירט ער זיך פון אָרט, קרעכצט די פּאָדלאָגע אונטער זײַנע טריט. הענט און פיס - קלעצער. לייגט ער אַרויף אַ יד אויף אַ פּויערישן אַקסל, פאַר גוט-חברשאַפט, בייגט זיך דער פּויער אין דרייען, און ביי אַ „ירגזון", אַז ער דערלאַנגט מיטן פוס, פליט מען פון טיר אַרויס ווי אַ פייגל:

די פּויערים ציטערן פאַר אים, און וואָלטן פאַר אים קיין זאַך מיט באָרטשט ניט אַוועקגעשטעלט. דאָס ערשטע מאָל זעען זיי אַזאַ ייד. פון וואַנען קומט ער? פון ערגעץ געקומען און רודערט! איז אַ גאַנצער טאָג – פלאַקס און פלאַקס! געדונגען זיך, געשריען, הייזעריק געוואָרן און מושוה געוואָרן און עס ווערט אַ געפּאַטשעריי אין די הענט, אַז עס דונערט, קערט מען איבער אין האַלז אַריין אַ בלעכל נאָך אַ בלעכל מאַהאַריטש, האַלט מען אין איין קייען האַרטן קעז צום פאַרבייסן, אַרבעטן די ציינער, ווי די ריב-אַייזן... פון קיין לעפל געקעכטס ווייסט מען נישט. אַ מענטש איינער אַליין...

אַ ווייב האָט ער געהאַט, האָט ער זי פאַרפייניקט. נישט, חלילה, געשלאָגן, ווען ער רירט זיך צון איר צו, צעפאַלט זי, – שווייגנדיק. אַהער געקומען, האָט ער זי ערגעץ, וואו זי האָט געדינט, דערזען, איז זי אים געפעלן, פאַר איר שטילקייט און חנעוודיקער איידעלקייט. האָט ער אַליין אַ שדכן געשיקט. זי, אַ יתומה, עלנט ווי אַ שטיין, האָט זיך אָנגעכאַפּט, ווי אָן אַ ברעט אין מיטן וואַסער... אָבער באַלד נאָך די ימי המשתה האָט ער אויף איר אָן אום-חן געוואָרפן. „קיי און שפיי" – זאָגט ער. פאַלט נעבעך פון יונגן ווייבל דאָס פלייש; ווערט איר, פאַר וואַקסנדיקער שרעק פאַרן מגושמן מאַן, וואָס שווייגט, און שניידט, אַז ער הייבט אויף אַ ברעם, ווי מיט אַ קאַלט מעסער, – דער מוטערס מילך אַנטרינען. דרייט זי זיך, נעבעך, אַרום אים, ווי אַ שטילער שאָטן, אַ בלאַסע, אַצעשראָקענע, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן פון אונטערן שטערן, – טאָמער וויל ער עפּעס, מיט אויפגעשפּיצטע אויערן, טאָמער הייסט ער עפּעס. און די פאָר ווייסע ליפּן ציטערן, און פאַרעט זיך אַזוי לאַנג אַרום אַ באָרוועסע אין שטוב, ביז זי פאַלט פון

די „שטעקעלעך״, – אַזוי רופט ער אירע הענט און פיס – אין הייבט זיך נישט אויף... דריי יינגלעך האָט זי אים געלאָזט. קוקט ער נישט אויף די „דינע ממזרימלעך״... ער האָט פיינט קינדער שטרויעלעך... ער דאַרף געזונטע קינדער, ער וועט צוליב דעם חתונה האָבן. חתונה האָבן האָט ער אָבער קיין צייט נישט, און וואַרפט-צו יעדן פרי-מאָרגן די יינגלעך צו שטיקלעך ברויט און עפּנט זיי די טיר, סיי ווינטער, סיי זומער, דרייען זיי זיך אַרום, די יינגלעך, אָן אַ חדר, אָן אַ מאַמען און אָן השגחה פון טאַטן. שלענדערט מען זיך אַרום אין די גאַסן און געסלעך... אַז מען ווערט הונגעריק, כאַפּט מען פון די שטעלן, קומט זומער – קלויבט מען שוואָמען אין גאַנטן וואַלד, דערנאָך לויפט מען צום טייך. ניט לאַנג האָט עס געדויערט. איינער האָט, ווינטער-צייט, ביים ערשטן פראָסט, וואָס האָט געכאַפּט, איבערגעכאַפּט די מאָס ביים שלינגען אייזצאַפּן פון אַ דאַך, פאַרקילט זיך, באַקימען היץ, אַהיים געשלעפּט זיך אין היץ, ווי אַ פייער ברענענדיק, געוואָרפן זיך אויפן שעניק אין ווינקל, און מער ניט אויפגעשטאַנען... זומער געוואָרן, נאָך אין מיטן ספירה, לויפט דער צווייטער איינער אַליין זיך באָדן, פאַרשווימט אין אַ קעסל-גרוב אַריין, פאַרוויקלט די פיס אין וואַסער-גראָז... אַז דאָס וואַסער האָט אים אין דריי טעג אַרום אויפן ברעג אַרויסגעוואָרפן, האָט אים אַ ייד געפונען און אָפּגעטראָגן גלייך אויפן בית עלמין, דעם פאָטער נישט אָנזאָגנדיק... דרייט זיך דער דריטער, אַ ייִנגל פון אַ יאָר 6–7, איבערן זומער איינער אַליין אַרום אין וואַלד, חברט זיך מיט די ציגיינער, וואָס האָבן זיך איבערן זומער דאָרט אויפגעהאַלטן, און ווערט, קוים עס כאַפּט דער ערשטער פראָסט, פאַרשוואונדן מיט זיי צוזאַמען...

זאָגט בוינעם בער: אַ גאָט-זאַך! שאַפט אָפּ די דינסט, פאַרקויפט דאָס איבריקע כלי בית, לאָזט זיך נור איין בעט מיט בעטגעוואַנדס... ליב האָט ער צו שלאָפן הויך, צוליב דעם אָטעם. אַזאַ בעל בשר און נאָך אַזוי פיל מאַהאַריטש,

מיט וועלכן ער הייצט איין דעם אויוון איבערן טאָג – לאָזט ער זיך איבער דריי קישנס! און זעט נישט פאַר די אויגן קיין לעפל געקעכץ, קייט שוואַרץ ברויט, קערט איבער אַ בלעכל נאָך אַ בלעכל און פאַרבייסט מיט האַרטן קעז. מאַכט זיך אַזאַ מעשׂה. פון פאָטער, עטלעכע מייל פון דאַנען, איז ער אַנטלאָפן, ווייל ער האָט אים געהייסן גיין דאַוונען מנחה ומעריב, איז צינד דער פאָטער, איינמאָל אין איין אָוונט צו אים געקומען. נישט פאַר גנאת. אַ ייד אַ נהגה מיגיע כּפּו געוועזן, אַ טרעגער, איז דער ייד אַן אַלמן געוואָרן. האָט אים נישט געהאַט ווער אויפצופאַסן. דערווייל, פאַר צער און פאַרלאָזנקייט, איז די עלטער צוגעשפּרונגען, ער קאָן שוין קיין קאַסטן נישט טראָגן. די ביינער קנאַקן, די הענט ציטערן, בעט ער הילף, לאַכט מען אויס אים. האָט אין סמיכות אַ רייכן זון, וויל ער משׂיג גבול זיין אַנדערע אָרימע-לייט... ווענדט מען זיך פון אים אָפּ. באין ברירה – כאַפּט ער אויף זיך די בורקע און גייט, און קומט צום זון... אַ קבלת פּנים – נישט קיין פיינער.

– וואָס ביזטו געקומען?

ער פאַרציילט אים.

– ווילסטו, הייסט עס, ביי מיר בלייבן... נו... און קוקט אויף אים שאַרף און קאַלט, ווי נור אַן אכזר קאָן. דעם אַלטן ווערגן די טרערן אין האַלז, וואָס קאָן ער זיך העלפן?

פון וועטשערע איז קיין רייד נישט. מען דאַרף שלאָפן. שלאָפן איז שלאָפן.

– האָסט אַ בורקע, זייער גוט, וועסט דיר אונטערבעטן אויף דער פּאָדלאָגע. איך מוז שלאָפן אין אַ בעט... אַ קישן איינס וועל איך דיר געבן. על פּי דין, אַז אַ ייד האָט דריי קישנס און נעמט-צו איין עבד עברי, טאָר ער אויף מער קישנס ווי דער עבד עברי נישט ליגן, מוז ער דעם עבד עברי – דעם משרת אָפּגעבן צוויי און אַליין ליגן אויף איין קישן. און ער וואַרפט-צו דעם פאָטער איין קישן... און

זאָגט קיין גוטע נאַכט נישט, וואַרפט פון זיך די בגדים אַראָפּ, לעשט אויס דאָס ליכט, וואַרפט זיך אין בעט אַריין און דעקט זיך צו איבערן קאָפּ מיטן איבערבעט...

שטייט דער פאָטער און פינטלט מיט צעשראָקענע אויגן אין דער פינסטער. הייבן אים אָן די פיס ווי צו טון, זעצט ער זיך, ברעכט די פלייצע, ציט ער זיך אויס אויף דער פאָדלאָגע, — נישט ער זוכט, נישט ער טרעפט אויפן צוגעוואָרפענעם קישן. שלאָפן קאָן ער נישט, פאַר האַרצווייטאָג, פאַר צער און בושה. ליגט ער אַזוי, ביז דורכן שפּאַלט פון לאָדן רייסט זיך אַריין דער ערשטער בלאַסער שטראַל פון פרי-מאָרגן, מורמלט ער „מודה אני", שטייט-אויף, גיסט-אָפּ די נעגל, ענדיקט די ברכה, עפנט שטיל די טיר און שלייכט זיך אַרויס און לאָזט זיך איבער דער וועלט אויף קצבה...

און דאָס איז געווען דער לעצטער טראָפּן, וואָס האָט איבערגעפילט די מאָס.

קוים האָט דער אַלטער פאָטער די מזוזה געקושט, פון שטוב אַרויס און הינטער זיך שטיל די טיר פאַרמאַכט און בוינעס בערס בעט ווערט אומרוהיק. צי אַלעם ערשטן הייבן זיך אָן צו רירן די קישנס, רירן זיך, בלאָזן זיך, ווי מיט ווינט, פאַלן צוריק אַריין און אַזוי אויף און אָפּ. בוינעם בער וועקט זיך נישט. אַ טאָג מיט גרויס מאַהאַריטש געווען. ווערן, קענטיק, די קישנס בייז, גיבן זיך אַ שטרענג-אָן און רייסן זיך, אָנגעבלאָזענע, פון אונטער בוינעם-בערס קאָפּ אַפּער, און פליען, גלייך פליגל באַקומען, אַוועק, טרעפן אויף אַ שויב און האַקן אויס, און פאַלן אַראָפּ אויף דער פאָדלאָגע. בוינעם בער הערט נישט. דער קאָפּ איז אַראָפּגעפאַלן אויפן בלויסן שעניק און בלייבט ליגן, אַ רויטער ווי אַ בוראַק, מיט אַן אָפן מויל און שווערן אָטעם. הייבט זיך אָן צו בלאָזן דאָס איבערבעט. בלאָזט זיך, בלאָזט, און פליט אויך, גלייך פליגל באַקומען, פון לייב פון בעט אַראָפּ, ער שנאָרכט ווייטער, שוואַכער, גאָר שוואַך, קיין אויג עפנט ער ניט. דער לאָדן האָט אַ ברייטן שפּאַלט, דער פרי-מאָרגן איז אַ פּראָסטיקער

דאָס פּנים מיטן האַלז, מיט דער ברוסט פון אונטער אָפענעם העמד ווערן ברוין און בלאָ פאַר קעלט — דאָס לייב ציטערט צו ביסלעך. — קיין אויג עפנט ער נישט, גוט איינגעהייצט איבערן טאָג.

ווערט שוין בייז דאָס בעט, רודערט זיך, בייזערט זיך אויף אַ קול, טרייסלט זיך... בוינעם בער וואַרפט זיך אין צערודערטן בעט און — נישט אויפגעכאַפּט, גיט זיך דאָס בעט אַ הייב אויף קווער אויף צוויי פיס אין דער ברייט און גיט אים אַ טראָג אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע, אַז עס הילכט, און גלייך גאָר נישט, שטעלט זיך צוריק. ערשט דעמאָלט וועקט זיך בוינעם בער, עפנט די אויגן אויף, די ביינער ברעכן, קוקט זיך אום און צעשמייכלט זיך. אַ שיינע חורבה, טראַכט ער, האָט ער אָנגעמאַכט אין שכּורן שלאָף. וועגן פּאָטער טראַכט ער נישט, אודאי גאָר פאַרגעסן, אַז ער האָט דעם פּאָטער צו-גאַסט געהאַט. הייבט ער זיך אויף, גייט צו צום פענסטער, שטופּט אַוועק און עפנט דעם לאָדן — נאָך אַ שטיק פאַר-טאָג. בייגט אַרויס דעם קאָפּ, מען הערט נאָך קיין ראָד פון וועג; ער וועט זיך אַ ביסל איבערשלאָפן. מאַכט אַ כּוסה צו דערוואַרימען זיך, נעמט צוזאַמען דאָס צעפלויגענע בעטגעוואַנט, מאַכט אָרדנונג אין בעט, לייגט זיך און דרימלט איין.

קוים ער דרימלט איין, — דאָסזעלבע שפּיל.

די קישנס הייבן זיך, פאַלן, רייסן זיך פון אונטערן קאָפּ, פליען אַוועק, דאָס איבערבעט נאָך, דאָס בעט רייסט זיך פון די גלידער, שטעלט זיך אויף צוויי פיס, וואַרפט אים אינגאַנצן אַרויס. בוינעם בער ליגט נאָכאַמאָל אויף דער פּאָדלאָגע און טאַפּט זיך, צי ער האָט נישט קיין ביין געבראָכן...

ניין, קיין ביין נישט געבראָכן. אָבער אַזאַ כּשוף:

ער הייבט זיך שווער אויף, זעצט זיך אויף אַ בענקל, ער וועט וואַרטן ביז טאָג, שיקן דעם ערשטן פּויער, וואָס וועט זיך באַווייזן, צוריק אין דאָרף אַריין נאָך אַן אָפּשפּרעכער — גוים קענען אַלץ! דערווייל דרימלט ער נאָך

אַמאָל איין, און, ווי ער דרימלט איין, פּלאַצט אונטער אים דאָס בענקל...

קלערט ער: אַ שוואַך ביינקל און ער איז נאָך דיקער, נאָך שווערער געוואָרן; ער וועט זיך צולייגן אויפן אייזערנעם קאַסטן. טוט ער אַזוי. זיצט ער און קלערט...

— און אייב עס איז קיין כשוף נישט... אייב דער זנאַכאָר וועט נישט העלפן — וואָס וועט זיין? ער דערמאָנט זיך אָן פּאָטער. קוקט זיך אום — אַוועקגעגאַנגען. ער דאַוונט ותיקין... נור עס קאָן זיין גאָטס שטראָף פאַרן פּאָטער... קאָן זיין. אַז דער פּאָטער וועט צוריקקומען פון דאַוונען, וועט ער ביי אים בעטן, ער זאָל אים מוחל זיין... ניין, בעטן, איבערבעטן, — פריער רופן דעם זנאַכאָר... אפשר פּאָרט נישט מער, ווי אַ כשוף. וויינינק פאַרציילן די פּויערים פון אַזוינע זאַכן? און ער דערמאָנט זיך אָן מעשיות און דרימלט דערביי איין פאַר מידקייט — טראַכטן איז ביין אַזאַ בחור אַן אַרבעט! — און ווי ער דרימלט איין — דער שלאָס פון קאַסטן פּלאַצט, די דעק גיט זיך אַ הייב-אויף אין דער קוואר—בוינעם בער איז שוין ווידער אויף דער פּאָדלאָגע...

ער וועט שוין אַזוי בלייבן ליגן אַ ווײַלע, ביז דער פּאָטער וועט קומען אָדער אַ פּויער וועט אָנקלאַפּן. ער שטרעקט נור אויס אַ האַנט און ציט זיך צו אַ קישן און לייגט זיך עס אונטערן שווערן קאָפּ, אַניט קאָן ער גאָר נישט אָטעמען... ליגט ער אַזוי לאַנג, ביז ער דרימלט נישט איין. קוים דרימלט ער איין, דאָס קישן פליט אַפּער, דער קאָפּ — אַ זעץ אָן דער פּאָדלאָגע און טרעפט גראָד אויף אַ נאָגל...

ער זעט שוין, ער ווייסט שוין...

ביז דער פּאָטער וועט נישט קומען און אים נישט מוחל זיין, וועט ער שוין, נאַכט אויף נאַכט, שלאָפן אויף דער גאָלער ערד...

אַז עס גייט אָבער אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג און דער פּאָטער קומט נישט, נעלם געוואָרן, האָט ער אים קיין צייט נישט צו זוכן. ער וועט דאָך נישט פאַרלאָזן די פּויערים

מיטן פלאַקס, — געוויינט ער זיך און ווערט געוואוינט, און שלאָפט אויף דער גאָלער ערד...

עס פאַלט אים שוין נישט איין, אַז דאָ קאָן העלפן אַ זנאַכאָר. ער וועט גאָר קיינעם, פאַר בושה, נישט אַרויסריידן פון דער שטראָף אַ וואָרט, ביז דער פאָטער וועט נישט קומען, ער וועט דאָך מוזן אַמאָל קומען...

איז אָבער דער פאָטער נישט געקומען און ער שלאָפט אַזוי אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט, אַ חודש נאָך אַ חודש. איינמאָל, אין אַ פרי-מאָרגן, פויערים קומען — טיר און לאָדן פאַרמאַכט. זיי קלאַפּן אָן, מען ענטפערט נישט. רייסט מען אויף די טיר — מיין בוינעם בער ליגט אַ פאַרגליווערטער אויף דער פאָדלאָגע. טוען זיי צו וויסן אין שטעטל אַריין, חברה נושאים קומט, וויל אים אויפהייבן, לייגן אין בעט אַריין און על פּי מנהג „אָפּהייבן". מיין בר מינן לאָזט זיך נישט רירן פון אָרט — אַזוי שווער געוואָרן? דערשרעקט מען זיך, איז מען דאָך אָבער נושאים, מאַכט מען אַ כוסה, קריגט מען קוראזש און מען גייט-צו צו דער אַרבעט, זאָל זיין אויף דער פאָדלאָגע. אויף דער ערד לאָזט דער בר מינן מיט זיך טון, וואָס מען וויל! מען רירט, מען קייקלט, מען טוט זיין רעכט... ברענגט מען די מטה, מען לייגט אים אַרויף, שווערלעך, נור עס גייט, און מען טראָגט...

— — — — — — — — — — — — — — —

איז ביי אונז דאָס בית עלמין אַ שטיק וועגס און באַרג-אַרויף הינטער דער שטאָט. געווען איז עס אָנהייב ווינטער, נאָס געוואָרן נאָך אַ געפאַלענעם שניי. מען קאָן קוים איין און אויס מיט אַ פוס. קיין גרויסע לויה וואָלט בוינעם בער סיי-ווי-סיי נישט געהאַט, — די נושאים טראָגן פון שטאָט אַרויס, מען הייבט זיך באַרג-אויף, קוים מען שטעלט אַריין, קוים מען שלעפּט אַרויס אַ פוס. פּלוצלונג מאַכט זיך אַ שאַרפער קאַלטער ווינט, גיט אַ פייף, אַ בלאָז, עפּעס ווי אויף להכעיס, און גיט אַריס אַפּער דאָס שוואַרצע קישעלע פון אונטערן בר מינגס קאָפּ און פאַרטראָגט עס ערגעץ אין פעלד אריין...

בלייבט מען שטיין: זאָל עמעץ אָפּלאָזן די מטה און גיין נאָכן קישעלע! גיט דערווייל דער ווינט אַ שטאַרקערן בלאָז מיט אַ פּייף און גיט אַ שטאַרקערן ריס, און רייסט-אָפּ פון דער מטה דאָס שוואַרצע טוך, און גיט עס אַ טראָג אַוועק, אַ יאָג אָן אַ זייט, און הויך אַרויף, הויך! אָט פליט עס אין דער הויך, גלייך אַשוואַרצע קראָ, און ווערט נעלם... גאַפט מען אין איין שרעק, לאָזט מען שיער נישט די מטה פון די הענט אַרויס. זענען דאָך דאָס אָבער נושאים, נעמט איינער און אַ צווייטער אַרויס אַ פלעשל פון בוזעם, גיט מען איין זופּ, אַ צווייטן און מען טראָגט ווייטער... איז אָן אַ קישעלע, אָן אַ שוואַרצער דעק; צו קבר ישראל וועט ער קומען! רירט מען. איז אָבער ביני לביני די בלאָטע צוגעפרוירן געוואָרן, דער וועג — גליטשיק! גליטשן זיך די פיס באַרג-אויף און עס גליטשט, גליטשט זיך אויס מיט אַמאָל די ערשטע פּאָר און צעפאַלן זיך, דער — רעכט, דער — לינקס. די מטה קומט פלוצלונג אין דער קווער, דער בר מינן גיט זיך אַ קוילער אַראָפּ. גליטשט זיך אויס פּאַר שרעק די צווייטע פּאָר, די מטה פאַלט אויפן אייז און פלאַצט, און צעפלאַצט אויף שטיקער.

וויל מען אויפהייבן דעם בר מינן און טראָגן, געשיט דאָסזעלבע וואָס אין שטוב פאַר דער טהרה — ער לאָזט זיך נישט אויפהייבן. האָט מען מורא צו שיקן נאָך מענטשן און אַ נייער מטה, דער בר מינן זאָל דערווייל נישט צוגעפרוירן ווערן צום אייז...

מאַכט מען זיך האַרץ, מאַכט מען צוליב האַרץ אַ כוסה און מען שלעפּט דעם בר מינן איבער דער געפרוירענער ערד...

— — — — — — — — — — — — — —

און אַז דער בר מינן איז צוגעקומען צום טויער פון בית עלמין, האָט ער שוין אויפן לייב קיין גאַנץ שטיקל תכריכים נישט געהאַט.

———

# אַ פראַגע

הינטער דער שטאָט אויף אַ בערגל, אַ ליימיקס, שטייען גלייך צונויפגעוואָקסענע צוויי קליינע הייזלעך. אויף הינערשע פיסלעך שטייען זיי, די הייזלעך, און עס קאָן זייער זיין, אַז ווען נישט דאָס, וואָס זיי זענען אַזוי צוזאַמענגערוקט און שפּאַרן אונטער איינס דאָס צווייטע, וואָלטן זיי שוין לאַנג אויף די הינערשע פיסלעך נישט געשטאַנען; דער ערשטער בעסטער ווינט וואָלט זיי פון בערגל אַראָפּגעטראָגן. און צוזאַמענגערוקט האָבן זיי טאַקע די ווינטן אַליין. איינמאָל האָט אָנגעיאָגט אַ ווינט פון דער זייט, וואו די זון גייט אויף, און האָט אַ רוק-אָפּ געטאָן דעם דאַך פון הייזל פון דער רעכטער זייט צום לינקן הייזל צו. אין דעם זעלבן אָוונט האָט זיך אויפגעוועקט אַ ווינט פון דער קעגנאיבערדיקער זייט, וואו די זון גייט אונטער און א שטויס געטאָן דאָס דעכל פון לינקן הייזל צום רעכטן הייזל צו, זענען זיך אַזויערנאָךביידע דעכלעך צוזאַמענגעקומען. און ווייל ביידע זענען געווען פון שטרוי, — אַפילו פון אַלט שטרוי, אָפּגעברוינט פון דער זון, פיל מאָל שוין איבערגעוואַשן פון רעגן און אויסגעקלאַפּט פון האָגל, — האָבן זיך די שטרויענע זוימען פון די דעכלעך איינס אינם אַנדערן אַריינגעשלאָגן, צונויפגעפלאָכטן. נאָך די דעכלעך זענען געגאַנגען די ווענטלעך, אויס-און-צוגעבויגן זיך...

די ווינטן, וואָס קרייזלען פראַנק און פריי הינטער דער שטאָט און אויף ליימיקע בערגלעך, האָבן געזען, וואָס זייערע צוויי קאַמעראַדן האָבן אָפּגעטאָן און פריילעך געפּיפן:

— גוט אַזוי! גלייך אַזוי! אין צווייען איז שטאַרקער...

געפרייט האָבן זיי זיך דערמיט, וואָס זיי וועלן קענען שטיפן און אַרומיאָגן זיך, וויפיל דאָס האַרץ גלוסט. נישט מוראָ האָבנדיק, זיי זאָלן נישט צעשטערן די צוויי וואַנקלמיטיקע נעסטן פון צוויי אָרעמע פאַמיליעס, וואָס אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג אין שטאָט, איבערלאָזנדיק אין דער היים צוויי קינדער, צו אַ קינד אין יעדן הויז, נישט האָבנדיק קיין צייט עפּעס אין די הייזלעך צו פאַרריכטן.

עס איז אַן אַלטע געשיכטע, און דעמאָלט זענען נאָך באַרמהאַרציקע ווינטן געווען, וואָס האָבן זיך געהיט אַן אָרעמער פאַמיליע עפּעס שלעכטס צו טון. אָבער נישט וועגן די דעמאָלטיקע ווינטן וויל איך אייך פאַרציילן און נישט וועגן די הייזלעך, וואָס האַלטן זיך אַזוי שיין צוזאַמען, און אַפילו נישט פון די עלטערע איינוואוינער פון די הייזלעך. פאַרבייגייענדיק וועל איך אייך נאָר זאָגן, כדי איר זאָלט וויסן, פון וואָס זיי דערנערן זיך, אַז אין איין הייזל האָט געוואוינט אַ האָלץ-העקער, וואָס פלעגט אַ גאַנצן זומער-טאָג — און די מעשה איז געווען זומער — שפּאַלטן האָלץ אין די הויפן, מיט אַ ווייב אַ לעקאַך-בעקערין, וואָס פלעגט אַרויסגיין אין די רייכע הייזער און באַקן לעקאַך. נישט קיין גרויסע שטאָט געווען, אָבער אַ גענוג רייכע, דאָס הייסט — געווען אָרעמע לייט און פיל, אָבער רייכע אויך, און די רייכע לייט האָבן ליב לעקאַך צו עסן, אָבער נישט לעקאַך צו באַקן... זיי ווילן זיך נישט אָפּברענען דאָס פּנים ביים פייער פון אויוון און אַריינשטעקן די הענט אין מעל און טייג, — זיי צערטלען די הענט און האַלטן זיי שטענדיק אין הענטשקעס...

דאָס צווייטע פּאָר פאָלק איז אויך געווען פאַרנומען אין שטאָט: ער איז געווען אַ טרעגער, וואָס איז געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אין מאַרק, אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק, און

די פּאָלעס אונטערן שטריק פֿאַרשאַרצט און אָפּגעוואַרט, מען זאָל אים צורופֿן פֿון אַ געוועלב און הייסן ערגעץ אָפּטראָגן סחורה. און זי — זי איז, נישט פֿאַר אייך, קינדערלעך, געדאַכט, אַ קראַנקע געווען און דעמאָלט געלעגן אין שפּיטאָל...

אָבער דאָס, ווי געזאָגט, פֿאַרצייל איך אייך נאָר פֿאַרבייגייענדיק. דער עיקר אין דעם מעשהלע, וואָס איך וויל אייך פֿאַרציילן, זענען די צוויי קינדער, וואָס בלייבן גאַנצע טעג אַליין אין די הייזלעך, און אַ דריטע פּערזאָן, וואָס וועט צוקומען אויף אַ ווײַלע, מער נישט.

און די צוויי קינדער זענען געווען: דעם האָלץ-העקערס אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר 7—8 און דעם טרעגערס אַ מיידל פֿון אַ יאָר 6—7; ווי איר זעט כּמעט אין איין עלטער.

יאָ, געהייסן האָבן זיי: ער — איציקל, זי — שיינדאַלע.

איינמאָל אין דער פֿרי, אַ שיינער זומער-טאָג געווען. די עלטערן פֿון די הייזלעך זענען שוין אין שטאָט, זינט שטונדן. קומט אַרויס פֿון איין הייזל איציקל, קוקט זיך אום אין אַלע זייטן, צי איז שוין שיינדאַלע נישט אַרויסגעקומען, און זעענדיק, אַז נישט, גייט ער צו איר פֿענסטערל צו און קוקט אַריין; זעט ער, אַז שיינדאַלע, נאָך נישט אינגאַנצן אָנגעטאָן, שטייט ביין שיסל וואַסער, זי דאַרף זיך וואַשן, האָט שוין איינגעבויגן דאָס קעפּל און האַלט זיך אָפּ, מן הסתם קיל וואַסער געווען. —

פּויקט ער, איציקל, אין שייבל פֿון פֿענסטערל אַריין —

— שיינדאַלע!

— וואָס, איציקל?...

— וואַש דיך אָפּ געשווינד, טו זיך אָן און קום אַרויס, מיר וועלן עפּעס טון...

— וואָס?

— ווערסט שוין זען. עס איז מיר עפּעס איינגעפֿאַלן... נאָר געשווינד, שיינדאַלע...

— ווי דו הייסט. — ענטפֿערט שיינדאַלע און הייבט זיך אָן פֿלעסקען אין וואַסער.

אַז שיינדאַלע איז אַרויסגעקומען פֿאַר דער טיר, איז שוין אַ גרויסע זון געווען, פֿאַרלייגט זי דאָס פֿלאַכע הענטל איבער די אויגן און הייבט דאָס קעפּל אויף און דערזעט: איציקל אויפֿן שפּיץ פֿון ליימיקן בערגל. פֿייל פֿון בויגן איז זי צו אים צוגעלאָפֿן:

— אוי, איציקל, זאָלסט זען, ווי דיינע שוואַרצע האָר שעמערירן אויף דער זון; גלאַנצן שלאָגן פֿון זיי.

הייבט צו׳ן איר איציקל, וואָס איז אויפֿן ליים געלעגן, די אויגן אויף:

— און פֿון דיינע, זאָגט ער, פֿליִען פֿונקען...

— ווייל מיינע, זאָגט שיינדאַלע, זענען רויט...

— פֿלאַמענדיקע...

— אָבער וואָס טוסטו, איציקל?

זי באַמערקט ערשט, אַז איציקל גראָבט אינם ליים.

— דאָס — ענטפֿערט איציקל, דאָס גראָבן נישט איבער־רייסנדיק — איז דאָך די אַרבעט, פֿון וועלכער איך האָב דיר געזאָגט...

— וואָס האָסט געזאָגט, וואָס דיר איז איינגעפֿאַלן?

— יאָ, שיינדאַלע, פֿאַר ליים צאָלט מען אין שטאָט געלט, פֿאַר אַ מולטערל ליים גיט מען אַ צווייער, אַ דרייער, איז מיר איינגעפֿאַלן, אַז מיר זאָלן גראָבן ליים — —

— איך אויך?

— דו אויך, שיינדאַלע... דאָס ליים וועלמיר פֿאַר־קויפֿן אין שטאָט, און פֿאַרן געלט עפּעס קויפֿן פֿאַר דיין מאַמעס וועגן, אין שפּיטאָל אַריין.

— אוי, אַ גוטער דו ביסט, איציקל — שרייט אויס

שיינדאַלע און וואַרפט זיך צו איציקלען קושן — אוי, ווי ליב האָב איך דיך !

— שפעטער, שפעטער — ווערט זיך איציקל — פריער אַרבעטן, געלט פאַרדינען, עפעס קויפן, דער מאַמען דייַנער אַריינטראָגן און פריער זי קושן...

— אמת, אמת ! — איז מודה שיינדאַלע און לאָזט די פינגערלעך אין ליים אַריין...

צעלאַכט זיך איציקל : —

— ע, שיינדאַלע, נישט פאַר דיינע פינגערלעך. דראַפעסט מיט די נעגעלעך, ווי אַ קעצל... לאָז געמאַך !

— ניין, ניין... אַז דו אַרבעטסט, וויל איך אויך...

— כ׳מיין נישט, זאָגט איציקל, זאָלסט ליידיק גיין, גאָט באַהיט. נאָר, ווייסטו וואָס, דו ברענג אַרויס אַ מולטערל. איך וועל גראָבן, און דו וועסט צוזאַמענעמען און שיטן אין מולטערל אַריין... דערנאָך וועל איך אַוועקטראָגן אין שטאָט אַריין...

— ניין, איציקל, איך וועל אויך טראָגן, איך וויל...

— וועסט מיר העלפן, שיינדאַלע...

— גוט !

לאַכט שיינדאַלע און ברענגט אַרויס אַ מולטערל. איציקל, קיין בייז אויג, גראָבט ווי אַ דערוואַקסענער; שיינדאַלע קוועלט פון זיין שטאַרקייט און זאַמלט דאָס ליים... קוקט אויף איציקלס הענט און זאַמלט, און שרייט, נאָך אַ צייט, אויס :

— איציקל, פול...

כאַפט איציקל דאָס מולטערל אויף די אַקסל.

— האַלט אונטער, שיינדאַלע.

שיינדאַלע האַלט אונטער, און זיי לאָזן זיך ביידע פון ליימיקן בערגל אַראָפ. באַלד הינטערן בערגל, זעען זיי, זיצט עמעץ. שטעלן זיי זיך אָפ, באַטראַכטן. עפעס אַ יונגער מענטש אין אַ פאָלעריבע, אין אַ גרויסן קאַפעלוש

מיט ברייטע, ברייטע ראַנדן, וואָס פאַרשטעלן אים דאָס פּנים; די קינדער זעען דאָ אַזאַ פיגור צום ערשטן מאָל.

— כ'האָב מורא, — שטעלט זיך שיינדאַלע אָפּ.

— ע, וואָס איז דאָ מורא צו האָבן? וואַרט, איך וועל צו אים צוגיין.

— אַז דו וועסט צוגיין, גיי איך אויך... כ'וועל דיך אַליין נישט לאָזן...

לייגט איציקל אָפּ די לאַסט פון די אַקסל און גייט צום יונגן מאַן, און דערלאַנגט אים אַ ברייטן: —

— שלום עליכם...

דער יונגער מאַן וועקט זיך ווי פון אַ דרימל...

— אַ, עליכם שלום... איי, צוויי קינדערלעך...

— זייט מוחל, כ'האָב אייך געוועקט?

— עט! אַ ביסל געדרימלט, מיד פון וועג...

— פון ווייט? — פרעגט איציקל.

ווערט שוין שיינדאַלע האָפעריק:

— און דאַרפט אין שטאָט אַריין, וועלמיר אייך ווייזן...

— מיר טראָגן — זאָגט איציקל שטאָלץ — ליים אין שטאָט אַריין — —

— נאָך וואָס?

— געלט צו פאַרדינען. — זאָגט איציקל.

— פאַר מיין מאַמען, אין שפּיטאָל אַריין עפּעס צו קויפן. — פירט אויס שיינדאַלע.

און גיט צו, אַרויפלייגנדיק אַ האַנט אויף איציקלס אַקסל.

— ער איז אַ שטאַרקער!... גראָבט מיט די הענט ליים! און באַלד וועט איר זען, ווי ער גיט אַ הויב אויף די מולטער און טראָגט דאָס ליים...

זאָגט דער פרעמדער: נאַרישקייטן.

— איך גיי — זאָגט ער — דעריבער נישט אין אייער שטאָט אַריין, ווייל מען אַרבעט דאָרט...

איציקל מאַכט אַ נישט-גלויביקע גרימאַסע; שיינדאַלעס אויגעלעך אָבער פלאַמען נייגעריק אויף:

— וואו אַהין דען? וואו מען אַרבעט נישט? אַפילו עלטערע? וואו קיינער אַרבעט נישט?

— קיינער! — שניידט אָפּ דער פרעמדער.

איציקל שמייכלט נישט גלויביק.

— איר ווילט זען? קומט מיט מיר, — זאָגט דער פרעמדער.

— וואו אַהין?

— קיין „ערגעץ"...

— אַזאַ שטאָט?

— אַזאַ לאַנד —

— ווי הייסט?

— דאָס גאַנצע לאַנד — פאַרציילט דער פרעמדער — דאָס גאַנצע לאַנד, וואו אַהין איך גיי און קען אייך מיטנעמען, איז איין גאָרטן. אַ גאָרטן אָן אַ גרענעץ, אָן אַ ברעג... און דאָרטן וואַקסן גרייט אַלערליי פרוכטן...

— רייסט מען?

ניין... רייסן איז אויך אַן אַרבעט, מען גייט נאָר צו: „בוים, בוים, גיב אַ פרוכט!" — בייגט דער בוים צו אַ צווייג צום מויל, מיט אַן עפּל, מיט אַ באַרנע, מיט אַן אַפּעלסין, מיט וואָס איר ווילט...

— בייסט מען אָפּ?

— ניין... בייסן איז אויך אַן אַרבעט, מען גיט אַ שלונג, און די פרוכטן זענען דאָרט אַזוינע, אַז זיי צעגייען זיך אַליין אין מויל.

— נאָר פרוכטן? — פרעגט איציקל, אין דער זאַך שוין אַ ביסל אַריינגעצויגן.

— ברויט אויך, זעמל אויך — אויף נידריקע ביימלעך

וואַקסן זיי, שוין געבאַקענע און זיסע, סאַמע קאָמיס-ברויט... און בלומען אויך...

— שטענדיק? — פרעגט שיינדאַלע, — סיי זומער, סיי ווינטער?

דער פרעמדער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— סיידן אין ספּעקטן? — מיינט איציקל.

— ניין! — זאָגט דער פרעמדער. — דאָרט איז קיין ווינטער גאָר נישט פאַראַן... קיין שניי און קיין רעגן נישט. שטענדיק אַ לויטערער הימל איבערן קאָפּ און שטענדיק פרישע בלומען... און ס'איז ביי זיי קיין גערטענער נישטאָ, מען דאַרף זיי נישט באַגיסן, מען דאַרף זיי נישט האָדעווען. זיי וואַקסן אויף און צעגיסן זייער ריח איבערן גאַנצן לאַנד...

— און מענטשן וואָס טוען? — פרעגט איציקל.

— גאָר נישט. ליגן אין שאָטן פוןביימער, פון כלערליי ביימער, אויף געלעגערס פון אַלערליי פאַרביקע און שמעקנדיקע בלומען, און האָבן תענוג, און ווערט מען הונגעריק, זאָגט מען: בוים, בוים... ווי איך האָב אייך דערציילט...

איציקל פאַרטראַכט זיך עפּעס, מען זעט אָנעם שטערן, אַז דאָס מוחל אינעווייניק אַרבעט, און שיינדאַלע פרעגט:

— און דאָרשטיק אַז מען איז?

— אין גאָרטן פליען אַרום, קאָלערן זיך וואַסערקוואַלן. מען גיט אַ רוף, קומט צו אַ קוואַל מיט פריש-קריסטאָלן וואַסער... נעמט מען אַ בעכער פון אַ בוים. מען שעפּט אָן און מען טרינקט... וויל מען, גיט מען אַ זאָג: „ליליען-בעכער" אָדער „רויזן-בעכער", — וואָס נענטער איז, — „זיי מוחל און ברענג אַ טרונק!" שפּרינגט דער בעכער פון דער בלום אַראָפּ, שעפּט אָן; עפנט מען די ליפּן, גיסט ער אין מויל אַריין...

— עפּעס אַ כשוף . . . — מאַכט שיינדאַלע — אַ צויבער־לאַנד . . .

— ערגעץ־לאַנד — זאָגט דער פרעמדער — קומט, קינדער־לעך, אין ערגעץ־לאַנד . . .

און ער הייבט זיך אויף צום גיין.

— ס׳איז ווייט ? — פרעגט שיינדאַלע.

— איך גיי נישט ! — שרייט פּלוצלונג אויס איציקל, און מורא האָבנדיק, טאָמער טראָגן אים די פיס אַליין אַוועק, גיט ער זיך האַסטיק אַ זעץ אַנידער און כאַפּט אָן מיט אַ האַנט אַ צווייג פון פאַרטריקנטןביימל, אונטער וועלכן דער פרעמדער איז געזעסן . . .

— פאַרוואָס ? — פרעגט דער פרעמדער.

— וואָס וועל איך דאָרטן טון ? — פרעגט איציקל צוריק . . .

— פאַרגעניגן האָבן ! — זאָגט דער פרעמדער. — ליגן זיך אויף בלומען . . . עסן . . . טרינקען . . .

— און שפּעטער ?

— ווייטער ליגן . . .

— נאַריש !

— אָבער נישט אַרבעטן . . .

— ניין ! — ענטפערט פעסט איציקל, כ׳וואָלט משוגע געוואָרן פונם ליידיק גיין . . . ווי קאָן מען עס ליגן . . .

— גייט מען שפּאַצירן . . .

— אויך מיר אַ גאַנג . . . ניין ! — און דעם קליינעם איציקלס שטים ווערט עפּעס ווי שטאָלערן־שטאַרק — איך גיי נישט !

און די שטים ברעכט זיך באַלד איבער און ווערט אומרויִק־ציטעריק :

— און דו, שיינדאַלע ?

שיינדאַלע טראַכט נישט לאַנג, זעצט זיך צו צו איציקלען, ציט זיך אויס און לייגט איר גאָלן קעפּל אויף זיינע קניִען,

און קוקט אים מיט אירע געטרייע אייגעלעך אין פנים אַריין:

— אַז דו — נישט, איך — אויך נישט...

און פאַרשעמט זיך עפּעס און לאָזט די ברעמען אַראָפּ.

דער פרעמדער ציט מיט די אַקסל און גייט זיין וועג. לאַנג, לאַנג האָט אים איציקל נאָכגעקוקט, ביז ער איז פאַר־שוואונדן געוואָרן. און דעמאָלט האָט ער זיך איבערגעבויגן איבער שיינדאַלען:

— ווייסט, שיינדאַלע, — פרעגט ער, — ווער דאָס איז געוועזן?

און ענטפערט אַליין:

— דער יצר־הרע פון ליידיק־גיין...

שיינדאַלע, וואָס האָט שוין געהאַט געדרימלט, האָט דערהערט און די אויגן געעפענט. איר פנימל, וואָס האָט געשטראַלט און געשאָטנט זיך אין דרימל, ווייל אינם יונגן הערצל האָבן זיך געטוישט איינס אויפס אַנדערע צערטלעכע צופרידנקייט פון איציקלס פריינדשאַפט צו איר און זיין העלדישקייט מיט דער בענקשאַפט צום צויבערדיקן ערגעץ־לאַנד, — איר פנימל האָט זיך מיט אַמאָל אויפגעשטראַלט אינ־גאַנצן:

— אמת! און מיך, איציקל, אָן דיר וואָלט ער פאַרפירט, און איך דאַנק דיר דערפאַר...

— און קום — שפרינגט זי אויף — לאָמיר גיין מיטן מולטערל ליים...

און זיי האָבן אַזוי געטאָן...

ווי מיינט איר, קינדערלעך, זיי האָבן גלייך געטאָן?

---

# חזיאל און אוריאל

(פראגמענט)

## חזיאל

(קומט אריין, באמערקט נישט קיינעם, אויף און אפ גייענדיק).

אַלע רערן פאַרמאַכט,
אַלע, וואָס דעם הימל פאַרבינדן
מיט דער ערד, וואָס וואַלגערט זין אונטן
אין רויך, וואָלקן און פלאַמען געוויקלט..
אַלע רערן,
מען זאָגט, אויף זיין געבאָט פאַרשטאָפּט,
נישט מיר טון אַראָפּ צו וויסן
וואָס מיר פילן, וואָס מיר טראַכטן,
וואָס מיר דענקען וועגן לעבן,
וואָס זיי פירט דאָרט די ווערעם —
די מענטשלעכע.
נישט פון אונז אַראָפּ גייט באַפעל,
און קיין זעעניש, קיין טרוים
ווערט זיי פון דער הייך באַשערט.
און פון זיי צו אונז קיין געבעט,
קיין קלאַנג, קיין ליוב-געזאַנג,
קיין זיפץ הערט זיך פון אונטער,
קיין ווידערשפעניק אויסגעשריי.

(באמערקט אוריאלן פארטראכט)

וועגן וואָס?
וועגן מיינע רייד?

### אוריאל

גישט געהערט...

### חזיאל

דיין שטערן — גערונצלט,
דיינע אויגן —
ווי פון פינסטערניש אין ליכט אריין..
וואו האט דיין געדאנק געוואנדערט,
אין וועלכער פינסטערניש געשוועבט,
דיינע ליפן ציטערן...

### אוריאל

שווערע געדאנקען געהאט...
אין מיין שטענדיק ליכטיקער זעל
האט זיך א באוועגלעך שווארצער פונקט באוויזן...
ווי פון ווייט, פון זייער ווייט געשוואומען.
ווי די שיפלייט אין עק פון הימל
א צייכן, דאס עס גייט א שטורם
און דערווייל — א קליינער שווארצער פונקט.
אומרואיק צוגעקוקט האב איך זיך צו אים
און ער וואקסט און צעוואקסט זיך
און ס'איז פון אים א געדאנק א שווארצער,
א שרעקלעך שווארצער אויסגעוואקסן,
און האט ארומגעהילט מיין זעל
און איר ליכטיקייט פארשלונגען,
ווי א שווערער וואלקן די זון...

### חזיאל

(אומרואיק)

מערקווירדיק — דיינע בילדער
אלץ פון יענער הימל-זייט..

דער ווייטער שטורם, דער וואָלקן
וואָס שלינגט די זון...

אוריאל

דאָס איז עס.

חזיאל

וואָס?

אוריאל

וואָס מיך פּלאָגט,
מיין ניי-געבוירענער שוואַרצער געדאַנק
איז עבן דאָס:
נישט זעלבסט און נישט פון זיך
און נישט פאַר זיך זענען מיר דאָ...
אַלע, דער הימל, אַלע זיינע באַוווינער
און ער אַליין נישט אויסגעשלאָסן.

חזיאל

וואָס הייסט?

אוריאל

מיר זענען אַן אָפּגלאַנץ פון דאָרט,
פון אונטן.
זייער — געדאַנק!
מיר זענען קיין עקסיסטענץ...
אָט דרייט זיך באַרמהאַרציקייט אַרום,
געבויגן, אין טרערן צעגאָסן...
אָט די שטייפע ערלעכקייט,
די גערעכטיקייט

מיט דער שווערד פון האָלץ געגורט
און מיט בלעך און האַמער...
אַן אומרעכט – און זי פויקט
און אונטן אירע באַשעפער מיינען
עס דונערט...
ווי קומט דאָס אַלץ צום אייביקן?
צום אומפאַרענדערטן?
און ווי קומען צו אונז געדאַנקען
און נייַ געבוירענע?

חזיאל

וואונדערבאַר?
און דער באַגער?

אוריאל

אַ קאַריקאַטור
פון שפּיאָן און פּראָקוראָר צוזאַמען...
אויך מיין אָפּשיין...

חזיאל

און ער אַליין?

אוריאל

ער – קעניג אָדער פּרעזידענט?
אַליין הערשער אָדער באַפעלט
זיינע קנעכטיקע הערן אָדער הערישע קנעכט,
און פרעגט: באַשאַפן אַ מענטש?
באַשאַפן אונזער באַשאַפער?
איבערקערן סדום?

און דעסגלייכן . . .
פרעזידענט אָדער קעניג ,
און ווען איבער קעניגן קעניג . . .

## חזיאל

זענען מיר ? —

## אוריאל

דער הימל פון דער ערד . . .
פונם קלענסטן צווישן וועלטן . . .
אַנדערע הימלען מוזן אַנדערע האָבן
און אַנדערע הימלס באַוואוינען . . .
און גייט עס שלעכט אויף אונזער ערד
הערט מען געשריי און לעסטערונג פון דאָרט ,
שפריצן בלוטיקע שטראָמען קעגן הימל ,
פאַרלאַנגט מען הילף . . .
ווערן די רערן געשטאָפּט . . .
און ער — פאַרשווינדט ערגעץ . . .
פאַרשווינדט פון מענטשלעכן טרוים ,
און מיר וועלן נאָך אים פאַרשווינדן
און נישט דערוויסן
ווי עס צוגייט אין אַנדערע הימלען . . .

---

# אַ פֿרימאָרגן

(איינאַקטער)

## פּערזאָנען:

מנשה — איבער זיבציק, ליידט אויף די פֿיס; איין פֿוס שלעפּט ער נאָך. רעדט מיט זיך אַליין, ווי אַ שוין לאַנג איינזאַמער מענטש.

חיים — זיין זון, אַ הענדלער מיט אַלטוואַרג; אַ יאָר עטלעכע און פֿערציק.

שׂרה — חיימס ווייב, אין זעלבן עלטער, האַנדלט מיט אויבס.

רבקה — זייער טאָכטער, אַ געראָטן מיידל. אַ יאָר אַכצן-ניינצן.

לאה — איר יינגערע שוועסטער, פֿיפֿצן-זעכצן יאָר; בלוט-אָרעם. גייסטיק ניט אַנטוויקלט. אַ בלאַסע שיינהייט מיט שטאַרע אויגן.

יענקעלע — אַ קינד אין וויג.

אַ שׂאַכער — אין פֿענסטער.

אַן אָרעמע שטוב , – אין הינטערגרונט : צוויי בעטן , פאַר אײנעם פון די בעטן צוקאָפּנס – אַ קינדער־וויג , צווישן די בעטן , אונטער אַן אַלטן , ערטערווייז צעפּלאַצטן שפּיגעלע – אַ שטול מיט אַ בעקן וואַסער ; אַ האַנטוך אויף דעם אָנלען און אַ קובל אונטערן שטול . – ר ע כ ט ס , פון פאָדערגרונט גערעכנט : אַ טיר , קוימען־אויוון , אַ קעסטל מיט קוילן ; אַ געלעגער אויף אַ קאַסטן מיט צוגעשטעלטע שטולן . ל י נ ק ס : אַ פענסטער העכער – אַ בעט צוקאָפּנס , און פון דער שטוב־זייט מיט אַן אַלט הישפּאַניש װענטל פאַרשטעלט . ביים בעט – אַ קליין טישל ; דערויף אַ קליין נאַפט־לעמפּל . העכער – אַ שענקל . אין מיט שטוב , אונטער אַ פאַרגרינטן , מעשענעם הענגל־לייכטער – אַ טיש . דערויף : אַ טלית־ותפילין־זאַק , אַ גייער־טאָרבע א. ד. גל. אין ווינקל – זעק , קערב לערע , אין מיט אַ בוים און גרינס . אין צווייטן – אַלטוואַרג .

## שרה און לאה

(שלאָפן אין בעט, פאַר וועלכן עס שטייט די וויג. שרה האָט אַן אַראָפּגעלאָזטע האַנט, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג געשאָקלט די וויג; די וויג באַוועגט זיך נאָך זייער לאַנגזאַם).

## חיים

(ליגט אין צווייטן בעט; שלאָפט אומרוהיק, קרעכצענדיק.

## רבקה

(ליגט אויפן קאַסטן-געלעגער; די האָר צעראָפּגעלאָזט, צעפלאָכטן).

## מנשה

(שוין אָנגעטאָן: זיצט אויפן בעט פאַרן טישל; זאָגט עפּעס זייער שטיל און מיט אַ טרויעריקן ניגון פון אַ סדור אַרויס.

(עס הויבט אָן גרויען דער פרימאָרגן).

## מנשה

(דערפילנדיק דאָס גרויען פון טאָג, קושט דאָס סידורל, פאַרמאַכט עס, שטעלט זייער לאַנגזאַם אויף. אויסגלייכנדיק זיך די פאַרזעסענע אָקסל, און קוקט, אָנהאַלטנדיק זיך אָן אָנלען פון בעט, מיט מידע אויגן אין פענסטער אַריין): האָסט מיר נאָך אַמאָל אָפּגעגעבן דאָס פּקדון... איך דאַנק דיר און דיין ליבן נאָמען! (מיט אַ בלאַסן שמייכל). דאַרפסט מיך דאָ נויטיק האָבן, וואָס? — נאָך אַ שטיקל חצות פון אַלטן מנשה, נאָך אַ קאַפּיטל תהלים (קורצע פּויזע), — יידעלעך פעלט דיר, וואָס? (מיט אַ ניט פאַרשטייענדיקן, נאָר אונטערטעניקן בליק צום הימל צו). האַ! אַז דו הייסט! (שלעפּט זייער זאַכט און מיט גרויס מי דאָס וועגעלע אין דער ריכטונג צום קוימען צו,

בלייבט דערמיט אין מיט שטוב, קוקנדיק אויף שרהן) אַראָפּגעלאָזט די האַנט... הויט און ביין... און אָדערן... און ס'וויגל רירט זיך נאָך... נישט זי שלאָפט זיך אויס, נישט זי דערעסט... (מיט אַ בליק צום פענסטער). און דו הייסט, כ'זאָל איר דעם לעצטן ביסן פון מויל אַרויסנעמען... מילא... מן הסתם וויסטו בעסער... (נעמט זיך צום ווענטל, לאָזט עס ראש אָפּ) אָט רירט ער זיך, דער גזלן! (איילט צו צו דער וויג, שאָקלט זי) א... א... (גייט שמייכלדיק צוריק צום ווענטל) בעקלעך, ווי די עפּעלעך! און עס מאַכט מיט די ליפּלעך, ס'פּרעסערל! די ברוסט חלומט זיך אים... קיין בייז אויג... קיין בייז אויג... (מיט אַ בליק צום פענסטער) ווילסט אפשר, כ'זאָל נאָך אָן אים נחת דערלעבן? עברי לערנען?... מהיכא תיתי — (טרויעריק). נאָר אָפּפירן אין חדר אַריין וועל איך אים שוין ניט... (זיפצט) נישטאָ קיין פּיס... (רוקט עטוואָס האַסטיקער דאָס ווענטל צום קוימען צו).

## רבקה

(באַוועגט זיך אומרוהיק אין שלאָף)

## מנשה

(באַמערקט עס, לאָזט פּלוצלונג אָפּ ס'ווענטל)

ווי ס'וואַרפט זיך! מיינע, עליה השלום, אויסן אויג... (זיפצנדיק) הייס בלוט, קאָכנדיק בלוט... און חלומות... גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ חלומות... (פּויזע) אַ גאַנצן טאָג גייט עס אַרום גאָרנישט... ביינאַכט — חלומות (פון זכרון אַרויס) שיינדל, וואָס וואַרפסטו זיך אַזוי?" (מיט אַ נאָכגעמאַכטער פרויען-שטימע פון שלאָף אַרויס) „איך? — איך — וואָס פאַלט דיר איין?" (נאָך אַ קורצער פּויזע, מיט אייגענער שטימע) און כלומרשט צוריק איינגעשלאָפן... און וואַרפט פון זיך האַלב אַראָפּ דו קאָלדרע... אין שטוב אַ קעלט... איר איז הייס... הייס בלוט... (פּויזע... רופט) רבקה! (די שטימע האָט אים אָבער נישט נאָכגעגעבן.) ביז צו דער פּאָדלאָגע די פלאַמענדיקע האָר... אַ רויטער

טייך, און אַזוי מוז זיין די נשמה אויך . . . מיינע, עליה השלום, אויסן אויג, אויסן אויג! (רופט עטוואָס העכער) רבקה! (גייט צו, רירנדיק רבקהן ביי דער האַנט). רבקהלע!

## רבקה

(וועקט זיך, עטוואָס אומרוהיק)

דו, זיידע, וואָס?

## מנשה

שפּרינג איבער אין מיין בעט אַריין . . .

## רבקה

(גענעצנדיק)

וואָס ביסטו אַזוי פרי אויפגעשטאַנען, זיידע?

## מנשה

האָסט שוין פאַרגעסן! זיי גייען פרי אַוועק . . . דער טאַטע האָט דאָך געכאַפּט עפּעס אַ מציאה, און האָט ביט צו באַצאָלן, מוז ער זיך שאַפן געלט . . . און די מאַמע האָט איינצוקויפן פאַר דער מאַדאַם פּימסענהאָלץ . . . אויף תנאים.

## רבקה

(גענעצט)

אַהאַ — מאַניע ווערט אַ כלה —

(כאַפּט אַרום זיך די קאָלדרע, שפּרינגט איבער אין מנשהס בעט אַריין)

## מנשה

אַ ברען! מיינע, עליה השלום, אויסן אויג, אויסן אויג!

(גייט צו, פאַרריכט איר די קישן אונטערן קאָפּ)

## רבקה

(קוים עטוואָס אומרוהיק)

**זיידע, דער חתן הייסט גאָלדשטיין?**

## מנשה

**גאָלדשטיין — דעם תבואה סוחרס זון** — (פויזע). **שלאָף, רבקהלע, כ׳וועל מאַכן טיי** — (רוקט איבער דאָס ווענטל צום קוימען צו, אַזוי אַז ער טיילט אים אָפּ פון הינטערגרונט, נעמט אַרויס פון אַ קאַסטן ביים קוימען עטלעכע קינעלעך, צעשניצט זיי זייער דין, לייגט זיי קונציק אויס אויפן קוימען, שיט דערויף דראָבנע קוילן, צינדט אונטער, שטעלט צו אַ טשייניק מיט וואַסער, פאַרברויט טיי)

## רבקה

(שטיל)

**זיידע, ווי הייסט דער חתן? — אויפן נאָמען מיין איך.**

(פאַרשווייגט, אַז מנשה הערט נישט).

## שׂרה

(הייבט אויף דעם קאָפּ, באַטיט זיך אַריבערצוקריכן צום צווייטן בעט). **ער שלאָפט נאָך, ברוך השם...** (ביטערלעך). **אַז אַ מענטש האָט אַ רוהיקן קאָפּ... מהיכא תיתי...**

## חיים

(עפנט די אויגן, זאָגט שטיל „מודה אני")

## שׂרה

(אָפּוואַרטנדיק ביז ער ענדיקט ברכה) **און וואו וועסטו בעמען געלט, חכם מיינער?!**

## חיים

**כ׳וועל גיין צום סקלאַדניק...**

שׂרה

ער זאָל דיר די נשמה אַרויסציען?

חיים

וועל איך אפשר ערגעץ כאַפּן...

שׂרה

מיַד ליַד... אויף וויפל פּראָצענט? (פּויזע) שוער, זייט מוחל, רוקט מיר צו ס'וועגטל...

מנשה

(טוט עס)

שׂרה

שוער, דעם פּימסנהאָלצס מחותן קענט איר?

מנשה

גאָלדשטיינען? (וויפצנדיק). אַז כ'האָב פּיס געהאַט, פלעג איך פאַרדינען ביי אים אַ קערבל (גייט צוריק צום קוימען)

שׂרה

(זיך וואַשנדיק, פון הינטערן וועגטל). צוויי טויזנט גיט ער נדן... פּימסנהאָלץ גיט אוודאי.

מנשה

אוודאי... פון כלהס צד קומט מער...

שׂרה

(אַרויסקומענדיק)

און וואָס איז גאָלדשטיין? ווי לאַנג איז, אַז ר'איז

אַ באַהעלפער געווען?... און פּימסנהאָלץ?... פון דעם לוינט שוין גאָרנישט צו רעדן... אָבער, אַז מען טוט די האַנט אין קאַלט וואַסער אַריין, העלפט גאָט! (מיט אַ בליק צו חיימס בעט). און דאָס... כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד...

מנשה

אַלץ ווענדט זיך אָן זיין ליבן נאָמען...

רבקה

מאַמע, ווי הייסט דער יונגער גאָלדשטיין?

שׂרה

(קערט זיך צו איר אום, פאַרבליבט אויף דער פראַגע)

יענקל

(רירט זיך אין וויג)

שׂרה

(פאַרגעסן אָן רבקהן, לויפט צו צו דער וויג, געבענדיק צו זויגן. האַסטיק)

צי, צי, גזלן מיינער — תכשיט מיינער. כ׳זאָל שוין זוכה זיין צו הערן דיין ברכה איבער דער מילך! (דערמאָנענדיק זיך, צו רבקהן). וואָס האָסט עס געפרעגט, רבקה? — זי שלאָפט שוין.

חיים

(קומט אַרויף פון הינטערן ווענטל, אָנגעטאָן, צו שרהן)
און דו האָסט נישט עפעס געלט?

מנשה

(גיסט אָן צוויי גלאָז טיי)

## שׂרה

(אויפשטייענדיק פון וויג, אויסגלייכנדיק זיך די אַקסל, און נעמענדיק פון אַלטנס האַנט אַ גלאָז טיי).

פון וואַנען?

## חיים

(מיט עטוואָס תּרעומות)

נישט געקאָנט נעמען פּאָראויס ביי דער פּימסנהאָלץ?

## שׂרה

(האַסטיק, זופּנדיק דעם טיי)

הלואי, זי זאָל באַלד דערנאָך באַצאָלן... ז׳וועט שלעפּן אַ האַלב יאָר. (פּויזע) און וואָס פאַר אַ מציאה האָסט עס געקויפט, לאָמיך נאָר הערן?

## חיים

אַ שלוס-ראָק — כּמעט נאָך ניי — דריי פּאָר פלידערן, אַ סאַמעטן רעקל — אַש-גרוי, גאָר פריש, אַ פידל, — דאָס קעסטל אַליין איז ווערט אַ הון... מאַכאָן! עטלעכע טאַליעס קאָרטן — מיט קרייד, אַ קאָרטן-בערשטל — אַ ניי זילבערן הענטל, אַ ווייס פעלצל. — (מיטליידיק) געמוזט עמעץ אַוועקקומען ביי דער פּריצה... טרערן אין די אויגן האָט זי געהאַט...

(קומט, גייענדיק איבער דער שטוב, נאָענט צו רבקה)

## רבקה

(אומרוהיק)

טאַטע, ווי זעט אויס דער יונגער גאָלדשטיין?

## חיים

(עמפערט)

וואָס אַ מויד האָט אין זין... טו דיך בעסער אָן...
זאָג ברכה און גיי צו דער נייטאָרין...

### שׂרה

(פאָרנדיק זיך ביי די קערבּ. וואָס זי בינדט צוזאַמען).

זי וועט היינט נישט גיין... כ׳וועל זי שפּעטער דאַרפן צו דער שטעל... לאָז זי נאָך ליגן. — און וויפל האָסטו דיך באַדונגען?

### חיים

(נעמענדיק די טאָרבע, אַריינלייגנדיק אַ שטיק ברויט און אַ ציבעלע, וואָס ער נעמט פון שענקל אַרויס)

כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט זעקס רובל אָן דריי און צוואַנציק גראָשן...

### שׂרה

אפשר טאַקע אַ מציאה — —

### חיים

אין לאהלעס זכות...

### שׂרה און מנשה

(קוקן אים אָן פאַרוואונדערט)

### חיים

(מאָטיווירנדיק)

איך דינג זיך אַזוי מיט דער אַלטער פּריצה... זי לאָזט נישט אָפּ... פּלוצלונג גיב איך אַ טראַכט: רבונו של עולם, לאָמיך עפּעס פאַרדינען פון לאהלעס וועגן...

## שרה

(פּאַטשט מיט די הענט)

רבונו של עולם, כ׳האָב דאָך גאָר פאַרגעסען צו פרעגן...
שווער, דער דאָקטאָר פון דער חברה איז געוועז?

## מנשה

געוועז... (זיפצט) געהייסן שלאָפן אַ סך, עסן אַ סך,
אַ ביסל וויין...

(פּויזע)

## חיים

(וואָס האָט עטוואָס אומרוהיק אָפּגעוואַרט)

ווי איך גיב דאָס אַ טראַכט, ווערט זי, די אַלטע פריצה,
ווייך, ווי פוטער – לאָזט זי אָפּ צענערלעך, דערנאָך גולדנוויין...
און גיט זיך פּלוצלונג אַ דריי אויס צו דער וואַנט, און שטעלט
מיר הינטן אַרום אַרויס די האַנט: גיב שוין, ייִד, גיב!...
די האַנט האָט איר געציטערט, האָב איך איר געגעבן
אַדרויף... (הענגט זיך די טאָרבע איבער די אַקסל, מיט אומרוהיקער
חניפה) מיין איך טאַקע, אַז לאהלע איז אַ שותּף צו דער קניה.

## שׂרה

(קוקט אים אָן מיט חשד)

## חיים

און זי זאָל טאַקע זיין אַן אמתער שותּף... זי האָט
דאָך אירע פּאָר גראָשן...

## שׂרה

(שפּרינגט אויף, ווי געביסן)

אָ! צו דעם האָסטו געצילט? דעם אָרעמען קינדס פּאָר

גראָשן, וואָס זי קלויבט זיך אָן פון שליחות? אַזוי? מיטן אָרעמען קינדס געזונט, מיטן אָרעמען קינדס נשמה ווילסטו האַנדלען...

## חיים

(מאַכט אוועק מיט דער האַנט, געמט זיך צום אַרויסגיין)

## רבקה

(וואָס איז אייגגעשלאָפן, וועקט זיך אומרוהיק, צו מנשהן, וואָס קומט איר אויס אַם נאָענטסטן)

זיידע, וואָס שרייט אַזוי די מאַמע?

## מנשה

(אָפּרופנדיק חיימען)

גיי שוין, גיי... זוך דיר אַ שותּף אין גאַס... אַ ג ר ע ס ע ר קרישאַלע נעמען צוויי פייגעלעך... שלינג ניט איין די וועלט...

## רבקה

מאַמע, דער יונגער גאָלדשטיין טראָגט גאָלדענע ברילן?

## שׂרה

וואָס זי האָט אין זינען! שלאָף! שפּעטער וועל איך שיקן נאָך דיר.

(אָפּ מיט די קערבלעך)

(פּויזע)

## רבקה

וואו וואוינט גאָלדשטיין?

### מנשה

(מעכאניש)

אויף אונזער גאַס, אין גרויסן הויז.

### רבקה

ער טראָגט גאָלדענע ברילן?

### מנשה

מן-הסתם... אַז איך פלעג אַריינקומען צום פאָטער, איז ער אַ קורצזיכטיק ייִנגל געווען... היינט טראָגט ער אודאי ברילן, און מן-הסתם, גאָלדענע...

### רבקה

אין גרויסן הויז וואוינט ער? אין רויטן?

### מנשה

זייער הויז... קענן וואָס פרעגסטו?

### רבקה

זיידע, זע נאָר (נעמט אַרויס מיט ציטעריקע הענט אַ פאָטאָגראַפיע מון בוזעם). דאָס האָב איך געפונען נעכטן אין גאַס...

### מנשה

(נעמט, באַטראַכט)

דאָס איז ער דאָך, דער יונגער גאָלדשטיין...

(אומרוהיק) געפונען אין גאַס?

### רבקה

(ענטפערט ניט, דרייט זיך אויס צו דער וואַנט נאָך אַ ווײַלע הערט זיך איר פאַרשטיקט געוויין)

## מנשה

רבונו של עולם – וואָס איז דאָס? וואָס איז מיט דיר? רבקה, רבקהלע? — ז'ענטפערט נישט... ווי זי ציטערט... ס'איז דיר ניט גוט? ס'שפּאַרט דיך ביים האַרץ... רבקהלע, רבקהלע... געבן דיר טיי? רבונו של עולם, ווי זי ציטערט, ווי בלאָס זי איז... כ'גיי עמעצן אַריינרופן... אַ רופא... ווען ס'איז... (רופט) לאה, לאה –

## לאה

(וועקט זיך)

וואָס, זיידע?

## מנשה

רבקה איז אָוועקגעפאַלן... גיי צו איר, כ'גיי עמעצן רופן.

(גייט אַרויס)

## לאה

(כאַפּט אויף זיך די קאָלדרע און גייט איבער צו רבקהן. איבערן וועג פאַרגעסט זי זיך, הייבט אָן עפּעס שטיל צו זינגען; פאַרגעסט דעם נגון, שטעלט זיך אָפּ, וויל זיך עפּעס דערמאָנען. פאַרלייגט די הענט אויפן האַרץ. דערפילט עפּעס האַרט ביי זיך אין בוזעם, וואונדערט זיך, טאַפּט מיט דער האַנט, זוכט, נעמט ענדלעך אַרויס אַ זילבערנעם רובל, שמייכלט דאַצו — אַ שפּיגעלע! דערמאָנט זיך עטוואָס — גייט גענטער צום בעט צו)

רבקה, זעסט? (ווייזט איר ס'קערבל). רבקה – רבקה, ביסט געשטאָרבן? עפן די אויגן, רבקה, אַ ניט וועט מען דיך הייטן באַגראָבן, רבקה...

## רבקה

מען האָט מיך שוין... באַגראָבן...

## לאה

(אָפּוּוערנדיק זיך פֿון שרעק)

שקר! אין דער היים ביסטו... אין בעט!... באַגראָבן באַגראָבט מען אין דר׳ערד... און ווייט, ווייט פֿון דאַנען (באַרוהיקט און פֿאַרטראַכט זיך. דערמאַנט זיך אַנם רובל). זעסט? און ווייסט ווער ס׳האָט מיר געגעבן? אַ יונגערמאַן... עפּעס אַ פּרעמדער יונגערמאַן... אין אַ גלאַנצנדיקן צילינדער... אין גאַסט-הויז שטייט ער... הערסט, רבקה, כ׳גיי פֿאַרביי, דערזעט ער מיך פֿון פֿענסטער... ווינקט צו מיר, גיי איך אַריין... גיט ער מיר אַ רובל און אַ קוש... קום מאָרגן, זאָגט ער, וועל איך דיר געבן צוויי... ר׳וועט, זאָגט ער, מיט מיר פֿאָרן אויף אַ שיף, און אַלע טאָג, זאָגט ער, געבן אַ קערבל... ווייט, ווייט... וועט מען פֿאָרן... ר׳אָט געפֿרעגט, צי כ׳האָב נישט אַ שוועסטער... זאָג איך: יאָ... צי איז זי אַ שיינע... (פּויזע. האַלט ביי פֿאַרגעסן זיך. פּלוצלונג). — וואָס מיינט ער דערמיט, רבקה! וואָס וויל ער, רבקה? (רייסט זי) — רבקה! —

## א שאכער

(אין גאַס, אַרוינקוקנדיק דורכן פֿענסטער, פֿאַרשנדיק און פֿרעך, רופֿט הילכעדיק)

האַנדל, האַנדל, האַנדל...

פֿאָרהאַנג

# שאַמפּאַניער

(איינאַקטער)

## פּערזאָנען:

**גרונע** — אַן אַלמנה נאָך אַ סופר. אַ קליינע, מאָגערע, נערוועזע יידענע.

**מרים** — אַ פּאַרוזעסענע, פון אַ יאָר עטלעכע צוואַנציק. } גרונעס דריי טעכטער

**פּערל** — אַן עגונה פון אַ יאָר צוואַנציק. } גרונעס דריי טעכטער

**הדס** — אַ גייטאָרין־מיידל, אַ יאָר זעכצן־זיבעצן. } גרונעס דריי טעכטער

**דבורה** — אַ הויכע, שווערע יידענע, אַן ברעטען.

אַן אָרעמע קעלער־שטוב. די אויסגאַנגס־טיר אין הינטער־גרונט. דער רעכטער ווינקל איז הינטער אַ שפּאַנישן ווענטל. אַז עס ווערט אַוועקגערוקט, זעט מען אַ צערודערט בעט. אין לינקן ווינקל — אַ בערגל קאַרטאָפל און אַ הויפן ציבעלעס. ביי דער וואַנט רעכטס — צוויי בעטן. לינקס — אַ שראַנק צווישן צוויי הויכע קליינע פענסטערלעך אין גאַס אַרויף. אין מיט שטוב — אַ טיש, בענקלעך.

## מרים

(זיצט בײם טיש, מיטן פּנים צום צושויער, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט, גענעצט פאַרוויסט).

## גרונע

(קומט אַרײַן, שנעל אַרבעטנדיק אַ זאַק). בײַ זײַ חובֿות צו מאַנען! ווי פון אַ סמאַלע! (דערזעט מרימן. מיט רחמנות) עס טוט דיר דער קאָפּ ווײ? (זיפצט אָפּ, ניט באַקומענדיק קיין ענטפער, גייט זי אַרום טיש, קומט אוים מרימן פון אַ זײַט, שאָקלט מיטן קאָפּ פאַר צער)

## מרים

(האַרט)

ניין. (הייבט זיך אויף, גייט הינטער דעם פאָרהאַנג אַרונטער)

## גרונע

(קוקט איר אַ ווײַלע נאָך, הערט זיך איין צו דער טיר)

אַ, סערל מיטן נאַפט. (גייט צו צו דער לאָמפּ, מאַכט זי צורעכט)

## דבורה

(קומט אַרײַן מיט אַ קוישל)

גוטן אָוונט!

## גרונע

(אַנטוישט)

דו גאָר... ס'קאָצל קומט!

### דבורה

(שטעלט דאָס קיישל אויף דער ערד. רעכט בײַ דער טיר. איראָניש)
**אַ שיינער „ס'קאַצל קומט"... זאָלן דיר בעסערע בשורות אָנגעזאָגט ווערן!** (קומט אַ פּאָר טריט נענטער, שטעלט זיך אָפּ, קוקנדיק אויף גרונעו, מיט פאָרוואורף און מיטלייד) **גרונע!**
(פּויזע)

### גרונע

(איבערוועלטיקט די אומרו) **פון דאָרף קומסטו?** (אַ בליק צום קיישל)

### דבורה

**איינגעקויפט...**

### גרונע

**אָפּגעטראָטן זיך אָפּרוען... מהיכא תיתי, זעץ זיך!**

### דבורה

**כ'קאָן באַשטיין!** (גייט צו צום טיש, שפּאַרט אָן די הענט, קיין אויג פון גרונען נישט אַראָפּלאָזנדיק, מיט טיפן שטראָפנדיקן ערנסט)
**ווייסט, ווער, עליו השלום, דיין מאַן איז געווען, גרונע?**

### גרונע

(פאַרבליפט, עפנט דאָס מויל, געפינט נישט וואָס צו זאָגן, לאָזט אָפּ מיט דער רעכטער האַנט דעם זאַק, פאַרלירט דאָס שפּיזל)

### דבורה

(נישט אָפּוואַרטנדיק אויף ענטפער)
**אַ ייד אַ למדן, גרונע, אַן ערלעכער ייד, אַ סופר!** (פּויזע)
**פלעגט פאַר יעדער שורה פון דער הייליקער תורה טבילה גיין.**

גרונע

(פארביסן)

שקר ... אַ פּאָר מאָל אין וואָך — אמת !

דבורה

(שטרענג)

זיין זכות זאָל אונז ביישטיין , גרונע !

גרונע

(הויל)

ער איז נ י ש ט בייגעשטאַנען !

דבורה

ווייל דו ביסט זינדיק , גרונע !

גרונע

(שפּרינגט אונטער , ווי פון אַ שלאַנג געביסן)

איך ?

דבורה

דו , אַ סופרס אַן אלמנה און אַזאַ כשרן סופרס . פּירסט אַנדערש — די קינדער !

גרונע

(מיט אַ האַנט-באַוועגונג צו דער פאָרהאַנג)

שווייג !

דבורה

זי איז דאָרט נישטאָ !

גרונע

מרימל ליגט — דער קאָפּ טוט איר ווי — רעד — שטילער !

דבורה

(גייט נענטער צום פֿאָדערגרונט צו)

אַ מיידל היט מען... כ'וואָלט מיינע, ווי אַ שלייען צעריסן!

גרונע

צי נישט די אָדערן! רעד צו דער זאַך...

דבורה

(ביטער)

וואָס איילסט'ך אַזוי צום נחת?

גרונע

צי ניט די נשמה אַרויס, זאָג איך!

דבורה

(זעצט זיך שווער אויף אַ ביינקל)

אין דאָרף בין איך געגאַנגען. פֿאַרבייגעגאַנגען דאָס גערטל מיט דער רעסטאָראַציע, וואו די מוזיק שפּילט... הער איך זי? מוזיק פֿעלט מיר! כ'קוק מיך אַפֿילו ניט אום... ווער מיר גערטל... ס'וואַקסט מיר אַ מויד אין גרויען צאָפּ אַריין. פֿון מיינע עסקים וועט קיין נדן ניט זיין... גיי איך... נישט די אויגן זעען, נישט די אויערן הערן... פֿלוצלונג — אַ געלעכטער! כ'קוק מיך אום, דערזע'ך...

סערל

(אַריינקומענדיק)

אָט, מאַמעשי, נאַפּט! (וויל צוגיין צום טישל, באַמערקט דבורהן, שטעלט אַוועק אויף דער ערד ביי דער טיר: צו דער מוטער). וועסט אַליין אָנגיסן! (וויל גיין הינטער דעם פֿאָרהאַנג)

גרונע

(זייער נישט דרייסט)

מרים האָט זיך געלייגט, דער קאָפּ טוט איר ווייי...

סערל

(פאַרהאַלט זיך)

וועסט קאָכן, מאַמעשי, קאַרטאָפל?

דבורה

און מיר קומט ניט קיין גוטן אָוונט?

גרונע

(גלייכצייטיק)

קאַרטאָפל!

סערל

(נעמט אַ טאָפּ קאַרטאָפל מיט אַ מעסער צום שיילן, און גייט צו דער טיר)

גרונע

ס'איז קיל, סערל!

סערל

(נישט ענטפערנדיק, אָפּ)

(שווערע פויזע)

גרונע

און וואָס האָסטו דערזען, דבורה?

דבורה

הלואי וואָלטן עס מיינע אויגן נישט געזען! יאָגט נאָך

אַ קאַפּעלוש אַ **צנועה**... פון רעסטאָראַציע... איבער דער לענג פון צוים... זי קנאַקט צוקערקעס און לאַכט, ס׳קליידל שוועבט, ער — נאָך... יאָגט ער זי, כאַפּט זי אַ הויפן בלעטער און שמייסט אים, אין פּנים אַריין... און לאַכט... און לאַכט!

גרונע

(איראָניש)

האָסט דיך צוגעקוקט?

דבורה

כ׳האָב דאָס לאַנג דערקענט!

(פּויזע)

גרונע

הדסל?!

דבורה

דו האָסט געוואוסט?! וואָס? אַ חתן איז עס?

גרונע

ניין...

דבורה

נישט? און דו... האָסט געשוויגן?

גרונע

יאָ!

דבורה

גרונע!

גרונע

(שטעלט אוועק דאס לעמפל אויפן טיש, שניידנדיק רוהיק).
שווייג אצינד דו און הער, וואס איך וועל דיר דערציילן.
(אנבאפנדיק דבורהן ביים ארבל, נייט זי זאל זיך זעצן). איך וועל
זיך דיר דערציילן, איין גאנץ אין הימל וועט אונז הערן!

דבורה

(זעצט זיך צוריק)

גרונע

אז מיין מאן איז געשטארבן...

דבורה

ווי אזוי רעדסטו עפעס, גרונע?

גרונע

ווי אזוי זאל איך רעדן?

דבורה

און „זכרונו לברכה"? און נפטר געווארן זאגט מען!

גרונע

אליך איינס, נפטר געווארן, צי געשטארבן, באגראבן
האט מען אים...

דבורה

צו קבר אבות געקומען...

גרונע

זאָל זיין: צו קבר אבות... נאָר מיך האָט ער איבער-געלאָזט מיט דריי יתומים-טעכטער...

דבורה

נעבעך. אַוועקגעגאַנגען אָן אַ קדיש פון דער וועלט...

גרונע

דריי טעכטער. די עלטסטע...

דבורה

(מיט אַ בליק צו דעם פאָרהאַנג)

מרים...

גרונע

אַלט געווען ניינצן יאָר...

דבורה

ביי לייטן איז אַזוינס אַ כלה...

גרונע

ביי אונז איז קיין ברויט ניט געווען; פון לעקעך עסן ניט צו רעדן...

דבורה

ווי אַזוי רעדסטו עפּעס היינט, גרונע?

גרונע

נישט איך רעד, די צרות רעדן... דאָס שענסטע מיידל אין שטאָט געווען...

דבורה

הײַנט אויך... קײן עין־הרע!

גרונע

הײַנט איז זי אַ זױערע לימענע – אַ גרױער צאָפּ! נאָר דאַמאָלט האָט זי געלױכט, װי די זון... איך בין דאַמאָלט דעם פֿרומען סופֿרס אלמנה געװען. איך האָב זי, װי אַן אױג אין קאָפּ געהיט... איך האָב געװאוסט, אַז הײַנטיקע צײַטן... עס דרײען זיך אַרום קלעזמער, שנײַדערלעך, אַזױ דײַטשלעך און אַלטע בחורים... בית־המדרשניקעס אַפֿילו פֿלעגן זיך דרײען בײַם פֿענסטער... נאָר אױף װאָס איז אַ מאַמע? אַ כּלה־מײדל, האָב איך געװאוסט, דאַרף זײַן, װי אַ שפּיגל... און איך האָב מײַנס באַװיזן, עס איז אױף איר קײן הױך ניט געפֿאַלן! געהיט האָב איך זי. געהיט, קײן אױג נישט אַראָפּגעלאָזט, קײן טריט פֿון שטוב אָן מיר ניט געמאַכט, און אַלץ מוסר געזאָגט... קוק נישט אַהער, קוק נישט אַהין, דאָ שטעל דיך נישט... דאָ מעק דיך נישט... קוק נישט, װי פֿײגעלעך פֿליען...

דבורה

זײער װאױל...

(פּױזע)

(מרים און סערל באַװײזן זיך, פֿון גרונע און דבורה נישט באַמערקט, אין טיר. זעען, אַז די לעצטע איז נאָך דאָ און ציען זיך שטיל צוריק)

גרונע

(ביטערלעך)

װאױל װי די װעלט! אָבער װי זעט זי אױס! אַן אמת ערלעך מײדל, נאָר זעקס און דרײַסיק באַשריבענע יאָר! דאַר – די בײנער צו צײלן, אַ גערינצלטע הױט, װי פֿאַרמעט צו תּפֿילין, אױגן פֿאַרלאָשענע, דאָס פּנים זױער, אָן

אַ שמייכל — אייביק פאַרביסענע ליפּן . . . גאַנץ אָפּט ברענען דאָך אויף פאַרלאָשענע אויגן ; דאָס ברענט דאַמאָלט אין זיי אַ שנאה, אַ האַס, ווי אַ גיהנם . . . און ווייסטו צו וועמען ? ווייסטו וועמען זי האָט פיינט ? וועמען, מאַכנדיק מיט די ליפּן, זי פאַרשילט די ביינער ?

דבורה

וועמען ?

גרונע

מיר ! מיר — איר אייגענער מאַמען !

סערל

(קומט אַפּיר פון הינטער דעם פאָרהאַנג, קוקט מיט האַס צו דער פאַרציטערטער מוטער, גייט אַרויס)

גרונע

האָסט געזען ?

דבורה

אָבער — פאַרוואָס ?

גרונע

זי אַליין ווייסט אפשר ניט פאַרוואָס, נאָר איך ווייס ! איך האָב מיר געשטעלט צווישן איר און דער וועלט, צווישן איר און דער זון ! איך האָב איר, ווי זאָל איך דיר עס זאָגן ? קיין וואַרעמקייט און קיין ליכט צום לייב ניט צוגעלאָזט . . . גאַנצע נעכט האָב איך דעריבער געקלערט, ביז איך בין עס דערגאַנגען, אויף קלאָר דערגאַנגען ! זי מוז מיך פיינט האָבן . . . יעדעס קעמערל פון איר לייב האָט מיך פיינט !

דבורה

וואָס רעדסטו ?

גרונע

וואָס דו הערסט ! די שוועסטער האָט זי אודאי פּיינט, שענער זענען זיי און יינגער. (כאַפּט שווער דעם אָטעם)

דבורה

רבונו של עולם !

גרונע

(הייזעריק)

די יינגערע, סערלען, האָב איך שוין אין דער היים נישט געהאַלטן... איך האָב זי אָפּגעגעבן פאַר אַ דינסט...

דבורה

איך האָב טאַקע געשריען געוואַלט, מעשים געטון... אַ סופרס אַ טאָכטער פאַר אַ דינסט...

גרונע

איך האָב געוואָלט כאָטש איר חתונה מאַכן. זאָל זי כאָטש אַ ביסל נדן האָבן... פון מיינע קאַרטאָפל און ציבעלעס, מיט וועלכע איך האַנדל, קאָן מען קיין נדן נישט אויפקלייבן... און זי האָב איך אויך געהיט... נישט איין בעל־הבית האָט אויף איר אַן אויג געוואָרפן... נישט איין בעל־הבתיש קינד האָט זיך געוואָלט פון איר אַ שפּילעכל מאַכן...

דבורה

ימח שמם וזכרם !

### גרונע

בין איך דאָך אָבער אַ מאַמע! אַ געטרייע מאַמע געווען?
די פיס האָב איך מיר אָפּגעהאַקט! צען מאָל אין טאָג ביי
איר אין קיך געווען, געוויינט, געחלשט, מוסר געזאָגט...

### דבורה

שטראָפן מוז מען איך שטראָף מיינע אויך...

### גרונע

גאַנצע נעכט בין איך ניט געשלאָפן; דעם קו-הישר
געלייענט און אַנדערע הייליקע ספרים אויף עברי-טייטש, און
צומאָרגנס איר אַלץ איבערדערציילט... און נאָך אייגנס
צוגעלייגט, גאָט זאָל עס מיר מוחל זיין...

### דבורה

מוחל זיין?

### גרונע

פאַר דעם ליגן! פון דריי שדים האָב איך געמאַכט
צען... פון אַ שמיץ — קאַסטרוי! מיט פייער האָב איך געשיט!
און אַ שוואַך קינד איז עס געווען: אַ שוואַך כשר קינד, עס
האָט זיך געלאָזט פירן!... דער טאַטע אויסן אויג — בלאַס אָן
אַ ביסל בלוט, און אַזוינע גוטע, פייכטע אויגן — נאָר שענער
איז זי געווען...

### דבורה

דו רעדסט, רחמנא לצלן, פון איר, ווי פון אַ טויטן?

## גרונע

און דו מיינסט, זי לעבט? איך זאָג דיר: זי לעבט נישט! זי האָט אָנגעזאַמלט נדן, און איך האָב איר אַ מאַן געגעבן! זי האָט נעבעך געוויינט, אַז זי וויל אים ניט, אַז ער איז צו גראָב, צו פּראָסט פאַר איר. נאָר אַ לערן-קינד נעמט נישט קיין דינסט-מיידל, בפרט מיט דרייסיק רובל נדן! איך האָב געדאַנקט גאָט, ווער עס איז! — אַ שניידער-יונג איז אַ שניידער-יונג! נו, האָט ער מיט איר אַ יאָר געלעבט, צוגענומען דאָס געלט, מיטן רעשט ביסל כח און איז אַוועק... נאַקעט און בלויז האָט ער זי מיר אָפּגעשטעלט, נאָר מיט אַ לונג-פעלער! זי שפּייט מיט בלוט!... אַ שאָטן איז עס שוין, נישט קיין מענטש... עס טוליעט זיך צו מיר, ווי אַ קליין קינד, עס לעקט זיך, ווי אַ לעמעלע! און גאַנצע נעכט וויינט עס... און ווייסטו, אויף וועמען זי וויינט?

## דבורה

אויפן מאַן, ימח שמו?

## גרונע

ניין, דבורה. אויף מיר וויינט זי! (גייט צו צום קוימען, מאַכט איבער דער גאַנצער צייט פייער און קאָן עס נישט מאַכן). איך האָב זי אומגליקלעך געמאַכט. (בלאָזט) אירע טרערן פאַלן מיר אויפן האַרץ, ווי קאָכעדיק בליי, זיי סמען מיך די טרערן... (בלייבט שטיל, קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם)

## דבורה

הכלל?

## גרונע

הכלל (בלאָזט האַסטיק) הכלל, האָב איך מיר געזאָגט:

געגוג! זאָל מיין דריטע טאָכטער שוין לעבן! לעבן זאָל זי, ווי זי וויל! זי פאַרדינט מיט דער נאָדל, זעכצן שעה אין טאָג אַרבעט זי, קוים טרוקן ברויט פאַרדינט זי... זי וויל צוקערקעס אויך, זאָל זי עסן! זי וויל לאַכן, שטיפן, קושן זיך — זאָל זי! הערסט דבורה — זאָל זי! איך קאָן איר קיין זיסע זאַכן ניט געבן, קיין מאַן אודאי נישט! אַ ציטרין פון איר מאַכן, וויל איך נישט! אַ לונגען-פעלער געבן — נישט. נישט! זאָל שוין איין טאָכטער מיך ניט האַסן. אויף מיר נישט וויינען! (בלאַוט)

## דבורה

(שרייט דערשראָקן)

אָבער גרונע, וואָס וועלן זאָגן לייט?

## גרונע

זאָלן לייט פריער אויף אָרעמע יתומים רחמנות האָבן. נישט אַרבעטן מיט זיי, ווי מיט אייזלען אומזיסט. זאָלן מענטשן האָבן הערצער פון מענטשן און ניט האַלטן אָרעמע לייט צו אויסדריקן ווי לימאָנען...

## דבורה

און גאָט? גאָט ברוך הוא!

## גרונע

(הויבט זיך אויף, שרייט, גלייך זי וואָלט וועלן, גאָט זאָל אין הימל הערן)

האָט גאָט געזאָלט פריער יענע פאַרזאָרגן!...

(אַ שווערע שטילקייט, ביידע ווייבער אָטעמען שווער, ביידע שטייען זיך אָקעגן מיט בליצן אין די אויגן)

## דבורה

(שרייט)

גרונע! גאָט — גאָט וועט שטראָפן!

גרונע

נישט מיך, נישט מיינע טעכטער! גאָט איז ערלעך.
ער וועט עמעץ אַנדערן שטראָפן! עמעץ אַנדערן!
(אַ שטימע הינטער דער טיר: טריי־לאַ־לאַ טריי־לאַ־לאַ)

גרונע

מיין פויגל, מיין זיסער פויגל! מיין זינגענדיקער!

הדס

(פאַלט אריין לוסטיק, עטוואָס פאַרדרייט)
טראַ־לאַ־לאַ! אַ דבורה גבאיטע... דבורה די זאָגערין,
דבורה די טוקערן — כאַ־כאַ־כאַ!

דבורה

(צוגייענדיק צו הדסן)
שטיל, דו חצופה, (פאַלט צוריק) מען פילט דאָך פון דיר —
בראָנפן פילט מען דאָך.

גרונע

(רוקט זיך פאַרציטערט צו צום טיש. כאַפּט זיך אָן ביים טיש נישט צו פאַלן)

הדס

שקר! בראָנפן האָט דיין טאָכטער מיט איר קבצנישן
יאָלד געטרונקען! דאָס האַלט זי ביי בראָנפן...

דבורה

שווייגסט, חצופה...

הדס

ניין, זי טרינקט בראָנפן!... אַ פאָניע איז ער. אַ רובאַשקע טראָגט ער... אַ האַלז, ווי אַ קעלער! (לאַכט שטיל)

דבורה

דערהרגענען גיי איך זי. (בייגט זיך צום קיישל, כאַפּט עס, פאַרשיט די „סחורה“ קלייבט צוזאַמען גערוועז)

גרונע

נישט דאָס האָב איך געמיינט... נישט אַזוי ווייט (מיט פאַרוואורף ארויף), נישט קיין רחמנות געהאַט... געשטראָפט און אַזוי האַרט, אַזוי האַרט...

הדס

(וואָס האָט איבער דער צייט געלאַכט אָן אַ קול, גלייכגילטיק)
שאַמ-פאַ-ני-ער!

פאָרהאַנג

# אַ ביסל נאַטור־געשיכטע

(אַ סצענע)

פּערזאָנען:

לערער און שילער

## לערער

(אינמיטן פאָרטראָג)

אַלזאָ, לעבט דער מוילוואָרף אונטער דער ערד. זיינע נאָענטע קרובים, ווי מיר האָבן געזען, לעבן אויף דער ערד, עטעמען פראַנק און פריי אין דער לופט. ער לעבט זיין געוויינלעך לעבן אין דער ערד, טיילמאָל, — טרעפן טרעפט זיך עס אַמאָל זומערצייט ביינאַכט, — פאַרבענקט ער זיך צום פרייען לעבן אויף דער ערד, און ער קומט אַרויס שפּאַצירן. ביי טאָג ווען די זון שיינט, טוט ער עס ניט. עס זעט אָבער אויס, אַז אַפילו דאָס שוואַכע ליכט פון לבנה און שטערן ביינאַכט שמעקט אים שוין אויך ניט גוט, וואָרים זיין שפּאַציר אויף דער ערד דויערט נישט לאַנג, און אפשר האָט ער אויף דער ערד שונאים אַ סך און ער אַנטלויפט פאַר זיי און באַהאַלט זיך צוריק אין דער פינסטערניש..

## שילער

וואו, אייגנטלעך, געפינט ער זיך

## לערער

ביי אונז — אומעטום. ער באַוואוינט לאַנקעס, פעלדער,

וועלדער, נאַטירלעך נישט פון אויבן, אויבן לעבן אַנדערע, ער לעבט אונטער די לאָנקעס, אונטער די פעלדער און וועלדער... פאַר אַ נויט, אַז ער באַגעגנט אונטער דער ערד אַ וואַסער, און אַפילו אויף דער ערד, אַז ער לאָזט זיך אַרויס אין אַ זומער-נאַכט שפּאַצירן – שווימט ער. אַז מען דאַרף, קאָן ער שווימען אויך... פון אויסזען איז ער גאָר „קיין מעשה ניט״ – אָן אַ האַלז, קיילעכדיק-לענגלעך; גרויסע, ברייטע פיס צום גראָבן אין דער ערד. טראָגן טראָגט ער זיך פיין: אַ קורץ-העריק זיידן פעלצל, אַ נאָז האָט ער אויך אַ פיינע: דערפילט אַלץ פון דערווייטן, אויך אַ גוט אויער: הערט, וואָס אַרום טוט זיך. און אַ קינסטלער איז ער: גראָבט אויסטערליש פיינע קאַנאַלן אונטער דער ערד; אַ וואוינונג און אַ פעסטונג צוזאַמען! דערפאַר האָט ער זייער שיינע אויגן. שוואַרצע, ברענענדיקע, נאָר קליינע, ווי מאָן-קערנדלעך, און ער קאָן זיי שטענדיק אַריינציען צוריק אַזוי, אַז זיי ווערן אינגאַנצן פאַרשוואונדן אין דעם פיין בעל-הבתישן פעלצל. אַ צייט לאַנג האָט מען דעריבער געמיינט, אַז ער האָט גאָר קיין אויגן ניט! אַז ער זעט נישט; עס האָט זיך אָבער אויסגעוויזן, אַז דאָס איז פאַלש... אַז ער באַהאַלט נאָר די אויגן, ווייל כל-זמן ער לעבט אונטער דער ערד, קאָן ער זיי נישט באַנוצן... אונטער דער ערד איז נאַטירלעך פינסטער... און אפשר לאָזט ער זיך דעריבער אָפּטמאָל אַרויס אויף אַ שפּאַציר איבער דער ערד, ער זאָל קאָנען כאָטש אויף אַ ווײַלע די אויגן באַנוצן! אַ ניט וואָלט ער זיי אינגאַנצן פאַרלוירן!

## שילער

וויי אַזוי!

## לערער

עס איז שוין אַזאַ געזעץ פון דער נאַטור! דאָס געזעץ

זאָגט: אַלץ וואָס נוצט נישט, וואָס אַרבעט ניט, גייט פאַרלוירן, ווערט פאַרניכטעט; אַלץ וואָס לעבט, מוז אַרבעטן, און אייב עס אַרבעט, ווערט עס געשפּייזט. די וואַרעמע חיות מיט רויטן בלוט (און צו זיי געהערט דער מוילוואָרף אויך) האָבן אַ האַרץ, וואָס שפּייזט אַלע גלידער מיט בלוט, עס שלאָגט אַריין דאָס בלוט אין אַלע ווינקעלעך, אין אַלע קעמערלעך פון גוף און דערנערט זיי דערמיט. אַז מען וויל, צום ביישפּיל, פריי ווערן פון אַ וואָרצל אויפן לייב, בינדט מען אים שטאַרק אַרום מיט אַ דינעם זיידענעם פאָדעם; אויף אַזאַ אופן האַקט מען אים איבער דעם צופלוס פון בלוט, ווערט ער נישט געשפּייזט, קאָן ער נישט לעבן. אויסגעהונגערט, ווערט ער איינגעשרומפּן, אויסגעדאַרט, שטאַרבט ער און פאַלט אַראָפּ, ווי אַ געשטאָרבן בלאַט פון בוים. דאָס האַרץ זאָגט טאַקי: „כאכילתכם כך עבודתכם"! דאָס הייסט: אַזוי ווי איר עסט, אַזוי מוזט איר אַרבעטן! און ווירקלעך, אַ גליד, וואָס אַרבעט ניט — פאַרגייט. עס טרעפט, אַז מען מוז אַ קראַנקן פאַרבונדן אַ פאַרוואונדעטע האַנט, אָדער אַ פוס, זיי זאָלן זיך רוהיק אויסהיילן, די פאַרבונדענע האַנט אָדער פוס אַרבעטן נישט און באַוועגן זיך נישט אַ צייט, און דערנאָך, אַז מען נעמט אַראָפּ די בינדע, זעט מען זיי אויסגעדאַרט, פיל מאָגערער, ווי די צווייטע האַנט, אָדער דער צווייטער פוס...

### שילער

און ביים מוח?

### לערער

ביים מאַרך איז אויך דאָס זעלבע. מענטשן, וואָס מען האַלט לאַנג פאַרשפּאַרט אַליין אין דער פינסטער, פאַרלירן דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, די פעהיגקייט צו דענקען... דאָס זעלבע איז אויך מיט אויגן. מאַסן באַשעפענישן, וואָס

לעבן שוין לאַנג אין דער פינסטער אונטער דער ערד, האָבן שוין גאָר קיין צייכן פון אויגן נישט... די אָבער האָבן שוין געמוזט גאָר אינגאַנצן אָן ליכט פאַרגעסן. עס חלומט זיי שוין ניט פון ליכט. זיי בענקען שוין נישט דערצו...

### שילער

און די, וואָס פאַרגעסן ניט און בענקען?

### לערער

די טוען זיך אַן עצה. דער מויל-וואָרף כאַפּט זיך פון צייט צו צייט אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין... די זון וואָלט אים שוין ווי געטון, באַגניגט ער זיך מיט לבנה און שטערן... אַנדערע...

### שילער

וואָס טוען אַנדערע?

### לערער

טיף אין וואַסער איז אויך פינסטער. דורך די ערשטע עטלעכע קלאַפטער זעט זיך נאָך אַ גרינלעכער שיין, אַ ציטערי-קער, צעוואָרפענער. וואָס טיפער איז אַלץ פינסטערער און פינסטערער. און די ימים זענען טיף, זייער טיף. אין דעם דייטשן ים האָט מען געפונען טיפע ערטער ביז פינף הונדערט מעטער, אין מיטללענדישן ים – ביז פיר טויזנט צוויי הונדערט מעטער, אין אַטלאַנטישן אָקעאַן האָט מען אויסגעמאָסטן טיפע-נישן ביז זיבן טויזנט. און אין שטילן אָקעאַן – ביז אַכט טויזנט און דרייצן מעטער... מען זאָל אַהין אַריינלאָזן אַ הימאַלאַישן באַרג, וואָלט ער קוים אַרויסגעשטאַרט מיטן שפּיץ... ווי פינסטער מוז דאָרט זיין אויפן גרונט! און דאָך לעבן דאָרט פאַרשיידענע אומגעהויערע באַשעפענישן, ווי צום ביישפּיל דער פאַפּוג-פיש, און זיי זעען!

שילער

ווי אַזוי ?

לערער

זיי שאַפן זיך זייער א י י ג ן ליכט. ווי אַזוי לייכט אַ גלי־וואָרעם אין דער פינסטער ? ער גיט פון זיך אַרויס ליכט. און יענע פיש האָבן אַזוינע אויגן, וואָס שטראַלן פון זיך ליכט אַרויס, און זעען ביים אייגענעם ליכט...

שילער

אַלע ?

לערער

ניין ! פאַראַן אַזוינע, וואָס האָבן אָן ליכט פאַרגעסן און די האָבן די אויגן פאַרלאָרן !... כדי צו באַשאַפן זיך אייגענע ליכט, מוז מען בענקען נאָך ליכט !

# עולם הבא

(א סצענע)

שפעטלעבער אָוונט. אין דערמיט שטוב א געדעקט טישל צו דער וועטשערע. רעכטס אַן אויסגעלאָשן קוימען. לינקס צוויי בעטן. פון פאָרנט, אין דער טיף ביי די פענסטער, א ווארשטאט מיט כלים פון א טאָקער. א טונקל ברענענדיקער לאָמפ איבערן טיש.

פערזאָנען:

גבריאל און סערל — א יונג פּאָר־פאָלק.

## סערל

(זיצט ביים טיש און דרימלט, אָנגעשפּארט מיטן קאָפּ אויף די הענט, וועקט זיך, הערנדיק גבריאלס טריט)

## גבריאל

(קומט אריין)

גוטן אָוונט!

## סערל

אַזוי שפּעט! (גענעצט) וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרזוימט? (ציט זיך אויס) די וועטשערע שטייט שוין אונטערן קישן (גענעצט) וואַש דיך.

גבריאל

(אויף און אָפּ גייענדיק)

עט, סערל, יאָ וועטשערע, נישט וועטשערע! נו, אַ תּכלית!

סערל

(וואָס האָט געוואָלט צוגיין נעמען פון אונטערן קישן די וועטשערע, שטעלט זיך אָפּ פאַרוואונדערט)

וואָס איז מיט דיר, גבריאל?

גבריאל

מען עסט וועטשערע, אָנבייסן... מען לעבט... נאָר ווי אַזוי לעבט מען? ווי אַ מוילוואָרף אין דער ערד! זיי ווייסן, די בית־המדרש לייט! אַז מען קוקט אין ספרים אַריין, ווייסט מען! אַלץ שטייט דאָרטן, אַלץ! אָט האָב איך היינט, צווישן מנחה און מעריב, ביים אויוון זיצנדיק, אונטערגעהערט, ווי זיי רעדן. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? קרעפּלעך אַוועקצושטעלן!

סערל

(גייט צו אים צו נענטער)

כ'האָב דיר טאַקע היינט געמאַכט קרעפּלעך! פון נעכטיקן פלייש... האָסט נישט געגעסן.

גבריאל

(מיט אַ פאָרוואורף)

אַ יידענע בלייבט אַ יידענע! פאַרגעס אַ רגע אָן עסן... דו זאָלסט הערן דעם ויכּוח!

סערל

וועגן וואָס?

### גבריאל

נישט וועגן ווייץ אָדער קאָרן, ווי אונזערע בעלי־בתּים
ביי דער מזרח־וואַנט...

### סערל

וועגן מלחמה?

### גבריאל

נאַרעלע... וועגן עולם הבא!

### סערל

(וויל וויטער צוגיין צום בעט)

וועסט דערציילן ביי וועטשערע...

### גבריאל

(נישט צופרידן)

וואַרט אַ ווײַלע! איך זאָג דיר, מויל און אויערן אויפצו־
שטעלן. בערעלע מלמד, דאָס קליינטשיקע, דאָס דאַרע...
דאַכט זיך, אַ פליג, און אַז עס רעדט — פלאַמט אים אַ פייער
אין די אויגן... און נאָך איינער, עפּעס אַ חסיד, דאַכט זיך,
אַ פרעמדער. רעדן זיי! זאָגט בערעלע פּשוט, — ער איז דאָך
אַ דרדקער מלמד — זאָגט ער, ווי ביי דיר אין טייטש חומש
שטייט... איך הער דאָך! באשר בכן, מען וועט עסן און
טרינקען, נישט אַזוי ווי דאָ; בעסער! און ווי הייסט בעסער!
דו ווייסט דאָך: שור־הבר... עס צעגייט זאָגט ער טאַקע אין מויל.
היינט — ווײַן! אַלטער ווײַן! ער האָט׳ן עפּעס אויסטערליש אָנגע־
רופן. כ׳קאָן נישט נאָכזאָגן, נאָר משׁשת ימי בראשית, זאָגט ער,
און, זאָגט ער, ליכטיק וועט זיין אין אַלע ווינקעלעך. פון
דער שכינה אַ שיין, אַ מין אָפּגלאַנץ, און אין דעם אָפּגלאַנץ
פאַרשטייסטו מיך (האַלב זינגענדיק) וועלן זיצן די צדיקים

מיט גאָלדענע קרוינען אויף די קעפּ און קוועלן, און הנאָה האָבן, ממש שמעלצן זיך פאַר תענוג!

### טערל

מען זאָל נאָר זוכה זיין, רבונו של עולם! (טרויעריק) כ'האָב נאָך אַפילו די ר' מאיר־בעל־נס־פּושקע נישט פול... שוין אַ האַלב יאָר, אַז זי הייַנגט!

### גבריאל

הער אָבער נאָך ווייטער! דער חסיד זאָגט אַנדערש: עס וועט זיך ווייטער פירן, זאָגט ער, פּונקט ווי דאָ! נאָר פאַרשטייסטו מיך, אָן דאגות, אָן עגמת נפש, אָן אַ פּיצל צער! פאַר־שטייסט? אַ וועלט, ווי די וועלט, נאָר אָן אַלעס שלעכטן. כדומה למשל: נעם, זאָגט ער, אַ בעל־עגלה, אַ שמייסער, פון וואָס האָט אַזאַ מענטש הנאָה? פון גוטע פערד, פון אַ גוטן וואויל־יונגערישן קנאַק מיטן בייטש. זאָגט דער רבונו של עולם: מהיכא תיתי! און אייב ער פאָרט נישט אין שבת אַריין, איז נישט עובר אויף צער־בעלי־חיים, נאַרט ניט אָפּ מיט די צעטלען, שלעפּט ניט אַרויס פון די זעק — פאָרט ער דאָרט ווייטער! אַזוי האָט ער פון רבינס מויל געהערט, און זיין רבי האָט עס פון בעל־שם! הכלל — פאָרט ער! און שמירן די רעדער דאַרף ער ניט... שמן זית גיסט זיך אויף זיי, אויף די רעדער! און אַ וועג האָט ער, ווי אויפן טיש... און אַ בייטש, למשל, פון עלפנביין, אַ שטריקל, למשל, פון זייד! און עס קנאַקט איבער אַלע ש״י עולמות... ממש עס דונערט! און פערד, צוויי פאָר, דריי פאָר, פיר אויך... ווי איינעם קומט... „באַשפּיץ" און אין דער ברייט... און פערד — לייבן, אָדלער... עס פליט! כהרף עין פון איין עק וועלט צו דער צווייטער, און צוריק...

### סערל

און אַזוי שטענדיק?

## גבריאל

אַז ער האָט הנאה דערפון! דאָס הערסטו דאָך, איז זיין גן־עדן! און עס איז אַ יושר אויך! וואָס מען ווינשט זיך, זאָגט ער, אויף דער וועלט, האָט מען אויף יענער, דער רבונו של עולם גיט נאָך יעדן באַזונדער זיין תענוג... אַ בעטלער, זאָגט ער, ווינשט זיך גוטע בעלי־בתים — האָט ער! שטייען פאַר אים אָפן אַלע טירן... מען באַשיט אים מיט גראָשן, ווי אַ כלה מיט האָפּן! דאָס איז שוין מיין משל... און ער גייט און גייט... און אָט, למשל, צום ביישפיל: אַ כשרער מלמד, וואָס ווינשט זיך אַן ערלעכער מלמד? גוטע תלמידים ווינשט ער זיך, פלינקע קעפּעלעך, עלוים... און דער דאָנערשטאָג זאָל אים ניט דערעסן... די רביצין זאָל אים ניט קראַצן אין אויער: אויף שבת און אויף שבת! האָט ער עס, קנעלט ער דאָרט ביי סאַמע־ראָדנע גבירים. האָט ער די בעסטע און שענסטע תלמידים, טאַקע גוטע שעפּעלעך... פאַשעט ער זיי מיט תורה! און עס וואַקסן פון זיי למדנים אַרויס, גרויסע למדנים, רבנים, צדיקים גרויסע... יעדן זמן לאָזט ער אַרויס אַ גאון, און דאָס איז זיין גן־עדן! אַ פּאָר מאָל אין יאָר קומען צו אים זיינע תלמידים צו גאַסט, דער רב, יענער רב, דער צדיק, יענער צדיק, שמעלצט ער זיך טאַקע אין זיי, זאָגן זיי אים: דאָס אַלץ האָבן מיר פון אייך, רבי! וואָס?

## סערל

(טרויעריק)

דאָס איז ניט פאַר אונז געדאַכט.

## גבריאל

פון אַ טאָקער האָט ער ניט גערעדט. דערציילט האָט ער נאָך וועגן אַ דין. עס איז געווען ערגעץ אין אַ שטאָט אַ דין, האָט ער געפסקענט שאלות, איז ער אָבער אַ גוטער

געווען, אַ בריליאַנט, אַ אוהב ישראל. „כשר״ פלעגט ער ענטפערן מיט אַ שמחה. ביי „טרפה״ האָט ער כמעט געוויינט, ער האָט געוואוסט, וואָס עס הייסט יידישער שאָדן, ווי שווער עס קומט עפּעס אָן! אַפילו ביי אַן ערדענעם טעפּל פלעגט ער וויינען! בפרט אַ הון אויף שבת, ווער שמועסט – פּסחדיקע כלים... האָט ער טאַקע געציטערט, אַז ער האָט געזען אַריינקומען מיט אַ שאלה! טאָמער, חס ושלום, וועט מוזן זיין טרף! און טאָג און נאַכט האָט ער גאָט געבעטן, נישט וועגן עשירות, נישט וועגן פּרנסה אַפילו, נאָר זיין ליבער נאָמען זאָל אים באַשערן סאַמע כשרע שאלות! און זיין ליבער נאָמען האָט אויסגעהערט זיין געבעט. זיצט ער דאָרט און פּסקעט שאלות, און קוועלט: וואָס אַ שאלה עס קומט, איז אַלץ כשר... כשר און כשר! און די שמחה זיינע איז גרויס אין לשער! נאָך יעדער שאלה גייט ער זיך אַ טענצל איבער דער שטוב... זינגט ער פאַר גרויס תּענוג... ווי אַ פויגעלע זינגט ער!

## סערל

(האַלב דערשראָקן)

**ווייסט, גבריאל, עפּעס אַ מין עולם-הדמיון?!**

## גבריאל

אַבי גוט! זאָל זיין אַן עולם הדמיון און אַז אַ ייד, זאָגט ער, איז אַ בעל-צדקה, אַ מכניס-אורח... אַ ייד, וואָס גיט נישט, אבי אָפּצוקומען און נישט מיט בזיון, נאָר טאַקע מיט אַ יידיש האַרץ, מיט אַ גוט אויג, ער האָט נחת דערפון, וואָס ער גוט... אַזאַ ייד – זאָגט ער – זיצט אויף יענער וועלט אין אַ גרויסער שטוב, אַ סאַליע מיט אָפענע טירן אין אַלע פיר זייטן... אויפגעפּראַלט! און אַ גאַנץ יאָר איז ביי אים פורים... צי חנוכה! און אַ געדעקטער טיש מיט אַלערליי שטרודלען, חלות מיט זאַפרען, פיש און פלייש, און פלוימען... הייבט משקה! און ער זיצט ביי אָפענע זעקער

געלט און טיילט, סאַמע גאָלדענע מטבעות טיילט ער און
רופט: עסט, רבותים, עסט און טרינקט! לחיים, לחיים! און
נעמט געלט. און דאָס מויל ווערט אים ניט מיד פון ווינשעווען,
און די האַנט ניט אָפּגעשוואַכט פון טיילן, עס וואַקסן אים
די כחות פאַר פרייד, זיי באַנייען זיך אים פון טאָג צו טאָג...
און אָרעמע לייט קומען אָן און גייען אַוועק, קומען און
גייען... קומען קומען זיי, בלאַסע, אויסגעמאַטערטע,
אויסגעדאַרטע אין פאַרמרה-שחורהטע, און אַרויס גייען זיי
פריילעך און לוסטיק, זינגנדיק און טאַנצנדיק... און ער
זיצט און קוועלט און שעפּט נחת, און עס וואַקסט אין אים
דערפון דאָס האַרץ... וואָס האָסטו זיך פאַרטראַכט, סערל?

## סערל

כ'ווייס? כ'קלער: וויפל מען דאַרף אָרעמע לייט,
אַ בעל-הבית זאָל האָבן אַ גן-עדן?

## גבריאל

אַ יידענע בלייבט אַ יידענע! גיב שוין בעסער וועטשערע!
(מאַכט ליכטיקער די לאָמפּ)

# ס'בּרענט

(איינאַקטער)

## פּערזאָנען :

שמריה — איבּער זיבּעציק .
חנה־רויזע — זיין ווייבּ , אַ יאָר צוויי און צוואָנציק .
דוד — שמריהס שטיף־זון .
אַ ייד — אין פענסטער .

אַ בעל־ביתישע שטוב מיט אַ טיר אין הינטער־גרונט אין קיך אַריין . אין קיך קענן דער טיר אין שטוב רעכטס , פון פאָדערגרונט און אַרויף אַ קאַמאָד , אַ פענסטער אין גאַס אַריין , אַ שאַנק און אין ווינקל — הויך אָנגעלייגטע זעק מיט תבואה , לינקס — אַ באַנק־בעטל הינטער אַ שפּאַנישן ווענטל , צום פאָדערגרונט צו אָפן ; צוויי הויך אויפגעבעטע בעטן , אין דער מיט , אונטער אַ הענגל־לייכטער — אַ טיש מיט שטולן אַרום .

צייט : צו תקון שבועות .

### דוד

(ליגט אויפן באַנק־בעטל)

### שמריה

(ענדיקט דאָס בענטשן)

### חנה־רויזע

(האָט געענדיקט, קוקט אומרוהיק צום שפּאַנישן ווענטל, דערנאָך צו שמריהן, נעמט זייער שטיל צוזאַמען די טעלער פון טיש, גייט אויף די נעגל צו דער קיך צו)

### שמריה

**אדני עוז לעמו יתן, אדני יברך את עמו בשלום!**

### א ייד

(קומט פון דרויסן צום פענסטער, וואַרפט אַן איראָנישן בליק צום שפּאַנישן ווענטל, זוכט מיט די אויגן חנה־רויזען אין קיך, שמייכלט; דערנאָך הויך צו שמריהן)

**גוט יום־טוב, ר' שמריה...**

### שמריה

(דרייט זיך צו אים אויס, אומרוהיק)

**גוט יום־טוב, גוט יאָר...**

### דער ייד

(מיט אַ בליק צום ווענטל)

**ליבער אייער גאַסט! נישט געגאַנגען אַפילו דאַווענען?**

## שמריה

אַזוי ליגט ער אין דער פינסטער... אַפילו צו דער סעודה נישט געגאַנגען. (פון צאָרן באַהערשט) אַ היים געקומען... אַ שותף צום הויז!

## חנה-רויזע

(וואָס האָט געוואַשן ס׳געפעס ביי דער קיך, זיך אויסדרייענדיק מיט פאָרוואורף)

שמריה!

## דער ייד

נו, אַ שותף איז ער דאָך... איר האָט עס געקויפט מיט זיין מוטער, עליה השלום, דאַכט זיך, אייער דריטע ווייב... בשותפות? (פויזע) איר גייט צו תקון שבועות?

## שמריה

אודאי, וואָס איז די שאלה?

## דער ייד

כ׳מיין, ווייל ס׳איז שפעט. (פויזע) איך גיי שויז, (אפ)

## שמריה

(נאָכלויפנדיק)

ברעך די פיס! (סאַפעט שווער, פאַררייכערט אַ ציגאַר, רופט) חנה-רויזע! (העכער) חנה-רויזעלע!

## חנה-רויזע

(אריינקומנדיק)

וואָס?

(בלייבט שטיין ניט ווייט פון טיר, ווישנדיק זיך גערוועז די הענט אָן פאַרטוך)

### שמריה

ווי געפעלט דיר מיין שטיף-זונדל און דיין שיער-נישט-געוועזענער...?

### חנה-רויזע

שמריה, ער הערט דאָך יעדעס וואָרט.

### שמריה

וואָס? נישט אמת? נישט געשדכנט זיך צו דיר? — אי״ה באַלד מוצאי יו״ט צאָל איך אים אויס זיין חלק און היידא!

### חנה-רויזע

אָבער וואָס האָסטו פון מיר געוואָלט?

### שמריה

פון דיר?

### חנה-רויזע

האָסט דאָך מיר גערופן.

### שמריה

און אַז כ׳האָב גערופן, גייט מען צו נענטער. הע? און ווען אַ יונגערמאַן רופט דיך?

### חנה-רויזע

(צוגייענדיק)

ס׳וואַסער ווערט מיר קאַלט.

### שמריה

מיר – דאָס האַרץ. (פּויזע) כ׳גיי צו תּקון שבועות!

### חנה־רויזע

(דערשראָקן)

גיי נישט! (כאַפּט זיך) כמאַרעס, ס׳וועט רעגענען...

### שמריה

(וואָס האָט אויף חנה־רויזען געקוקט אַ לאַנגע ווײַלע מיט קאַלטן חשד)

שאַדט נישט! כ׳בין נישט פון צוקער און כ׳שמעק דיר ניט, ווי צוקער! (נאָך אַ קורצער פּויזע, צאָרנדיק) און לייטן געלעכטער וויל איך נישט זיין... ס׳דאַרף קיינער ניט וויסן. הערסט?

### חנה־רויזע

(זיך קוים איינהאַלטנדיק פון וויינען)

קוועל ניט, שמריה, כ׳בין אַזוי קראַנק...

### שמריה

נו... נו? פּריצישקע קרענק, כ׳וויל זאָלסט דיך מאָרגן צו דער שול אָנטון. הערסט? זאָלסט מיר נישט פאַר־שטערן דעם יום־טוב, ווי פּסח! כ׳וועל דיר אַרויסגעבן די צירונג, דערנאָך וועסטו אַ תּירוץ האָבן: כ׳האָב דיך נישט געוואָלט וועקן! געם דיר אַרויס ס׳קלייד... ס׳בייז.

### חנה־רויזע

נאָך וואָס?

### שמריה

זאָלסט גיין אין שול אַריין, ווי אַ מענטש! ווי עס

פּאַסט פּאַר שמריה תּבואה-סוחרס. געגנוג חרפּות און בושות געהאַט פּסח! – געגאַנגען אין שול אַריין אין דעם אַלטן קליידל, אין װעלכן די קבצנישע קרובים האָבן זי אַרויסגע-פּאַקט! פון פּסח אַ תּשעה באב געמאַכט! און אפשר האָסטו זיך מיט עפּעס אַנדערש געפרייט.

## חנה-רויזע

איך? –

## שמריה

כ'וויס? געגנוג שמחה געהאַט, אַז דו האָסט אייגענע מצות געגעסן!

## חנה-רויזע

(איראָניש)

אייגענע!

## דוד

(שפּרינגט אויף, האַלט זיך קוים איין און זעצט זיך צוריק)

## שמריה

אַלץ נישט פון מעות חטין!

(פּויזע)

## חנה-רויזע

וואָס ווילסטו פון מיין לעבן?

## שמריה

וואָס ווילט איר פון מיין לעבן? שווייגסט?! כע-כע-כע. צנועה מיינע!... כ'בעט דיך, אַז דער הימל שפּאַלט זיך, וואָס וואָלסטו געבעטן?

### חנה־רויזע

דעם טויט!

### שמריה

(נאָך אַ פּרגוונדיקע פּויזע)

פֿאַר וועמען?

### חנה־רויזע

(אויסהאַלטנדיק דעם בליק)

פֿאַר מיר...

### שמריה

אַזוי! ביסטו נאָך טאַקע אַ כשר־ווייבל — קריגסט אַ מתּנה דערפֿאַר — צירונג. (עפֿנט דעם קאַמאָד, זוכנדיק) אַזוי, אַז מ׳איז אַ געטריי ווייבל! כע־כע־כע! (אַרויסנעמנדיק) שנירלעך פּערל!

### דוד

די ירושה פֿון ערשטן ווייב!

### שמריה

(גלייכצייטיק)

אַ פּריצה. (זיך אומקערנדיק צום ווענטל) וואָס ברומס ער דאָרט, דער אַפּיקורס? (צוריק צו חנה־רויזען). אַ פּריצה מעג זיי טראָגן. (צום ווענטל) אָנגעגעסן זיך מיט טרפֿות, ברומט אין אים! (צו חנה־רויזע) אַ קונציק שלעסל מיט אַ בריליאַנטל. (צום ווענטל) הערסט? געהאַט אַ דין־תּורה מיט אירע יורשים; מ׳האָט עס מיר צוגעפּסקנט! (צו חנה־רויזע) אַ כּראַבינע מעג עס טראָגן. נאַ, נעם, טראָג עס געזונטערהייט!

### חנה-רויזע

(נעמט און פאַרלירט פון דער האַנט אויפן טיש אַרויף די פערל)

### שמריה

אָסטראָזשנע! (זוכט ווייטער אין קאָמאָדע, אַרויסנעמענדיק) און אָט אוירינגלעך!

### דוד

(עטוואָס שטילער)

פון צווייטן!

### שמריה

אַפילו פאַרגרינט; נאָך יום-טוב אויספּוצן; קרייד ב"ה פעלט ניט, און אחרון, אחרון חביב — קאָנסט דאָך לשון קודש — ער האָט דאָך דיך געלערנט? — אַ קייט און אַ זייגער. (דרייט זיך אויס צום ווענטל צו, רעדט נישט עפּעס דוד).

### חנה-רויזע

שוין אַלע דריי ווייבער!

### שמריה

(דערהערט, דרייט זיך האַסטיק אויס)

פּאַסט דיר נישט? קיין איינציקע פון מיסט נישט אויפגעהויבן! אַלע חתונה-קליידער און נדן געהאַט. (אַרויסגייענדיק) פאַרשטעק דעם לאָדן, כ'וועל דיר צוקלאַפּן. (אָפּ)

### חנה-רויזע

(גייט צו צום פענסטער)

(פּויזע)

### שמריה

(פון דרויסן נאָכן צוקלאַפּן פון לאָדן)

שוין ?

### חנה-רויזע

(וואָס האָט דעם נאָגל פון האַנט אַרויסגעלאָזט , מעכאַניש)

שוין .

### דוד

(אָפּרוקנדיק דאָס ווענטל)

חנה-רויזע ! . . .

### חנה-רויזע

(דרייט זיך אויס דערשראָקן)

אָך ! . . .

### דוד

(אויפשטייענדיק)

ווילסט מיר אַפילו ניט ענטפערן ?

### חנה-רויזע

(אָטעמט שווער , אָפּרייסנדיק ס'שיכל פון האַלז)

מען טאָר נישט , דוד .

### דוד

(פאַרוואונדערט)

וואָס ?

### חנה-רויזע

כ'בין אַן אשת איש , נישט דאָס , וואָס געווען !

דוד

וואָס איז מיט דיר, חנה־רויזע?

חנה־רויזע

כאָטש דו קוועל מיך ניט, דוד!

(זי קאָן נישט אָפּרייסן דעם בליק פון בענטש־ליכטל, וואָס צאַנקט, טוקט זיך און פלאַמט אויף). ס'וויל נישט שטאַרבן... ס'וויל נישט אויסגיין... ס'מוז אָבער... אַלע מוזן! (דאָס ליכטל פאַרלעשט זיך מיטן לעצטן אויפפלאַמען)

דוד

חנה־רויזע!

חנה־רויזע

און אין מיר צאַנקט און צאַנקט די נשמה יאָרן־לאַנג, יאָרן־לאַנג!

דוד

(גייט אָפּ פון ווענטל)

קיין וואָרט פאַר מיר האָסטו נישט?

(גייט אויף און אָפּ איבער דער שטוב. פון זיין גאַנג צעוויגט זיך דער הענג־לייכטער. ביי דעם שוואַכן ליכט פון דעם קיך־לעמפל טאַנצן אַרום שאָטנס אויף די ווענט. חנה־רויזע יאָגט זיי נאָך מיט פאַרשטאַרטע אויגן. דודס טריט ווערן האַסטיקער און וועקן זי פון שווערע געדאַנקען, זי זעצט זיך און פאַרברעכט די הענט)

חנה־רויזע

שוין דריי טעג און דריי נעכט אַזוי... אויף און אָפּ, אויף און אָפּ! (כאַפּט זיך אָן ביים קאָפּ) משוגע צו ווערן! אויפן בלויזן האַרץ טרעט ער מיר!

דוד

(גייט צו צוםווענטל)

זאָגסט מיר עפּעס, חנה-רויזע?

חנה-רויזע

(איבערשראָקן)

ניין, ניין!

(פּויזע)

דוד

(נאָך אַ ווײַלע)

וואָס האָסטו מיר געטאָן, חנה-רויזע?! וואָס האָסטו אונז ביידע געטאָן?!

חנה-רויזע

(מיט אַ קוי, אָן אַ קלאַנג)

וואָס ווילסטו פון מיר, דוד! האָב דו רחמנות אויף מיר!

דוד

פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געגלויבט, חנה-רויזע!

חנה-רויזע

(ווי פריער)

קוועל מיך ניט, דוד — גאָט איז מיין עדות! אַ שוואַכע בין איך... האָסט מיך אַ רגע אַרויסגעצויגן פון דער פינסטער. דערנאָך, אַז דו ביסט אַוועק, בין איך צוריק אַריינגעפאַלן אין דער פינסטערניש! — זיי האָבן מיך לייכט איבערגעוועלטיקט, איבערגעדייבערט... זיי האָבן מיר אויפן קאָפּ פלעקער געשלאָגן! „נאָר געלערנט האָט ער דיך"...

דאָרט פעלן קיין כּלות ניט... „ער האָט דיר דען עפּעס צוגעזאָגט?!“ — „ער שרייבט דען?“

דוד

(עמפּערט)

כ'האָב געשריבן! חנה-רויזע, כ'האָב געשריבן!

חנה-רויזע

האָט מען אונטערגעשלאָגן!... און אין דער פינסטערער אָרעמקייט... ווייס איך? און יעדער ביסן ברויט האָט געשטיקט, יעדער טרונק וואַסער געוואָרגן! פון קראַנקע קינדערס מויל אַוועקגענומען... און דו ווייסט — אַ שוואַכע בין איך; אַ מענטש אָן בלוט... אַ פליג... איז געקומען די שפּין... (פּויזע) אַ שוואַכע פליג!

דוד

ווייל דו האָסט ניט געגלויבט, חנה-רויזע!

חנה-רויזע

אפשר... נאָר יעדער ביסן האָט געשטיקט, יעדער טרונק וואַסער — געוואָרגן... איז ער געקומען... אַרום און אַרום געשפּינט אַלץ, ארומגענומען! און דאָך בין איך איינע אַליין... איינע אַליין, אַ יתומה... און אָן כּח... בין איך אין פינסטערן קבר אַריינגעשפּרונגען, איך בין אַליין שולדיק... ווען אַ פּונק שכל... אַ פּונק... און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבן, אַ לעבן... שרעק, פּיין, עקל... און נעכט... נעכט! דוד, איך בין גענוג באַשטראָפט געוואָרן!

דוד

נישט דיין שטראָף וויל איך! באַפרייען וויל איך דיך, באַפרייען!

### חנה-רויזע

ניין, ניין, דוד! געשטאָרבן, באַגראָבן! כ'האָב מורא פאַר דיר, דוד! איך דאַרף דיך גאָרנישט הערן, דוד... עס איז אַ זינד... אַ שרעקלעכע זינד! ער האָט מיר גאַנצע נעכט פון ספרים אַרויסגעלייענט... פאַראַן אַ גיהנום... מען הענגט אויף בריסטן... איבער אָנגעצונדענע סמאָלע, כ'האָב מורא פאַר דיר, דוד! פאַר דער זינד, פאַר גאָט!

### דוד

(דערשראָקן)

וואָס האָט ער געמאַכט פון דיר, חנה-רויזע? וואָס טוט זיך עס? וואַרף פון דיר אַראָפּ זיין קללה, שאָקל דיך אָפּ, ווי פאַרכישופט ביסטו! וואָס טוט זיך מיט דיר, קרוין מיינע, חנה-רויזע, לעבן מיינס! נשמה מיינע!

### חנה-רויזע

(קוקנדיק שטאַר אויף די שאָטנס)

ניין, נישט דיינע, נישט דיינע! אַן אשת איש בין איך, שמריהס בין איך... ער האָט מיך געקויפט... גענומען אַריין אין זיין שפינוועבעריי און ער נאָגט און נאָגט... נישט דיינע בין איך... דיינע, דוד, לעבט שוין ניט... ער האָט זי באַזידלט, באַשפּיגן, פאַרמאוסט, דערנאָך מיט די דאַרע הענט געוואָרגן, מיטן אַלטן פייער אין די אויגן מיר פון לייב אויסגעבערענט. פאַרפאַלן!... ש מ ר י ה ס ווייב בין איך, אַן אשת איש... איך מוז אַנטלויפן פון דיר, דוד. (רוקט זיך הינטערווייַלעכטס אָפּ מיטן בייַנקל צו די זעק אין ווינקל) און קוועל מיך נישט, דוד! רעד נישט, זיי דו מיין מלאך המות ניט! מאַך מיך כאָטש ניט זינדיק! דיין קול איז אָנגעזאַפּט מיט זינד, דיין יעדעס וואָרט שטעכט מיך אין האַרץ, ווי אַ נאָדל... און איבער דער שטוב גייט ניט... איך טאָר אַפילו דיינע טריט ניט הערן! איך טאָר נישט און קאָן שוין ניט! איך האָב שוין קיין כח ניט און

אַזוי ווי דו גייסט, אַזוי טאַנצן אַרום מיר די שאָטנס אויף די ווענט, זיי קריכן צו מיר! שטעקן צו מיר אויס לאַנגע צונגען... לאַנגע דאַרע הענט! זעץ דיך אַנידער, דוד!

## דוד

(וועצט זיך אויפן באַנק־בעטל, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אין טיר)

און ווי לאַנג איז, אַז דו האָסט פאַר מיר קיין מורא ניט געהאַט... ווי לאַנג איז, אַז מיר האָבן זיך אַזוי טריי געזעגנט... אין סקוועד אויף דער באַנק, געדענקסט; אַ קלאָרע נאַכט געווען... געזעגנט האָבן מיר זיך. „מען וועט דיך אַרויסלאָזן", האָסטו מיך געטרייסט, וועסט צוריק קומען... אויפן אָנלען אָנגעשפּאַרט ביסטו געזעסן... אַ שוואַכע, אַ בלאַסע, און שטיל געשמייכלט האָסטו! אַ שטילער רוהיקער גלויבן האָט איבער דיין פּנים געשוועבט... האָסט אָנגעשפּאַרט דיין קאָפּ אָן מיין אַקסל; איך האָב דיך געקושט, און דיין פּנים האָט זיך גערויטלט, ווי אַ פרישער מאָרגנשטערן! און פון דיינע אויגן, פון דיינע גרונע טיפע שמאַראַגדן, זענען גאָלדענע שטראַלן אַרויס... געבליצט האָבן זיי... מיד ביסטו געוואָרן און אַראָפּגערוקט האָט זיך דיין קאָפּ אויף מיין האַרץ... „ווי עס קלאַפּט!" האָסטו קוים הערנדיק געזאָגט, און ווי זיס געציטערט האָט דיין קול... און איבער דיינע האָר, איבער דיין העבאַן־קרוין האָבן וואונדערלעכע גלאַנצן געציטערט. מיט אַ פאַרציטערטע האַנט האָב איך דיינע האָרנאָדלען אַרויסגענומען און דיין העבאַן־קרוין האָט זיך צעפלאָכטן, ביז צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט... איך האָב מיט דער פלאַכער האַנט דיינע האָר געגלעט... פונקען זענען מיר פון אונטער דער האַנט געפלויגן.

## חנה־רויזע

(וועקט זיך בעטנדיק)

שווייג, דוד, שווייג! דערמאַן ניט דאָס פאַרלוירענע! עס טוט אַזוי וויי!

### דוד

(מיט פאַרוואורף)

און מיר האָבן נישט גערעדט, חנה־רויזע! נאָר דו האָסט געוואוסט און געגלויבט!

### חנה־רויזע

איך האָב דיר דאַמאָלט געגלויבט, דוד, איך האָב מיך דאַמאָלט אין ליכטיקן שטרייף געבאָדן און אַ ליכטיקע נשמה געהאַט! דו ביסט געווען ביי מיר, מיין האַרץ האָט דיך אַזוי נאָענט געפילט, און מיין נשמה איז צו דיר געפלויגן, ווי פון ווינט און רעגן אַ שוואַכע טויב אין היימישן טויבענשלאַג אַריין!

### דוד

(דערפרייט)

דער טויבנשלאַג איז אָפן חנה־רויזע! דו ביסט מיין!

### חנה־רויזע

ניין, ניין! דיין חנה־רויזע איז געשטאָרבן... שמריהס אשת איש לעבט!... אין קבר לעבט זי, אין פינסטערן קבר... באַזידלט, באַשפּיגן... מיינע אויגן וואַרפן שוין קיין שטראַלן ניט, איך האָב זיי אויסגעוויינט... איך האָב שוין נישט קיין העבאַן־קרוין... אָפּגעשניטן האָט מען זי און ער האָט די האָר מיט די שטראַלן, מיט די גלאַנצן עמעצן פאַר אַ שייטל פאַרקויפט, איך טראָג אַ האָר־באַנד! פאַרלאָשן איז געוואָרן דער גאָלדענער שטרייף און אַ פינסטערניש האָט מיך פאַרשלינגען!

### דוד

איך וויל דיך צוריק אין דער ליכט אַריינציִען!

(פון דרויסן הערט זיך אַ ווינט, וואָס ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער, רעגנס ציטערט און קלאַפּט דער לאָדן)

ניין, ניין, דוד! — הערסט, איך האָב מורא, דוד!
איך שרעק מיך — פאַר דיר, פאַר אים, פאַר דער וועלט...
פאַר אַלע... נאָך מער פאַר גאָט!

## דוד

גאָט איז אַ גוטער, חנה רויזע.

## חנה־רויזע

(שאָקלט מיטן קאָפּ)

דיין גאָט, דער באַשעפער פון דיין וועלט... דיין וועלט איז פאַר מיר אַ גאָרטן מיט רויזן געווען... פלאַמענדיקע רויזן... און ווייסט אויך... און פיל בלויע, בלויע שטילע ברידערלעך... און בלוי איז געווען, און לייטזעליק דער הימל איבערן קאָפּ... מיט מיליאָנען לייטזעליקע אויגעלעך האָט גאָט אַראָפּגעקוקט אויף דער וועלט... און האָט אין גאָרטן די בלומען געבענטשט, און אַ ווינטל האָט אין גאָטס נאָמען געבלאָזן: ליבט אייך, ליבט! גאָט וויל אַזוי, גאָט הייסט אַזוי! אויף דעם האָט ער דעם גאָרטן געוויס באַשאַפן — דאָס אַלץ, דוד, איז חרוב ונחרב געוואָרן — אַן אשת איש בין איך — — — אַ פליג אין זיין נעץ, אין זיין נעץ, אין זיין שפינוועבס! און ער זיצט איבער מיר און יאָגט, און יאָגט... גאַנצענע טעג, גאַנצענע נעכט... ער האָט מיר די פריערדיקע נשמה אויסגענאָגט! און פון גן־עדן בין איך פאַרוואָגלט געוואָרן! — איך בין זיין, און אין זיין וועלט לעב איך, אין זיין גיהנום! און אונטער מיר ברענט דער גיהנום און איבער מיר איז אַרויסגעצויגן אַ קאַלטער שטיינערנער הימל... און אַרום מיר טאַנצן זיינע שאָטנס, זיינע שדים! גאַנצע טעג, גאַנצע נעכט האָט ער עס מיר בלאַס און פינסטער געמאַכט — און פון צווישן די שפּאַלטן פון אייזערנעם הימל קוקט אַראָפּ אַ בייזער גאָט! ער טרייסט ניט, ער שילט! ליבן הייסט ער ניט! מיט שאַרפע אויגן, ווי מיט בליצן פון חלפים קוקט

ער דעם אָרעמען מענטש אין האַרץ אַריין און פּאָרשט און שטראָפט — פאַר יעדער סעקונדע גליק שטראָפט ער! דער ווינט שטאַרקט זיך, הערסט! דאָס פּאָרשט ער! דאָס פרעגט ער! אַזוי רעדט ער צום אָרעמען פאַריתומטן, שוואַכן מענטש! פון שטורם אַרויס! (עם דונערט) און שוין! ער האָט אַ זונה געפונען און שטראָפט. אומר ועושה! —

### דוד

חנה-רויזע!

### חנה-רויזע

(מיט צאָרן)

שווייג, אַז ער רעדט! (דער ווינט רייסט אויף דעם לאָדן פון פענסטער רעכטס. עס באַווייזן זיך פלאַמען. מיט שרעק) פלאַמען קומען צו מיר, דוד, פלאַמען!

### דוד

(לויפט צו צום פענסטער ארוים, עס הערן זיך גלאָקן פון גאַס)

### חנה-רויזע

(שפרינגט אָפּ דינקס)

עס קלינגט! די טומאה קלינגט! דער גיהנום! נאָך מיין פאַרזינדיקער נשמה קלינגט מען... איך גיי פון דער וועלט! איך גיי און אָן אַ וואָרט אין מויל... אָן וידוי! און אַזוי פאַרזינדיקט, דוד, ראַטעווע מיך, דוד. (גייענדיק צו אים מיט אויסגעשטרעקטע הענט) נאָר דיך איינעם האָב איך אויף דער וועלט, נאָר דיך איינעם!

### דוד

(ווענדט זיך פון פענסטער, אוילט צו איר)

נישט ווייט ברענט!

**שמריה**

(אריינקומענדיק מיט צעשפרייטע הענט, וואָס לאָזן זיי נישט צוזאַמען קומען)
**דאָ, דאָ ברענט! ס׳גיהנום ברענט!**

(ראַשער פאָרהאַנג)